




# נאטיס.

1. נימאנד קען בעקומען מעהר וויא 1 בוך.
2. דער בוך מוז געהאלטען ווערדען אין דעם בעסטען ארדער.
3. דער וואס בארגט א בוך פון לייברערי קען ער עס נים פערלייהען צו א צווייטע פערזאן.
4. אם ענדע פון 2 וואכען צייט מוז דער בוך צוריק געבראכט ווערען אדער רענועט ווערען ביי דעם לייברעריען אויף נאך 2 וואכען.
5. ווען יעמאנד האלט א בוך לענגער וויא דיא בעשטימטע צייט, מוז בעצאהלען 2 סענט פיר יעדע וואך.
6. ווען דער בוך ווערט ביי יעמאנדען אין הויז צוריסען, פערשמוצט אדער פערלארען, זא מוז דער זעלבער מען בעצאהלען דעם פולען ווערטה פון בוך.

אים אויפטראגע פון

## דיא אפיסערס,

און דיא פראגרעסיוו לייברערי אסס'ן.

# דער טהורם פאן בבל.

## ראמאן

### אוים דעם אידישען לעבען, אין רוסלאנד.

— פאן —

## מ. זייפערט.

### א

ישראל גורלאַנד, דער אַלטער וויינשיינקער אין וודניצקער גאַס אין ווילנא איז ארומגעלאָפען איבער'ן צימער שטאַרק צוהיצט, זיין געזיכט איז געווען רויט פאַר כעס אונד זיינע אויגען האבען געשאָסען-פונקען פייער. נעבען טיש איז געזעסען זיין ווייב צירקע מיט רויטע פערוויינטע אויגען און געשטריקט אַ זאָק.

— „גענוג!“ — האָט ענדליך דער אַלטער גורלאַנד אויסגעשריען — „גענוג! דיא מאָס פון מיינע צרות איז שוין פולל! מעהר וויל איך פון איהר ניט ליידען. זיא האָט אונז שוין גענוג פערשוואַרצט דיא אויגען... היינט טרייב איך איהר ארוים פון מיין שטוב! זאָלל זיא גיין וואו זיא וויל אונד טאָהן וואס איהר האַרץ געלוסט...“ —

— „אונד וואָס וועסטו מיט דעם אויספיהרען“ — האָט צירקע איהם געענטפערט מיט אַ געוויין — „מיינסטו אַז דורך דעם וועט מאַטלע בעסער ווערן?“,

— „אם וויינגסטענס וועלן מיינע אויגען דיא צרות ניט זעהן!“ — האָט ער איהר געענטפערט — „שוין פון פופצעהן יאהר אַלט שלעפט זיא זיך אַרום גאַנצע נעכט מיט קלעזמערס, מיט שכור'ע אָפיציערען, אין אַללע שיינקלאָך אַרום שטאָדט איז זיא פולל... יעצט האָט זיא געקראָגען אַ נייעם חבר... מאָריטץ ריטענבערג דעם קאַרטענשפיעלער, דעם קישעניק, וואס האָט צוגעבראַכט מעהר וויא העלפט פון זיינע יאָהרען אין געפענגנים, אונד היינט האָט מען מיר געבראַכט דיא גוטע בשורה אַז זיא זיצט צוזאַממען מיט איהר מאָריטצקען אין פאָליציא פאַר אַ גנבה. ניין, היינט מוז דאס א ענדע נעהמען, אַ רחמנות אויף אונזערע איבריגע קינדער, איך האָב איהר געשיקט ארויסנעהמען פון פאָליציא, אונד גלייך וויא זיא קוממט, טרייב איך איהר אַרויס פון מיין הויז“ —

אין דער מינוט האָט זיך דיא טהיר

פון צימער האַסטיג אויפגעמאַכט אונד
מאַטלע איז אַריין געגאַנגען.

דאס איז געווען אַ מיידיל פון אַ יאָהר צוואַנציג, הויך געוואַקסען, מיט א בלייכען אבער שיינען אונד פרישען געזיכט, מיט לעבעדיגע שוואַרצע אויגען אונד געדיכטע שוואַרצע האאר, זיא איז מיט האַסט אין צימער געקומען אונד האָט אָנגעהייבען גיך צו ריידען.

— ,,איך וועל דאס דעם קוואַרטאַלנעם פאָליצמאַן געוויס ניט שיינקען! איך לויף שוין צום פאָליצמייסטער! פאַר וואס האָט ער מיך אַרעסטירט... פאַר וואס...“ —

— ,,פאַר וואָס?“ — האָט זיך ישראל אָבגערופען — ,,ווייסטו דען ניט אז אללע גנבים אַרעסטירט מען? וואָס דען האסטו ערוואַרטעט זיך אַרומשלעפענדיג מיט מאַריטצקען?“ —

— ,,טאַטע!“ — האָט זיא מיט כעס אויסגיעשריען — ,,איך בעט דיר, דוא זאָללסט זיך אין מיינע עסקים ניט מישען... איך בין שוין ניט קיין קליין ק־ד... איך קען שוין מיין שטעדטיל אלליין בעשטיין...“ —

— ,,גוט“ — האָט זיך דער אַלטער גורלאנד אָבגערופען מיט א פעסטער שטימע — ,,גוט, איך וועל דיר ניט מעהר שטערן!... טהו מיט דיין מאָר טצקען וואָס דוא ווילסט, נאָר ניט בייא מיר אין הויז... געה, דאָ איז שוין מעהר ניטאָ פאר דיר קיין פלאטץ!“ —

עס האָבען ניט געהאָלפען קיין טורען אונד קיין געבעט, אונד אין ד זעלבען טאָג האָט מאַטלע געמוזט פ לאָזען איהר פאַטערס הויז אונד איז או אימער פערשוואונדען פון ווילנא...

ב

צווייא יאָהר זיינען פאַרבייא פון דעם טאָג אין וועלכען מאַטלע גורלאַנד האָט פערלאזען איהר פאַטערס הויז.

אין ,,באלשאָי טהעאַטער“, אין פעטערסבורג, ניט ווייט פון דער ביהנע איז געזעסען אַ יונגע דאַמע פון אונגעפעהר 23 יאהר, הונדערטע אָפערנגלעזער זיינען געווענדעט פון אַללע זייטען אויף איהר געריכטעט. דיא דאַמען האָבען שטודירט איהר וואונדערבאַרע רייכע טואלעטע, אונד דיא הערען האָבען בעוואונדערט איהר זעלטענע שענהייט. זיא האָט שטאָלץ געקוקט אַרום זיך אונד איהר גאַנצער אויסזעהן איז געווען ריכטיג וויא זיא וואָללט פון קינדהייט אָן פערקעהרט אין דער גרויסער עלעגאַנטער וועלט.

— ,,דאס איז עפעס א נייער שטערן אויף אונזער הימעל!“ — האָט זיך אָבגערופען איין אַלטער הערר צו אַ יונגען אָפיציער —

— ,,ניין, זיא איז גראַדע קיין גאַנץ נייער שטערן“ — האָט דער יונגער אָפיציער געענטפערט — ,,דאס איז נ אַ ד י ע ז ש ד אַ ג ר י ג אָ ר י ע וו נ אַ, דעם גראַף טורטשאַניגאָוו'ס געליעבטע! זיא

איז שוין בייא איהם מעהר וויא אַ יאָהר. דער אַלטער גראַף שיט אויף איהר אוים יאַנצע הויפענס גאלד ! —

— ,,דער אַלטער האט אַ פיינעם גוסט, חלעבען ! אָבער וואו האָט ער איהר אויסגעזוכט ? —

— ,,דאס ווייס מען ניט, מען זאָגט, אז דער אַלטער גראַף האָט איהר מיט געבראַכט פון פראָווינץ, אונד אז זיא איז אַ אידעשע מיידיל פון אָרימען אונד ניעדריגען שטאַנד, דער אַלטער פערספענדט אויף איהר זיין גאַנצען פערמעגען !'' —

— ,,אונד וואס זאגען זיינע קינדער דערצו ? עס וועט דאָך פאַר זייא ווייניג ירושה בלייבען'' —

— ,,אָ, בייא דעם גראַף'ס קינדער זיטצט זיא וויא אַ ביין אין האַלז, זייא האָבען פיעל מאָל פראָבירט איהר ארוים צו פטרן, אָבער זייא קענען גאָר ניט אויספיהרען, דער אַלטער האָט זיך צו איהר צוגעקלעפט וויא אַ פליעג צו אַ שטיקעל צוקער !'' —

אין דעם אויגענבליק האט זיך דער פאָרהאַנג אויפגעהויבען, אַללע אויגען האבען זיך געווענדעט צו דער סצענע, אונד דיא צווייא העררען האבען זייער אונטערהאַלטונג אונטערבראָכען. עס האָט געזונגען דיא בעריהמטע פאַטטי, אונד אַללע האָבען וויא צו געשמידטע צו געהערט דיא וואונדערבאַרע טענער וואס האָבען זיך געגאָסען פון איהר וויא פון אַ מוזיקאַלישען אינסטרומענט.

דיא איינציגע וואס האָט גאָר ניט אכטונג געגעבען אויף דער ביהנע איז געווען נאַדיעזשדאַ גריגאָריעווּנאַ, זיא האָט מיט אונגעדולד געקוקט אין אַללע זייטען, וויא זיא וואָללט יעמאַנדען געזוכט, ביז זיא האָט דערזעהן לעבען זיך שטעהן אַ יונגען מאַן זעהר שעהן געקליידעט, נאָר מיט אַ בלייכע אויסגעהולטעוועטע געזיכט.

— ,,אַך, מאָריטץ !'' — האָט זיא מיט פרייד אויסגעשריען — ,,איך האָב דיך געזוכט !'' —

— ,,איך האָב דיך אויך געזוכט, מאַטלע !'' — האָט ער איהר געענטפערט — איך האָב היינט געהאַט אַ שלעכטען טאָג !'' —

— ,,שוין ווידער פערשפיעלט ?''

— האט אונזער מאַטלע גורלאַנד מיט אונצופרידענהייט אויסגערופען —

— ,,יאַ, גאַנצע צווייא טויזענד רו בעל !'' — האָט ער געענטפערט מיט אַ זיפץ — ,,איך האָב געגעבען אַ פּאאר פאַלשע וועקסלען... דער סליעדאָוואַטעל זוכט מיך איך קען חאפען עטליכע יאָהר סיביר. גיב מיר עטוואס געלד, איך מוז וואס צום גיכסטען אַוועק פון דאַנען...'' —

— ,,זעהסטו מאָריטץ, איך האָב דיר אימער געזאגט, דוא זאָללסט קיין פאַלשע וועקסלען ניט מאַכען, היינט זעהסטו, אז סוף גנב לתליה ! נאָר, נאַ

דיר צוויא הונדערט רובעל, מעהר האָב איך ניט, אבער זאג מיר וואו ווילסטו פאהרען?" —

— „נאך קאוונא" — האט ער איהר ענטפערט — „דאָרטען וועל איך נעהמען אַ פאַספּאָרט אונד וואוהיין איך וועל פון דארטען פאהרען, וועל איך דיר שרייבען" —

— „שרייב מיין ליעבער!" — האט זיא אויסגערופען מיט אַ וויינע צערטליכע שטיממע — „מיר דארפען אונז ניט פערלירען... אונזער ליעבע וועט אונז נאך אַ מאל פעראייניגען..." —

— „דאס איז מיין איינציגער וואונש מיין טהייערע!" — האט ער איהר געענטפערט אונד האט איהר האנד געדריקט — „נון, פערבלייב רעכט וואהל געזונד! אין גיכען וועל איך דיר שרייבען..." —

דאַרויף איז ער פערשוואונדען געווארען פון טהעאַטער. זיא האט גאר ניט בעמערקט דעם אויסדרוק פון שפּאָט אויף זיין געזיכט, אַלס ער האט איהר דיא לעטצטע ווערטער געזאגט.

אום צוועלף אוהר ווען דיא אפּעראַ האָט זיך געענדיגט איז זיא געפאהרען אין גראַף'ס קאַרעטע אַ היים צום גראַף'ס פּאַלאַסט, אַלס זיא האט זיך שוין אָנגעפאַנגען אויס צו קליידען האט זיא געהערט אַ קלאַפּ אין טהיר, אונד דער יונגער גראף איז אריינגעקומען.

איהר האָט אָנגעפאנגען צו שווידערן, זיא האָט פערשטאַנען. אַ דער בעזוך פון דעם יונגען גראַף האָט קיין גוטעס פיר איהר צו בעדייטען.

— „נאַדיעזשדא גריגאָריעוונא!" — האָט זיך דער יונגער גראַף אָבגערופען — „מיין פאטער איז טויט, מיט דרייא שטונדען צוריק איז ער געשטאָרבען פון אַ פּאָפּלעקסיע, איך בעט אייך אַלזאָ, נאך אין ד י ז ע ר ש ט ו נ ד ע אונזער הויז צו פערלאַסען" —

— „מיין גאָטט! וואס זאָלל איך יעטצט טהאָן! וואוהין זאָלל איך מיך ווענדען!" – האָט מאַטלע אויסגערופען אין דער גרעסטער פערצווייפלונג אונד האָט איהר געזיכט פערדעקט מיטביידע הענד.

דער יונגער גראַף האט אויף דעם טיש אַוועקגעלייגט אַ פעקיל פאפיר געלד.

— „דאָ האָט איהר טויזענד רובעל, נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונאַ!" — האָט ער צו איהר געזאָגט — „דאס גיב איך אייך מיט דעם בעדינגונג, אז איהר זאָללט נאך היינט פעטערסבורג פערלאָזען!" —

אין אַ שטונדע אַרום איז מאַטלע גורלאַנד שוין געווען אויף'ן וועג נאך קאוונא, וואו זיא האָט געהאָפט זיך צוזאַממענצוטרעפען מיט מאַריטץ ריטטענבערג.

ג

אין א יאָהר אַרום געפינען מיר אונזער פאאר מאַטלע גורלאַנד אונד מאַריטץ ריטענבערג, אין קאוונא.

מאַטלע איז געזעסען מיט פערוויינ-
טע אויגען, אונד מאָריטץ איז אַרומגע-
גאנגען איבערן צימער מיט אַ פינסטערן
געזיכט, מען האָט געקענט זעהן, אַז
צווישען זייא ביידע האַנדעלט זיך אין
דער מינוט וועגען אַ וויכטיגען געגענ-
שטאנד.

ענדליך איז ער געבליבען שטעהן
אונד האט אויסגערופען:

--- „מאַטלע, הער אויף צו וויינען,
מיט טרעהרען קען מען גאָר ניט מאַכען,
מיר געפעללט דער שידוך דורכאויס ניט.
ער איז אַ אַלטער פאַנאַטישער איד, איהר
וועט ניט קעננען שטיממען, עס וועט
צווישען אייך קיין שלום ניט זיין, אונד
דיין גאַנצער לעבען וועט זיין ביטטער.
נאָר אז דוא וויללסט דורכאויס בין איך
מסכים!" ---

--- „ניט איך וויל, נאָר איך מוז,
מאָריטץ!" --- האָט זיא איהם געענט-
פערט --- „איך בין שוין צוויא מאָנאַט
שוואַנגער, אונד איך מוז דיא שאנדע
פערדעקען, איבריגענס איז דאס קיין
שלעכטע פארטיא, ער איז רייך אונד
דאס איז פאר מיר דיא הויפטזאכע, אין
איין יאָהר וועל איך איהם מאכען צו
טאַנצען נאך מיין פייפעל, אויך אונזער
קינד וועט בעסער זיין בייא רייכע על-
טערן. נאר איך מוז זיך איילען, ער קען
זיך נאך אַרום זעהן אין וואס פאר אַ
לאַגע איך געפין מיך יעטצט, אונד
דאַרום האָב איך אָבגעלייגט דיא חתונה
גלייך אויף דיא נעכסטע וואָך" ---

--- „איך בין צופריעדען" --- האָט
ער זיך אָבגערופען --- „דאָס וועניגסטענס
דיר אונד אונזער קינד וועט גוט זיין. איך
מיינער זייטס מוז אַוועקפאָהרען, דיא
פאָליציייא זוכט מיר ווייטער. נו, זייא
מיר געזונד, מיין טהייערע ליעבע מאַט
לע" ---

מיט דיזע ווערטער האָט ער איהר
פעסט אומגעאַרעמט; זייא האבען זיך
עטליכע מאָל צוקושט, אונד דאן אי ער
אוועק! ---

ד

## נאָך דער חתונה.

דיא שטעדטיל ס... אין ליטא איז
אבטצעהן אָדער צוואַנציג יאָהר צוריק
געוועזען אַ שטעדטיל וויא אַלע אונזערע
ליטוועשע שטעדטליך. איהרע אידישע
איינוואוינער האבען געלעבט פון קליינ-
האַנדעל, זיא האבען פערקויפט אַללער-
לייא מיני סחורות אין קליינע קרעמלעך
אונד קלייטלעך, געהאַלטען שיינקען, גע
נומען קליינע געשעפטליך פון וועלכע
זייא פלעגען זעהר אָפט פערדיענען
גרויסע געלד, אנדערע האבען געהאל-
טען אַכסניות אונד גאָר אַנדערע הא-
בען געלעבט פון זייערע פראָפעסיאָנען.
דיא קאָנקורענץ איז צו יענער צייט ניט
געוועזען אזוי גרויס וויא אין היינטיגע
צייטען, אויך דיא הוצאה איז יעמאָלט
געוועזען בעדייטענד קלענער אַלס היינט

דארום האט דיא שטעדטיל געבליהט
אין איהר מאַטעריעללען צושטאַנד אונד
זיא האט זאָגאַר געקענט אויפוויזען
עטליכע גבירים אונטער איהרע איינ=
וואָהנער.

פון בילדונג אונד פון ציוויליזאַציאָן
האט זיא נאך ניט געוואוסט. דיא
שטראהלען פון דיעזע צווייא נייע
שטערן אויף דעם הימעל פון דעם רוס־
סישען יודענטהום, האבען צו יענער
צייט ערשט אין דיא גרויסע שטעדט
אַריינגעדרונגען, דיא קליינע שטעדטליך
אָבער זיינען נאך געווען איינגעוויקעלט
אין דעם שלייער פון אַלטערטהום. דיא
אידעשע איינוואָהנער פון ס... האבען
נאך געלעבט מיט דיא אַלטע מנהגים
מיט זייערע אַלטע אידעען, איין האַלבען
טאָג האבען זייא פערבראַכט אויף עבודת
הבורא אונד דעם אַנדערן האַלבען טאָג
אין געשעפט. האט נאָר איינער פון
דיא יונגע אָבגעטרעטען אַ האָר אָן אַ
„זייט", האט ער בעקומען רסוק אברים..

דיא קליינע געשעפטליך בין אָדם
לחברו אונד דיא קהל'שע ענינים'ליך,
האט מען על פי רוב אָבגעמאַכט אין
בית-המדרש צום דאַוונען. דאָרטען האט
מען פערקויפט אונד געקויפט תבואה,
דאָרטען האט מען זיך געביטען מיט
פערד מיט צוגאָב אָדער אָהן צוגאָב,
דאָרטען האט מען זיך אויף גענויא
געקענט דערוויסען דעם קורז פון רוסישע
געלד אין אויסלאנד, אונד דאָרטען האָט
מען געקענט בעקומען דיא שטאָרטנייע
פריש אונד צאַפּלענדיג פון דער ערשטע
אונד בעסטער קוועללע.

דיא ווייבערשע שול האט אום שבת
אונד יום-טוב אויסגעזעהן וויא דיא רע=
דאקציאָן פון אַ גרויסע צייטונג אונד
יעדע אידענע, וואס איז געקומען דאוונען
איז געוועזען א רעפּאָרטער פון אַ בע-
זונדערן געגענשטאַנד. איינע האט גע-
בראַכט אַ פוללע רעכנונג פון אללע נייע
קליידלעך, מאַנטלען אונד ציפּקעס, וואס
מען האט אין שטעדטיל אין דיא וואך
אויפגענייט, דיא אַנדערע האט געוואוסט
וויע פיעל אונד וועמענס בהמות עס
האבען זיך אין דיא וואָך אָבגעקעלבט,
דיא דריטטע האט דערלאנגט דעם ראַפּ-
פּאָרט, ווער עס האט דיא וואָך פער-
זעטצט איהרע ציערונג אונד ווער עס
האט צוריק אויסגעלייזט, דיא פיערטע
האט געוואוסט וואס דיא גאַנצע שטעדטיל
האָט א גאַנצע וואך געקאָכט וועטשערע,
בייא וועמען דער געבראָטענס איז גע=
ווען צו געברענט אונד בייא וועמען
דיא זופּ האָט געשמעקט מיט רויך,
דיא פינפטע איז קלאר געווען אין אַללע
חטאים וואס איז „פאַרלאָפען" אין
שטעדטיל אונד זיא האט זייא אין דער
רעדאַקציע פון דער ווייבערשען שול
איבערגעגעבען מיט ל"ב פרושים. דיא
רעכטע אַרבייט האבען דיא ווייבער
געהאַט צו חורת הש"ץ אָדער צו קריאת
התורה, דאַי פלעגען זייא דיא גאַנצע

קראַפּט פון זייערע צינגער ענטוויקעלן אונד זייא פלעגען ערשט דאַן שטילער ווערן, ווען דער שמש פלעגט אויסשרייען ,,שאַ !''

אָבער היינטיגען שבת האט דער שמש כמעט זיין ,,שאַ !'' גאָר נישט גע-קענט אויכפּיהרען. אין דער ווייבערשער שול איז געווען אַזאַ טומעל, אַזאַ לאַרם, דאָס דער בעל-קורא איז שוין דריי מאָל געבליבען שטיין אין מיטען לייענען.

— ,,אַך !'' — האט מיט כעס אויס-גערופען דער מורה-הוראה פון שטעדטעל אונד מיט דיא אויגען האט ער געוויזען אויף דער ווייבערשער שול. —

— ,,שאַ ! שטיללער זאָלל זיין !'' — האט דער שמש אויסגערופען אונד האט אַ פּאַטש געטאָן אויף דעם סטענ-דער. —

עס האט וויעדער ניט געהאָלפען. דיא ווייבער האָבען ניט געוואָללט וויססען, ניט פון דער שול, ניט פון דעם רב, ניט פון קריאת התורה, ניט פון שמש, דען דיא נייעס איבער וועלכע מען האט גערעדט האט דיא גאַנצע ווייבערוועלט פון ס... זעהר אויפגע-ריהרט.

— ,,דאָס איז אונז אַללעמען אַ פּאַטש אין פּנים !'' האט געשריען אַ דיקע אידענע מיט אַ געגאָלטען שטערן אונד מיט אַ האַלזבאַנד פּעריל אויף איהר שוואַרצע האַלז — ,,זיא האט אונז מבייש געוועזען ! שטייץ, וואו איז דאס געהערט געוואָרען, אז אַ יונגע ווייבעל דעם ערשטען שבת נאך דער חתונה זאלל זיך ניט לאזען פיהרען אין שול אַריין ? !'' —

— ,,אויף אייך רביצען איז חל, אז איהר זאָללט בייא דעם רב — זאָלל געזונד זיין ! — אויספּיהרען, אז מען זאלל דיא ליידאַצקע קנסנן !'' — האט זיך איין אַנדערע געזאָגט צו דער רביצען.

— ,,קינדערלעך !'' — האָט זיך דיא רביצען אָבגערופען — ,,איהר לאָזט ניט ,,לייענען'', איהר האט שוין דרייא מאָל איבערגעשלאָגען קריאת התורה !''—

— ,,אַה, אייך האַרט דאס גאָר ניט !'' — האָט זיך וויעדער איין אַנדערע אָבגערופען — ,,איהר חנפט איהר ווייל זיא איז אַ נגידה, ווייל זיא איז הערצעל לעווענבערגס ווייב ! איהר האט מורא, אז הערצעל לעווענבערג זאלל ניט מבטל זיין דיא קאראָבקע פון הייוען, ווערט איהר ניט האבען אייערע שכירות !'' —

— ,,קינדערלעך !'' — האט דיא רביצען געענטפּערט — ,,מיר חנפן קיינעם ניט, בייא אונז זיינען אַללע אידען גלייך ! נאָר זאָגט מיר קינדערלעך, וואס קענען מיר הערצעל לעווענבערג'ן טאָן ? פּאַר וועמען האט אזעלכער מורא ? ער איז בייא אונז דער גרעסטטער נגיד אונד ער הערט אונז אַללעמען וויא די גרויע קאַטץ !'' —

— ,,עס איז טאַקי דיא העמד צו

פערקויפען, נאָר אַ נגיד צו זיין !״ — האט זיך חיה די רופא׳טע אָבגערו־פען — „וואס פאר אונזער ברודער איז אסור, איז דעם נגיד מותר !״ —

— „אָבער וויא קומט דאָס אז הערציל לעווענבערג זאלל נעהמען אַזאַ מרשעת פאַר אַ ווייב ? ער איז דאָך אַ איד אַ למדן, אַ ירא שמים, זיין ערשטע ווייב, פעלטע בריינינקע, עליה השלום, איז דאָך געוועזען אַ וואהרע צנועה !״ —

— „מען דאַרף מאַקי יענע אויס־גראָבען פון קבר אונד ד י א בעגראָ־בען ! ווער ווייס ? אפשר געהט זיא אין די איינענע האָר אויך ? אז בייא איהר קען רעכט זיין דעם ערשטען שבת נאך דער חתונה ניט געהן אין שול, קען מען שוין אויף איהר אללעס גלויי־בען !״ —

— „נישט־קשה ! מיר וועלען נאך דערלעבען צו זעהן וויא הערצעלע לע־ווענבערג וועט אונטערשערען זיין בערר־דיל, אונטערהאַקען זיין ראָק אונד וועט אָנשטעלען אַ סאַמאָוואַר אום שבת, וויא דער דאָקטאָר וואס האט פאר אַ יאהרען בייא אונז געוואוינט...״

— „אָבער וואו האָט דאס הערצעלע לעווענבערג בעקומען אַזאַ כשרה מציאה ? ווער איז דאס געוועזען דער טהייערער שדכן ?״ —

— „דערש דוך איז גאָר אָהן אַ שדכן געוואָרען... ער האט געשעפטען בייא רעגיערונגס געביידען אין קאָוונא... דאָרטען האט ער דיא מציאָה געפונען אונד האט איהר צוגעחאַפּט מיט ביידע הענד !״ —

— „אזוי ? גאָר אָהן אַ שדכן ? גוטע יאָהרען זיינען אויף אונז אויפ־געשטאַנען עס איז שוין רעכט צו טאָן שדוכים גאָר אָהן שדכנים ! גאָטט ווייס וואָס מיר וועלען נאך אין אונזער דור דערלעבען !״ —

— „אונד איך בלייב בייא דאָס מיינינע !״ — האָט זיך איינע אָבגערו־פען — „אַז אונזער רב וואָללט געוועזען אַ ר ע כ ט ע ר האָט ער געדאַרפט אַריין שיקען אַ חרם צו הערציל לע־ווענבערג אין שטוב !״ —

— „אָהאָ ! דוא ביזט אַ בריה אונטערן איוויען !״ — האט איהר איין אַנדערע געענטפערט — „אָט גייא, הייב זיך אָן מיט הערציל לעווענבערג, ער וועט פון דיר מיט דיין מאַנן מאַכען אַ קבר !״ —

אין דער מינוט איז געוואָרען א גרויסע בעוועגונג צווישען דיא ווייבער. אַ קליינע אידענע, אַ שוואַרצינקע, אַ דאַרינקע, מיט בלויע ליפּעלעך, מיט שטעכעדיגע אויגען, האט זיך האַסטיג דורכגעקוועטשט דורך דיא ווייבער פון אונטען צום „אויבען אָן״, זיא האט זיך אנידערגעשטעללט האַרט בייא דער אידענע, וואס האט ערשט איהרע רייד געענדיגט אונד זיא האָט אויסגערופען מיט אַ קוויטש :

— „בעזובושניצע! בעזחרפה'טני־צע! דוא האסט נאך אויך אַ העזה צו ריידען? וואס דרייט דיר דער מוח ענגען מיין שוועסטערקינד? צואַ יאָהר זאלסטו האבען, וואס פאַר אַ שיינעם בן יחיד דוא האָסט!... אַז מען האט קינדער אין דיא וויעגען, דאַרף מען לאזען לייטען צופרידען!..." —

— „נוא? וואס איז דיר דאָ מיין בן יחיד אַזוי ניט געפעללען, מיין ליעבהאַרציגע טויבע רייכעלע?" — האט איהר יענע צוריק געפרעגט.

— „ציה מיר ניט פאַרן צונג!" האט טויבע רייכעל געענטפערט — „וואָס דאַרפסטו זוכען פרעמדע חטאים, זוך בעסער צו פערדעקען דיינע איי־גענע!" —

— „וועלכע חטאים?" — האט דיא אידענע אויסגעשריען אונד איהרע אויגען האבען אויפגעבליטשט — „זאָג, אַדרבה, לאָמיך אויך וויסען! וואָס האָט דאָ מיין זוהן אַזוינס געטאָן? ער איז אָן געקוממען אין ווילנא אין ראַבבינערשול? אַביא ניט געשמדט!" —

— „ער האַלט שוין ברוך השם דערביא!" — האָט איהר טויבע רייכל געענטפערט — „פון דער ראַבבינער־שול ביז שמד איז ניט וויט... איך האָף, אַז ער וועט, אם ירצה השם, ביא אונז אַראָבנעהמען דיא לייכטער פון טיש אַם שבת!..." —

— „ניט זוכה וועסטו זיין!" — האָט זיך דיא בעליידיגטע מוטטער אָבגעריסען אונד איז מיט איהרע אַללע פינף גראָבע אונד רויטע פינגער אריינגע־פאָהרען אין טויבע רייכעלס באַק. טויבע רייכעל האט אַ שופּ געטהאָן אויף איהר געגנערין אונד אין איין סעקונדע זיינען אויף איהרע דאַרע אונד שוואַרצע פינגער געבליבען היינגען דער פּאַרוק אונד דיא הייבעל פון איהר געגנערין, וואָס איז געבליבען שטיין אויף איהר אָרט אין מזרח־וויאַנד מיט איהר גע־גאָלטען קאָפּ. דיא צווייא קריעגערישע ווייבער האָבען באַלד בעקומען פער־בינדעטע אונד דיא מלחמה איז געוואָרען אין איין אַללגעמיינע. דיא מלחמה האָט געברענט אויבען אָן לעבען דער רביצען, אין מיטטען שול אונד אין דיא „פּאָלעס".

עס איז געוואָרען אַ געשרייא, אַ לאַרעם, אַ געפּילדער, אַ קוויטשערייא, גלייך וויא הונדערט סטאַדעס גענז הויבען אָן צו שרייען ווען זייא דערזועהען אַ פוקס פון וויטען, דיא מאַנסביללען האבען געקלאַפּט אונד געפּאַטשט אויף זייערע סטענדערס, דער שמש איז הייזעריג געוואָרען שרייענדיג „שאַ!" עס האָט ניט געהאָלפען, ביז דער שטורם האָט פון זיך אַליין אויסגעשטורמט...

## ה

צור זעלבען צייט, אין וועלכע עס זיינען אין דער ווייבערשער שול גע־פלויגען, הייבלעך, פּאַרוקעס אונד ציפּקעס אין דער לופט אונד געגאָלטע קעפּ, רויטע באַען, צובלוטיגטע גע־יכטער פייערדיגע אויגען, האבען

אומגעשפרונגען פון איין כטענדער צום צווייטען — איז דער נגיד פון שטעדטיל, הערציל לעווענבערג געזעסען מיט זיין נייע ווייב אין דעם גרויסען רייך אויס־געפוצטען זאַל פון זיין גרויסע הויז אין מיטטען מאַרק אונד האָבען צווישען זיך געהאַלטען אַ געשפרעך, וואָס האָט גאָר ניט געקלונגען וויא אַ געשפרעך צווישען אַ יונגע פּאָר פּאָלק אין דיא ערשטע טעג נאך זייער חתונה.

הערץ לעווענבערג, אַ מאַן פון אונגעפעהר פערציג יאהר אַלט, איז נאך געווען פריש, געזונד אונד שטאַרק. ער איז געוועזען הויך געוואַקסען, מיט אַ שיינעם געזיכט, מיט אַ גרויסע שוואַר-צע באָרד, נאָר זיינע אויגען האבען אויסגעזעהן וויא פערשלייערט אונד זיין בליק וויא פערשלאָפען. אין גאַנצען האָט ער געקענט גילטען פאַר אַ שיינעם מאַן, ווען ניט זיין אונגליקליכער, האָרבע-וואַטער נאָז, וואס איז געלעגען אין זיין מיטטען געזיכט וויא אַ גרויסער פראַגע-צייכען, וואָס האָט,דאַכט זיך, געפרעגט: ,,וואָס האָב איך געהאַט צו אַזאַ שיינעם פנים ? פאַר וואָס האָב איך איהם מיאוס געמאַכט ?'' אין זיינע קליידער איז גע-לעגען יענער תוהו ובוהו, יענע מישונג פון אייראָפּייאישען שניט מיט יא ריינע, ספּעציאַלע אידעשע טהצט, וועלכע מען האָט געזעהן אויף אונזערע ליטוועשע אידען אין יענער ציט, ווען זייא האבען נאך ניט געוויסט אויף קלאָר, צו וועל-כען לאַגער זייא זאָללען צושטיין אונד האָבען זיך געקליידעט, אין צוויא טראַכ-טען כדי יוצא צו זיין לכל הדעות.

זיין יונגע ווייב אונזער בעקאַנטע מאַטלע גורלאַנד, אָדער דיא עלעגאַנטע נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונאַ, איז געווען אָנגעטאָן אין איין עלעגאַנטען ראַפּער פון ווייסען אַטלאַס מיט ראָזאַבענדער אויף איהר ברוסט, אין איהרע אויערן האבען געפינקעלט טהייערע אויררינגלעך פון עכטע ברילליאַנטען אונד איהר שוואַרצע האָר זיינען מיט גרויס קונסט פערפלאָכטען געוועזען. זיא האָט אויס-געזעהן פריש, יונג, שטראַהלענד, בלי-הענד, צופריעדען, נאָר אין איהר מינוט האָט זיא מיט איהרע שטעכענדע אויגען עפּעס וויא פערדריסליך געקוקט אויף איהר מאַנן אונד איין קוים בעמערקבאַ-רער איראָנישער שמייכעלע האָט זיך געשפּיעלט אויף איהרע פרישע, זאַפטיגע ליפּפּען.

אויף דעם טיש איז געשטאַנען אַ סאַמאָוואַר מיט גלעזער, וועלכע דיא ליסטליכע דיענסטמיידיל האָט ערשט ניט לאַנג אריינגעטראָגען. נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונאַ האָט שוין איהר טהייא אויסגעטרונקען, נאָר הערציל האָט זיך צו זיין גלאָז ניט צוגעריהרט.

— ,,נוא ? דוא ווילסט טאַקי ניט טרינקען שבת'דיגע טהייא, פיאָדאָר איוואַנאָוויטש ?'' — האָט זיא צו איהם געזאָגט אונד האָט זיך דערבייא אָנגע

גאָסען נאָך אַ גלאָז טהייא —
זיא האָט דעם נאָמען „הערצעל" איבערגעלייגט אויף „פיאָדר" אונד זיין פאטערס נאָמען „גרונם" אויף „איוואַן". קיין ריכטיגערע איבערזעטצונג האָט זיא ניט געוואוסט.

הערצעל אָדער פיאָדר איוואַנאָוויטש, איז אַרומגעגאַנגען אין זאַאַל מיט אַ פערוואָלקענטען פנים. ער האָט אַללע זיינע קרעפטען אָנגעווענדעט איהר איינצורײדען, זיא זאָלל געהן אין שול, זיא האָט אָבער דערפון ניט געוואָללט הערען אונד כדי מען זאָלל איהם אין שול ניט אויסלאַכען, איז ער אויך געבליבען אין דער היים אונד האָט געמוזט צוזעהן, וויא דיא קריסטליכע דינסט-מיידעל, וועלכע זיין ווייב האָט מיט געבראַכט פון קאָוונא, האָט אָנגעשטעלט דעם סאַמאָוואַר אונד האָט איהם דערלאַנגט צום טיש וויא אין מיטטען וואָך. זיא האָט איהם דערלאַנגט אַ גלאָז טהייא, נאָר ער האָט זיך דערפון מיט שרעק אָבגעזאָגט, ווייל ביז יעטצט האָט ער נאָך אין זיין גאַנצען לעבען קיינמאָל ניט מחלל שבת געוועזען. זיא האָט איהם אויסגעלאַכט, האָט איהם אָנגערופען: „קלויזניק! שויד!" אונד האָט נאָך אַ מאָל איהם געבעטען טרינקען טהייא. ער אָבער האָט אויף איהר אַ קוק געטאָן אונד האָט געזאָגט:

— „דוא פערלאַנגסט פון מיר צו פיעל! איך קען ניט מיין ליעבע מאַטלע!" —

דער איראָנישער שמייכעל איזט פלוצלונג פון איהר געזיכט פערשוואונדען געוואָרען אונד איהרע אויגען האָבען אויפגעבליטצט אין אַ העהלישען צאָרן.

— „פיאָדר!" — האָט זיא אויסגערופען אונד איהר שטיממע האָט פון כעס געציטטערט — „וויא פיעל מאָל האָב איך דיר געזאָגט, אז מען רופט מיך ניט מאַטלע, נאָר נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונאַ! נאַ־דיעזש־דאַ גרי־גאָר־יעוו־נאַ, הערסטו? אונד ווידער האסטו שאן פערגעסען, אז איך האָב דיר פיעל מאָל געבעטען, אז דוא זאָללסט מיט מיר ריידען רוססיש, איך וויל פון אייער שמוטציגע שפראַך ניט וויססען!" —

— „האָב קיין פּאָראיבעל ניט נאַד... נאַדאַד... נאַדיעזשדאַ הריהאָרעוונע!" — האָט ער איהר געענטפערט אויף חינעזישע רוססיש — „ערגער דיך ניט מיין לעבען, איך האָב פערגעסען, דוא האסט מיר היינט מיט דיין ניט גיין אין שול מיין קאָפּ צו דרייט... מיר זיינען דאָך אידען..." —

— „איך וויל פון דיינע שולען ניט וויססען!" — האָט זיא זיך אָבגערופען. — „איך בין אויף דעם ניט געהאָדעוועט געוואָרען. איך האָב דיר דאס אַלץ פריהער פאַר דער חתונה געזאָגט אונד דוא האסט דער צו מסכים געוועזען!".

— „אמת טאַקי, מאַ... נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונאַ" — האָט'ער איהר געענטפערט אונד אַ שווערער זיפץ האָט זיך

אין דער שטילל פון זיין ברוסט ארויכגע-גאַנגען — „אָבער עס איז מיר שווער מים איינמאל זיך אָבצוגעוויהנען אונד אז מיר וואוינען אין אַ קליין שטעדטיל צווישען פרומע אידען מוזען מיר...“ —

— „מיר מוזען?“ — האָט זיא איהם האַכטיג איבערגעשלאָגען — „וואס הייסט: מיר מוזען? ווער קען דאָס אונז צווינגען, אַז מיר זאָללען נאָכטאַנ-צען דיא נאַרישע קליינשטעטעלדיגע אי-דען אין זייער פאַנאַטיזמוס?“ —

— „אָבער וואָס וועט דיא וועלט זאָ-גען, אז מיר וועלען לעבען אונד זיך אויפפיהרען וויא דוא פערלאַנגסט?“ — האָט ער איהר שוין מיט אַ ביסעל מעהר מוטה געפרעגט — „אז מיר וועלען זיך אזוי אויפפיהרען וויא דוא ווילכט, וועט קיינער מיט אונז קיין מגע ומשא ניט האָבען אונד דאָס וועט זייער שטאַרק שאַדען אונזערע געשעפטען, וואָרום וויא דוא ווייסט, בין איך אין האַנדעל פער-בונדען נאָר מיט אידען!“ —

--- „אונד ווער הייסט דיר האַנדלען נאָר מיט אידען?“ --- האָט זיא איהם צוריק געפרעגט --- „איז פאר דיר דיא וועלט צו קליין? עס זיינען גאָטט צו דאַנקען דאָ גרויסע שטעדט וויא פּע-טערסבורג, מאָסקוואַ, וואו לייט נעה-מען גרויסע פאָדראַדען אונד פערדיענען מאַססען גאָלד!“ ---

--- „אונד דאס רוב לייגען זייא צו דען לעצטען גראָשען!“ --- האָט ער איהר געענטפערט --- „ניין, מיין טהייע-רע נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונאַ! איך דאַרף נים געהן זוכען דיא גרויסע גלי-קען, כל זמן מיר געהט דאָ גאַנץ גוט. נאך מיין ערשטע חתונה האָב איך אין גאַנצען געהאַט קוים דרייא טויזענד רו-בעל, נוא האט מיך גאָטט געבענשט, איך האָב מצליח געווען אין מיינע עסקים אונד יעטצט האָבען מיר אָהן איין עין-הרע אַרום אַכטציג טויזענד רובעל! דאס איינציגע, וואס מיר האָט געפעהלט איז געווען אַ קינד. מיין גליק איז נים גע-וועזען פולל... איך האָב ניט געוואוסט פאַר ווערען איך האָרעווע אונד פאַר וועמען איך קלייב מיין עשירות, ווער וועט מיך ירשנען, נאָר יעטצט זעה איך, אז גאָטט פיהרט דיא וועלט אונד איך וועל נאך דערלעבען צו האלטען אַ קינד אויף מיינע הענד!“ ---

— „פּיאָדאָר! וועגען דעם מעגסטו שאָן זיבער זיין!“ — האָט זיך נאַד-יעזשדא גריגאָריעוונאַ אָבגערופען אונד האָט מיט אַ קאָקעטטע בעוועגונג איהר קאָפּ אַראָפּגעלאָזען, אזוי וויא זיא וואָללט זיך פערשעמען — „איך פיהל מיך צייט צווייא וואָכען שוואַנגער... איך האָב מיך ביז יעטצט געשעמט דיר דאָס צו זאָ-גען...!“ —

—— „שוין? אין אַ גוטע, אונד אַ מזל׳דיגע שעה!“ — האָט ער אויסגע-רופען אונד דיא פרייד האָט זיך אין אַללע פאַרבען אויף זיין געזיכט אויסגע-

מאָלט — „אָ, וויא גליקליך בּין איך! וויא דאַנק איך דיר, גוטער גאָטט, פאַר דער גרויסער מתנה! איטצט וויים איך צו וואס איך לעבּ אויף דער וועלט. איטצט וויים איך, אַז מיין מאַטערנעם וועט ניט גיין לאבּוד! זעה, מיין האַרץ, מיין קרוין, שאַנעווע זיך, היט דיין געזונד, ערגער דיך ניט, עס זאָלל בּעהיטע גאָטט דעם קינד ניט שאַדען!...״ —

— „אונד איך פרייא מיך מ י ט ד ע ם גאָר ניט, פיאָדאָר!״ — האָט זיא מיט אַ געקינסטעלטען זיפץ געענט-פערט —

— „שטייטץ דוא פרעהסט זיך מיט דעם גאָר ניט?״ — האָט ער אויסגערו-פען אונד אין זיין שטיממע האָט זיך געהערט דער קלאַנג פון אַ בּיטטערן פאָרוואורף — „וואס רעדסטו, נאַדיעזש-דינקע? גאָטט איז מיט דיר, גריגאָר-וינקע! דער מאַן דיך, וויא גליקליך מיר וועלן זיין, אַז מיר וועלן אַ קינד האָבּען!״ —

— „אָבּער דאס קינד וועט זיין העכסט אונגליקליך!״ — האָט זיא איהם גע-ענטפּערט אונד האָט דערבּייא געמאַכט אַ טרויעריגע מיענע —

— „וואס איז מיט דיר, גריגאָרוויג-קע?״ — האָט ער אויסגערופען אונד האָט איהר מיט העכסט פערוואונדערטע אויגען בּעטראַכט — „בּיזט דוא בּיים זינען? איך פערשטייא דיר ניט! זאָג מיר, מיין ליעבּע נאַדיעזשדינקע, פאַר וואס וועט דאס אונזער קינד זיין אונגליק-ליך? מיר זיינען, לויבּ גאָטט, גענוג רייך, וואס וועט, בּייא אונזער רייכ-טהום, אונזער קינד פעהלען?״ —

— „אַז ער וועט זיך דאַרפען האָדע-ווען אין אַזאַ שמוטציגע שטעדטיל צווי-שען אַזעלכע שמוטציגע מענשען וויא היגע אידעלעך זיינען, איז ער שוין גענוג אונגליקליך!״ — האָט זיא איהם גע-ענטפערט אונד האָט געמאַכט אַ גרימאַ-סע, גלייך וויא זיא וויל אנהייבּען וויינען.

ער האָט דיא גרימאַססע אין איהר געזיכט בּעמערקט אונד ער האָט זיך שטאַרק דערשראָקען. ער האָט אין זיין אונוויסענהייט געגלויבּט, אַז געוויין קען איהר שאַדען דאַרום האָט ער געזוכט איר מיט אַללע מעגליכקייטען צו בּערוהיגען אונד ער האָט איהר זעהר פריינדליך גע-ענטפערט:

— „אָ, מיין ליעבּע נאַדיעזשדינקע, בּיז דאס קינד וועט ווערען גרויס, האָבּען מיר נאָך גענוג צייט, וואָס קענען מיר וויסען, וואָס עס וועט זיין אין עטליכע יאָהר אַרום. איך זאָג דיר צו גריגאָר-ווינקע, אַז אין עטליכע יאָהר אַרום וועלן מיר אריינציהען וואוינען אין אַ גרויסע שטאָדט, ווען גאָטט וועט אונז נאָר הלפען!״ —

— „אַזוי אין עטליכע יאָהר אַרום?״ — האָט זיא זיך אָפּגערופען מיט אַ וויינערליכע שטיממע — „אַזוי ליעבּסט

דוא מיך דאָס? אונד ביז אונזער קינד וועט גרויס ווערן, וועל איך דאָ מוזען פערשוואַרצט ווערען צווישען דיינע שמוציגע אידעלעך? יעטצט פערשטייא איך שוין, אַז דוא האָסט מיט מיר חתונה געהאַט נאָר צו ליעב קינדער אונד פאַר מ י ר האַרט דיך גאָר נישט!"

— „מאַט... נאַדיעזשדינקע!" —

האָט ער אויסגערופען צו איהר צוגעהענ־דיג אונד איהר מיט ביידע אָרעמס אַרומ־נעהמענדיג — „וואָס איז מיט דיר היינט געשעהן? וויא קענסט דוא זאָגען, אַז איך ליעב דיך ניט? ווייסט דוא דען ניט אַז איך ליעב דיך? ווייסט דוא דען ניט אז איך ליעב דיך מעהר וויא מיין גאַנצען לעבען? אז דוא וועסט מיך הייסען פאַר דיר דעם טעלעריל פון הימעל בעקוממען, וועט דאס מיר אויך ניט שווער זיין, אָבער דאס וואס אונמעגליך איז, דאַרפסט דוא פון מיר ניט פערלאַנגען. דוא קענסט ניט פער־לאַנגען, אַז מיר זאָללען יעטצט פון דאַ־נען אַרויספאָהרען אין אַ גרויסע שטאָדט, מיר וועלען דורך דעם אונזער גאַנצען פערמעגען פערליערען אונד גאָטט ווייס צו וואָס מיר וועלען קומען!..." —

דיא עטליכע וואָכען, וועלכע נאַד־יעזשדאַ גריגאָריעוונאַ האָט מיט איהר מאַנן פערלעבט אין קאָוונא נאָך דער חתונה האָבען איהר גענוג אויסגעלערנט וויא מיט איהם צו האנדלען אונד דורך וועלכע מיטטלען זיא קען איהר וויללען אונד איהרע קאַפּריזען בייא איהם אויס־פיהרען. זיא האָט איהם שוין אין דער קורצער צייט פעסט אַריינגענומען אין איהרע הענד אונד ער איז שוין געוועזען איהר שקלאַף. אַלס זיא האָט יעטצט זיינע לעטצטע ווערטער דערהערט, האָט זיא זיך האַסטיג פון זיינע אָרעמס אַרויסגע־ריסען אונד האָט וויינענדיג אויסגערופען.

— „ניין! איך וועל דאָ ניט בלייַ־בען! איך וועל קראַנק ווערן! איך וועל מפיל זיין! איך וועל שטאַרבען! איך ווילל נאָך לעבען! פאַר וואָס קומט מיר דאס אז איך זאָלל אַוועקגעהן אַ יונגע פון דער וועלט?!..." —

אונד זיא איז האַסטיג אויפגעשטאַ־נען, אונד איז אַוועקגעגאַנגען אין איהר קליינעם קאַבינעט אונד האט הינטער זיך פערשלאָססען דיא טיהר.

דער נייגעבאַקענער פּיַזדאָר איוואַ־נאָוויטש האָט אין זיין פּעיצווייפלונג ניט געוואוסט וואס צו טאָן. ער האָט זיך געפונען צווישען צוויא פלאַממען אונד האָט ניט געוואוסט צו וועלכע זאָלל ער זיך ווענדען, נאָר איינס האט ער גע־וואוסט אז סוף כל סוף וועט ער זיך אונטערוועבען אונטער איהר וויללען, דער ווייל האָט ער נאָר געוואָללט צייט געווינען אונד בלייבען וואוינען אין ס... אזוי לאַנג, וויא עס וועט איהם מעגליך זיין.

ו

אין עטליכע מאָנאַט אַרום האָט נאַד־יעזשדאַ גריגאָריעוונא געבוירען אַ טאָכ־טער. הערצעל לעווענבערג איז געוועזע

גליקליך, אז זיין הייסעסטער וואונש איז ערפילט געוואָרען אונד ער האט דער־לעבט צו האָבען אַ קינד אויף זיינע עלטערע יאָהרען. אין שטעדטיל האבען אללע דאס נייגעבאָרענע קינד אָנגערו־פען: „זיעבעלע", דאָס הייסט: אַ קינד, וואס ווערט געבאָרען צום זיע־בענטען מאָנאַט.

ער איז בייא איהר בעטט געזעסען, האָט איהרע צאַרטווייסע הענד, איהר מאַרמאָרגלאַטטען שטערן אונד איהרע פעכשוואַרצע האָר בעדעקט מיט הייסע קוססען, פריידענטהרערין האבען גע־פלייצט איבער זיין געזיכט, אַלס ער האט אויסגערופען:

— „נאַדיעזשדינקע! מיין גליק, מיין לעבען, מיין שווארצאפפעל פון מיין אויג! דוא האָסט מיך גליקליך גע־מאַכט! דוא האָסט מיר דעם לעבען געשענקט! יעטצט וויים איך פאר ווע־מען איך דארף האָרעווען!" —

נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונאַ האָט מיט אַ גרימאַסע פון עקעל אונד פון פעראַכ־טונג איהרע הענד פון דיא זייניגען אַרויסגעצויגען אונד האָט זיך אָבגערו־פען:

— „נוּא, יעטצט וועט אָבער שוין אויך זיין אַ ענדע פון מיינע צרות.... איך בין דאָ אין דיין שמוטציגע שטעד־טיל געבליבען וואוינען נאָר איבער מיין שוואנגערשאפט, אָבער מעהר וועל איך דאָ ניט בלייבען. איך זאָג דיר, פיאָ־דאָר, וועסט דוא וועלען מיט גוטען פון דאַנען ארויסציהען אין אַ גרויסע שטאָדט איז רעכט, ווען ניט, וועל איך צונעהמען דאס קינד אונד וועל פון דאַנען אַוועק־פאָהרען!" —

— „זייא רוהיג מיין לעבען!" — האט ער איהר געענטפערט — „דוא וועסט שוין אזוי פיעל ניט ליידען! איך האב שוין אללע מיינע היגע געשעפטען אָבגעשלאָססען אונד קיין נייע האָב איך ניט געמאכט, אין אַ מאָנהייט אַרום וועט אין באברויסק זיין אָקשענס אויף גרויסע פאָדריאַדען אין דעם באברויסקער פעסטונג. איך וועל אַהין פאָרען און ווען דער געשעפט וועט בלייבען בייא מיר, וועלען מיר ארויספאהרען וואוינען אין באברויסק" —

— „איז דאָרטען דאָ אַ טהעאַטער? אַ קלוב? קריסטליכע אריסטאָקראַטיע?" — האָט זיא איהם געפרעגט —

— „דאָרטען שטעהט אַללע מאָל אַ גאַנצער קאָרפוס מיליטער. געוויס איזט דאָרטען דאָ אַ טהעאַטער אונד אַ קלוב" — האָט ער איהר געענטפערט —

— „נוּא, דערווייל איז דאס בעסער אלס דיין שמוטציגע שטעדטיל!" — האט זיא זיך אָבגערופען — „נאר דאס מוז איך דיר זאגען, פיאָדאָר, אז ווען מיר וואָללטען אריין וואוינען אין אַ פעטערסבורג, מאָסקווא, ווארשויא, אדעססא, אָדער קיעוו, וואָללט איך פיעל מעהר צופריעדען זיין!" —

— „בייא גאָטט איז אלץ מעגליך, נאַדיעזשדינקע !“ — האָט ער איהר גע-ענטפערט — „אז ער וועט מיר צושיקען אַ פּאָר גוטע געשעפטען וויא איך מיין, זאָג איך דיר צו ארייננצוציהען אין יעדער שטאָדט, וואו דוא וועסט וועלען !“ —

— „אָט אזוי, פיאָדאָר !“ — האָט זיא זיך אָבגערופען אונד האט איהם אלס געשענק צוגעוואָרפען אַזאַ וואַרעמען בליק, דאס זיין געזיכט האט זיך אין איהם אָנגעצונדען וויא קעראָסין פון אַ פונק פייער — „אזוי ביזט דוא מיר אַ מענש, אונד עס איז שוין טאקי צייט אז דוא זאללסט שוין אויך פערשטיין וואס א וועלט איז !“ —

ער האָט זיך אָבער מיט דעם קאָמפּלימענט ניט געפרייט אונד אַ שטיללער זיפץ האט זיך ארויסגעריסען פון זיין ברוסט. ער איזט פון יוגענד אָן געוועזען איין עהרליכער, פרומער איד, ער איז מיט דער רעליגיאָן צוזאַממענגעוואַקסען, ער האט זיך פון זיין יונגע ווייב געלאָזט דרעססירען וויא מען דרעססירט אַ פערד, נאָר ווייל ער האט קיין איי-גענעם וויללען ניט געהאַט, האָט ער אללעס געטאָן, וואס זיא האט איהם געהייסען, אָבער אין האַרצען האָט ער געטראָגען אַ טיעפע ווּאונדע, אין שטיל-לען האט ער געטרויערט נאך דעם ריי-נעם אידעשען לעבען, נאך דיא אלטע מנהגים, פון וועלכע ער האט זיך גע-מוסט אָבזאגען. ער האט זיך אלליין בעטראַכט אין זיינע נייע קליידער, פאר איין קאָמעדיאַנט אונד דער נאמען „פיאָדאָר איוואַנאָוויטש“ האט איהם זיין הערץ געשניטטען וויא אַ שאַרפער מע-סער. „וויא קום איך צו זיין אַ פיאָדאָר איוואַנאָוויטש ?“ פלעגט ער זיך פרעגען, אָבער ער האט זיינע שמערצען טיעף אין זיין ברוסט בעגראָבען, ער האט מורא געהאט זייא ארויס צו ווייזען. אום דאס געשפרעך אויף איין אנדער טהעמא צו ברינגען, האט ער איהר געפרעגט :

— „זאָג מיר, מיין ליעבע נאַדיעזש-דינקע, וויא מיינסטו אונזער טאָכטער א נאמען צו געבען ? בייא אונז אידען איז אַ מנהג, אז דער נאמען פון דאס ערשטע קינד, געהערט צו דער מוטטער !“ —

נאדיעזשדא גריאָריעווּנא האט אַ פּאָר מינוטען געטראַכט, דאן האט זיא גע-ענטפערט :

— „מיר ווילען איהר אַ נאָמען געבען : ט ה ע ר ע ז אַ !“ —

---„טאַ-רע-סאַ ?“---האט ער פערוואונ-דערט אויסגערופען---„וואס איז דאס פאַר א ניימאָדנער נאמען ?“

—„ניט טאַרעסאַ, נאָר טהע-רע-זאַ !“ האט זיא איהם לאַכענדיג געענטפעדט, „אין אידעש הייסט דאס תרצה !“

—„נוא, פאַר וואָס זאָלל מען איהר ניט רופען נאָר פראָסט : תרצה ?“—האט ער געפרעגט.

—„ווייל טהערעזאַ קלינגט פיעל שע-

נער פאַר תרצה!"—האט זיא געענט-
פערט—„אַט הער זיך נאָר צו וויא דאס
קלינגט: טהע-רע-זאַ פיאָד-ראָוו-נאַ! אַ
פראַכט!"

---„ווייא איז מיר געשעהן, דאס איז
דאָך גאָר אַ גויעשקער נאָמען!"---האט
ער אין זיין פערצווייפלונג אויסגערופען.

---„שוין ווידער? דוא הויבסט שוין
ווידער אָן?---האט זיא זיך אָבגערופען
אונד אויף איהר געזיכט האט זיך געוויזען
יענע גרימאַססע פאַר וועלכע דער נארי-
שער הערצעל האט אַזויא מורא געהאַט
---דיר פערדריסט אז איך בין געזונד,
ווילסטוא איך זאָלל קראַנק ווערן?"

ער האט זיך געוועהרט וויא וויית זיינע
קרעפטען האבען איהם ערלויבט אונד
האט זיך ענדליך אונטערגעגעבען.

---„זאָלל זיין וויא דוא ווילסט, נאַ-
דיעזשדינקע!"---האט ער צו איהר גע-
זאגט---„זאָלל שוין זיין טהערעזאַ, מאַר-
יאַננע, אנאטהע, אָדער קאַראָלינאַ, נאָר
זייא רוהיג און עסס דיר ניט אָפּ דיין
האַרץ!"

## ז

## צוואַנציג יאהר שפּעטער.

צוואַנציג יאָהר זיינען פערגאנגען
פון דעם טאג, אין וועלכען נאדיעזשדאַ
גריגאָריעוונאַ, אָדער מאַטלע גורלאנד,
האָט געבאָרען איהר טאכטער טהערעזא.
אין דיעזער קורצען צייט, האט דאס
רוסישע יודענטהום בעקומען איין גאנץ
אנדער אויסזעהן, איין גאנץ אַנדערן
פנים. דיא גוטע קערנער, וואס אונזע-
רע אַלטע משכילים האבען געזייט
אין דעם יודענטהום, האבען אָנגעהויי-
בען ארויסצושפּראָצען, דיא פעלדער
דעם יודענטהומס האבען זיך אין איין
אָרט בעדעקט מיט פרישען און זאַפטיגען
גרין, שעהנע, פרישע אונד פאַרבענ-
רייכע בלומען; אין אַנדערע ערטער
אבער האבען, שלעכטע אונד אונווי-
סענדע גערטנירער געפלאַנצט שלעכטע
אונד שעדליכע קרייטאכער, וואס האבען
זיך אין אַ קורצע צייט אזוי שטאַרק
פערמעהרט, דאס זייא האבען דיא
שעהנע בלומען אין גאַנצען פערדעקט...

אונזערע אלטע משכילים, אונזערע
עכטע פאטריאָטען האבען געזוכט איינ-
צופלאנצען דיא ריינע ציוויליזאציאן און-
טער דיא אידען, יענע ציוויליזאַציאָן,
וואס געהט האנד אין האנד מיט דיא
ריינע רעליגיאָן, זייא האבען געזוכט
דיזע צווייא ערהאַבענע אידעען צו פער-
אייניגען, דעם יודענטהום אויסצובעסערן,
אויסצולייטערן, אויסצועדלען, דיא
נייערע „משכילים" אבער האבען ער-
פונדען נייע גאָטטער, נייע אידעען אונד
נייע היילגטהימער. זייא האבען געפו-
נען, אז דיא אלטע אידעע, וואס האט
שוין אָבגעלעבט עטליכע טויזענד יאָהר
אונד איהרע העללע, בעלעבענדע
שטראַהלען האבען בעלייכטעט אַללע
פינסטערע ווינקעלען, דיעזע הייליגע

אידעען, האבען זייא געזאגט, זיינען שוין צו אלט, צו שוואך, דאס זיא קען שוין אונז אידען מעהר ניט בעפריעדיגען, דארום האבען זייא געזוכט איהר אבצו-שאפפען. נאר ווייל א נאציאן קען ניט עקסעכטירען אהן א רעליגיאן, מאן מוז האבען איין „עטוואס", ארום וואס דיא נאציאן זאלל זיך מאראליש דריי-הען, זא האבען זייא אנגעהויבען צו זוכען א נייע רעליגיאן, א נייעם גאטט, אונד זייא האבען אויסגעפונען א ניימאד-נעם גאטט מיטן נאמען „אסםימי-לאציאן", דאס הייסט: מיר אידען מוזען זיך זא פערשמעלצען מיט דיא איבריגע פעלקער, אונטער וועלכע מיר לעבען, דאס מיר זאללען מיט זייא ווע-רען איין קערפער, איין גוף אונד איין נשמה אונד אויב מיר וועלען דאצו זאגען „נעשה ונשמע", וועלען מיר האבען דעם שכר אויף דער וועלט, דאס הייסט: מען וועט אונז געבען גלייכע רעכטע, וועלכע מיר, אלס מענשען, דארפען צו אונזער עקסיסטענץ זא נעהטהיג האבען, וויא לופט צום אט-העמען. געגען דיעזער אידעע האט שוין קיינער נישט געקענט איינווענדען.

עס איז געווארען א גרויסע בעווע-גונג אין דעם רוסישען יודענטהום. מעהר אלס פינף אונד זיעבעציג פראצענט פון דיעזע קליינינקע אונד שוואכע מוראש-קעלאך אדער מילבען זיינען ארויסגע-קראכען פון זייערע לעכער, האבען אנגעהויבען צו שלעפען בויא־מאטעריאל, אום דעם הויכען טהורעם אויפצובויען, דורך וועלכען מען זאלל קענען גרייכען צו דעם גאטט אסםימילאציאן. אונד וויא בייא דעם טהורעם פון בבל, אזויא אויך דא איז באלד זא צומישט געווא-רען דיא שפראך פון דיא אייפריגע בויא־מייסטערם, דאס זייא האבען איינער דעם אנדערן ניט פערשטאנען;

א טהייל האבען גערעדט רוסיש, א טהייל דייטש, אדער פראנצייז, איינער האט געשריען מען זאלל איהם דער-לאנגען ציגעל, האט מען איהם דער-לאנגט ליים, דער אנדערער האט גע-בעטען צעמענט, האט מען איהם גע-געבען שטיינער, אונד דאך זיינען דיא בויא-מייסטערם ניט מיעד געווארען אונד מען האט דעם טהורעם אלץ העכער אונד העכער געבויט, ער איז שוין ווירקליך אזוי הויך געוועזען, דאס פיע-לע האבען שוין געגלויבט, זייא זיינען שוין נאהענט פון ציעל אונד זייא קענען שוין דערלאנגען דעם טעלעריל פון הימעל... זייא האבען ניט געוואוסט, דיא אונגליקליכע, דאס דער מבול וועט באלד קומען אין דער געשטאללט פון פאגראמען אונד וועט זייא אללעמען פערפלייצען!...

שרעקקליך איז צו יענער צייט גע-וועזען דיא לאגע פון דיא אלטע אונד שוואכע „אידעשקייט". גאנצע פיערציג יאהרהונדערטער האט זיא זיך געהאל-

מען פעסט אויף איהרע פיס, אין דעם פערלויף פון פיער טויזענד יאהר איז זיא ניט אלט געוואָרען, קיין גרויעס האָר האט זיך געוויזען אויף איהר. קאָפּ, קיין איינציגער קנייץ אין איהר גלאטטעם געזיכט, פיעלע פון איהרע מילכשוועס־טער, וואס האבען מיט איהר צוזאממען בייא איין מוטטער געזויגען, זיינען שוין לאנג אַוועק פון דער וועלט, גראָז איז שוין אויסגעוואַקסען אויף זייערע קברים; זיא אלליין איז דורכגעגאנגען אללע פייערן אונד אללע וואססערן אונד איז אַרויסגעקוממען גאַנץ, אָהן אַ שום פּעה־לער, אָהן א שום מום, אָבער אין דיא לעטצטע צוואַנציג יאָהר האט זיא פער־לאָרען איהרע גאנצע לעבענסקראפט. זיא איז געוואָרען אַלט, שוואך אונד קראנק. מען האט איהר ארויסגעטריבען פון איהרע וואוינונגען, וואו זיא האט זיך אַזאַ לאנגע צייט געפיהלט היימיש, צופריעדען, וואו מען האט איהר גע־האלטען מיט אזוי כבוד, יעטצט האט מען זיך מיט איהר בעגאַנגען וויא מיט איין אלטע שוויעגער, אנפאנגס האט מען איהר געגעבען אַ קליין ווינקעלע, וואו זיא האט געקענט אַנידערלייגען איהר אלטען קאָפּ, צולעטצט אבער האט מען איהר אין גאנצען ארויסגעטריבען.... אפילו דיא אידעשע נעמען וויא אברהם, יצחק, יעקב א. ז. וו. האבען זייא אויס־געביטען אויף פיאָדערלעך, איוואַנעלעך אונד סערגיעלעך! זייא זיינען געוואָרן שטאאטס רעטהע, קאָמערץ רעטהע, אסעסאָרען אונד גובערנסקי סעקרעטאַ־רען. זייא זיינען געווארן רוססען, דייט־שען, פּאָלאַקען, פראנצויזען, ענגלענ־דער, איטאליענער, קורץ, אללעס נאָר קיינע אידען.

דיא פיאָדערלעך, איוואנעלעך אונד דיא סערגיעלעך האבען זיך געמעהרט וויא פיש אין ים, האבען געוואַקסען וויא דיא שוואממען אין וואלד, אונד דער אסימילאציאן טהורם איז איממער העכער אונד העכער געוואָרען. פון אל־לע זייטען זיינען געקומען צו לויפען פרעמדע, אום דעם מערקווירדיגען בנין צו בעטראכטען. איייניגע האבען געזאָגט, דער בנין איז ווירקליך זעהר שעהן אונד פעסט, אנדערע האבען געגעבען עצות, וויא דעם טהורם נאך בעססער אויסצופיינען אונד גאר אנדערע האבען זיך געהאלטען אין דיא זייטען פון געלעכטער, זייא האבען אין דעם בנין געפונען גרויסע פעהלערן, זייא איז ניט געפעלען געוואָרען דיא „אי־דעשע אַרכיטעקטור" אונד האבען אויפגעוויזען, אז דער פונ־דאַמענט איז זייער שוואַך, ער וועט דיא גרויסע געביידע ניט קענען אויפ־האַלטען אונד דער טהורם וועט געוויס איינפאללען... אָבער אונזערע בויא־מייס־טערם האבען זיך ניט געלאָזט אָבשרע־קען, זייא האָבען ווייטער געבויט אונד זייא האבען געגלויבט באמונה שלמה אין דעם גליקליכען ערפאָלג פון זייער

געבייא.

צוואַנציג יאהר זיינען פערגאַנגען.

אין דיא צוואנציג יאהר האבען מיר גע-
זעהן וויא אונזערע אירעלעך האבען
געוויינט מיט בלוטיגע טהרערן בשעת
עס איז געקוממען דער אוקאַז פון דער
רוססישען רעגיערונג אז זייא זאללען
אויסטהאָן זייערע „אידעשע" קליידער
אונד זאללען זיך אָנטאָן אייראָפּייאיש;
מיר האבען געזעהן וויא אונזערע זיי-
דענע יונגע מאַנציקעס פלעגען זיך בע-
האלטען אין דיא בתי-מדרשים אונד
אין זייערע הייזער פון דיא פּאָליציאנ-
טען, וואס האבען געשארען דיא לאנגע
פאות אונד אונטערגעשניטטען דיא לאנ-
גע זופּיצעס; מיר האבען געזעהן וויא
אידישע דיזאָרצעס האבען אָבגעגעבען
ישיבה־בחורים פאר סאלדאטען, פאר
וואס זייא האבען געלערנט תנ"ך מיט
דעם ביאור אונד האבען שטיללערהייט
געקוקט אין דיא נייא־מאָדנע ביכלעך,
וואָס זיינען ניט געדרוקט געוואָרען אין
סלאַוויטאַ אָדער אין זיטאָמיר; מיר
האבען געזעהן וויא מען פלעגט קורץ
פאַר דער חופּה אָבלאָזען שידוכים, ווייל
דיא מחותנים זיינען געוואָר געוואָרען,
דאס אין דער משפחה פון דעם חתן
אָדער פון דער כלה געפינט זיך איינער
וואָס שערט דיא באָרד, אָדער איינער
וואס שטודירט אין ראַבבינער שול; מיר
האבען געזעהן וויא מען האט גוזר תענית
געוועזען, אַז דיא גזרות פון דיא „שקאָ-
לעס" אָדער סקולס זאָללען בטול ווערן
כדי אידעשע קינדער זאָללען ניט דאַר-
פען לערנען „גויעש", מיר האבען
דאָס אללעס געזעהן אונד מיר האבען
דאן גאר ניט געגלויבט, אז אין א קור-
צע צייט וועלען דיזעלביגע אידעלעך
זינגען גאָר א נייע ליעד!

קוים אבער איז אַ קליינער צוואנציג
יאהריגער טראָפּען פון דער צייט אַריינ-
געפאללען אין דעם ים פון דער פער-
גאנגענהייט, זאָ האט זיך דאס רוסישע
יודענטהום שטאַרק פערענדערט אין זיין
דענקען, פיהלען, גלויבען, האָפּפען
אונד ווינשען! דער זעלביגער איד
וואס האט ערשט ניט לאנג פערגאָססען
בלוטיגע טהרערן, אלס מען האט איהם
געהייסען אויסטאָן זיין לאנגע זופּיצע
אונד זיך אָנטאָן אייראָפּייאיש, וואללט
יעטצט געווים געוויינט וויא אַ ביבער,
ווען מאן וואללט איהם הייסען אויסטאָן
זיין קורצען ראָק אונד צוריק אָנטאָן זיין
ראַצאָמערענע זופּיצע מיט פּאַכעמאַן,
דיזעלבע זיירענע יונגע מאַנציקעס, וואס
האבען זיך פון דיא פּאליצייסקע בע-
האלטען חדר בחדר, מען זאלל זייא
ניט אונטערשערין זייערע פאות אונד
לאנגע רעק, טאַנצען אין דיא קאַפּפעי-
הייזער מיט דיא אַרפּיאַנקעס אדער סו-
בערטינען דעם הייליגען כשר־טאַנץ,
וואס מען רופט: „קאַנקאַן"; דיזעלבע
ביגע וואס האבען געפאסט אונד געזאָגט
סליחות אז דיא גזרה פון דיא שקאָלעס

זאלל בטול ווערן, קלאגען אונד וויינען ווען מען נעהמט זייערע קינדער ניט צו אין גימנאזיום, אין אוניווערזיטעט, אדער אין אקאדעמיע; דיא זעלביגע ווארע־מינקע אידעלעך מיט דיא הייסע נשמה־לעך, וואס פלעגען אָבגעבען פאר כאָל־דאטען דיא „בערלינציקעס“, פאללען אין חלשות ווען מען רופט זייא אָן: „איד“, אדער ווען מען וויללט זייא על פי הדחק מצרף זיין צו אַ מנין.

וויא מיט אַ בעזים זיינען אויסגע־קעהרט געוואָרען דיא עכטע אידעשע טיפען; זייא זיינען פערשוואונדען גע־וואָרען פון דער אידישען וועלט. אללע זיינען געוואָרען ציוויליזירט אונד אללע האבען זיך נאר געוואללט אססימילירען. דיא אססימילאציאן איז געווען דער ער־וואַרטעטער משיח, תחיית המתים, אונד דער ערווארטעטער שכר פאר איהר, דיא גלייכע רעכטע, איז געווען דער לויתן, דער שור־הבר אונד דער יין המשומר... אללע האבען געשטרעבט צו דעם איין ציעל: וואס ווייטער זיך מרחיק צו זיין פון דער אידעשקייט, פערליי־קענען זיין נאַציאָנאַליטעט אונד פער־ברענען הינטער זיך דיא שיפפען, דאס מאן זאלל זיך ניט קענען אומקעהרען. דער שוסטער האט נאכגעמאכט דעם קרעמער, דער קרעמער — דעם שיינ־קער, דער שיינקער — דעם לעהרער, אונד דער לעהרער — דעם שטודירטען דאַקטאָר. אללע זיינען וויא דורך אַ צויבער געוואָרען פּיאָדערלעך, סער־גייעלעך אונד מאקסימעלעך, אללעמען האט זיך געוואללט ווערען כטאטסקי סאָוויעטניקעס, שטאַאַטס רעטהע נור דאפיר וואס זייא האבען זיך פון זייער נאַציאָנאַליטעט אָבגעזאגט אונד האבען זיך אויסגעלערנט עססען קאָטלעטטען געפּרעגעלט אין פוטטער. דיא נאַררען האבען פערגעססען, אַז מיר האבען גע־האט דיא הערססטע בעאַמטע וואס האבען שטאָלצירט מיט זייער אידעשער אָב־שטאַממונג אונד שטענדיג האבען זייא דאס יודענטהום וויא אַ גאָלדענע קרוין געטראגען אויף זייער קעפּ. זאָ האט דעם גרויסען משה מיימאָנידעס (רמב״ם) דיא אידעשקייט גאר ניט געשטערט צו ווערען דער ערשטער לייב אַרצט ביי דעם קעניג פון עגיפּטען; דאָן יצחק אברבנאל איז געוועזען פינאַנץ מיניסטער אין שפּאַ־ניען אונד האט זיך ניט געשעמט צו שריי־בען אַ פּרוש אויף דער תורה; אַדאָלף קרעמיע איז געוועזען דיקטאַטאָר אין פראַנקרייך אונד האט געגרינדעט דיא גרויסע חברה „חברת כל ישראל חברים“; משה מאָנטעפיאָרי האט פערטרעטען אַ גרויסען פּאָסטען אין ענגלאנד אונד האט זיין גאַנצען לעבען געאָפּפערט פאר דעם כלל ישראל, עדוואַרד לאַבקער, אַלס אָב־געאָרדנעטער אין דעם דייטשען פּאַרלאַ־מענט, האט זיך אין גאַנצען לעבען ארום געצאַנקט מיט דעם אייזערנעם קאַנצלער, פירשט ביזמאַרק, אונד דיא אידעשקייט

האט איהם גאר נישט געשטערט אין זיין גרויסע פאָליטישע טהעטיגקייט, נור אונזערע רוסישע שוסטערלאַך, שיינקערלאך, קרעמערלאך אונד דאקטורימלאך האט זיא געשטערט, דרום האבען זייא איהר געזוכט עוקר מן השרש צו זיין מיט דער זיבערסטער האָפפנונג, אַז דערפאַר וועט מען זייא א קניפ טאָן אין בעקעלע אונד מען וועט זייא זאגען יישר כוחכם !

עס בלייבט אונז איממער דיא פראגע : פאר וואס קען זיך דאס בייא דעם רוסען פריעדליך פעראייניגען רעליגיאָן מיט בילדונג ? פאר וואס שעמט זיך דאס ניט דער געבילדעסטער דייטשע מיט זיין נאַציאָנאַליטעט ? פאר וואס היינגט דער פראנצויז, דער ענגלענדער, דער אמעריקאַנער אונד אללע איבעריגע נאַציאָנען מיט לייב אונד לעבען אן זייער גלויבען, אָן זייער קולטור, נור מיר אידעלעך, וואס מיר האבען אללע מאָל געדיענט אלס דיא ערשטע קולטורטרעגער אונד מיר זיינען געווען דיא ערשטע וואס האבען אונטער אללע פעלקער געזייט ליכט אונד וואהרהייט, מיר אלליין שעהמען זיך מיט אונזער שטאממבוים, וואס איז עלטער, אלס אללע יחוס-בריעף פון אללע נאַציאָנען, גלייך וויא מיר הייבען זיך אָן צו בילדען, מיר אלליין שפייען זיך אין פנים אונד מיר אלליין בויען פאר אונז אויף איין אויטאָ-דע-פע ? אונד נאַך דעם אללעם האבען מיר נאך דיא העזה צו זאגען : ,,אַתה בחרתנו מכל העמים !''

## ח

אונד אין דיעזע צוואַנציג יאָהר, איז טהערעזאַ לעווענבערג דיא טאָכטער פון גאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונאַ, אויפגעוואַקסען אונד איז געוואָרען, צו דיא פרייד פון איהרע עלטערן, איין שעהנע, פיין געבילדעטע פריילין, וועלכע דיא גאַנצע וועלט האָט בעוואונדערט אונד אַרום וועלכע דיא עלעגאַנטע יוגענד איז ארומגעפלויגען וויא פליגען אַרום אַ שטיקל צוקער. נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונאַ, וואס האט צו דיעזער צייט געוואוינט מיט איהר מאַן פיאָדאָר איוואַנוּיטש אין דער גרויסער שטאדט ק.... וואו ער האט געהאט גרויסע געשעפטען בייא דער אייזענבאהן אונד וואו ער האט בעקוממען דעם טיטול קאָממערטשעסקי סאָוויעטניק (קאמערצען ראטה), האט פון איהר טאָכטער געוואָללט מאכען אַ סאלאָנדאַמע נאך אַללע דינים פון היינטיגע וועלט, דארום האט זיא איהר אַוועקגעשיקט אין אויסלאנד אין אַ בעריהמטען פענסיאָן, וואו זיא איז ערצויגען געוואָרן אונד דאן איז זיא צוריק געקוממען קיין ק... צו איהרע עלטערן. אָבער שוין אין דיא ערשטע טעג פון איהר צוריק קוממען, האט נאַדיעזשדאַ גריגאריעוונא געהאט אורזאכע מיט איהר טאכטער אונצופריעדען צו זיין. נאַד-

יעזשדא גריגאָריעוונאַ האט פון איהר טאכטער געוואָללט מאַכען אַ דאַמע נאך איהר געשמאַק, דאס הייסט : אַ דאַמע, וואס זאלל אללע הערצען פער-דרייען דיא קעפּ, אללע יונגע קאַוואַלי-רען אומפיהרען פאר דיא נעזער אונד צולעטצט חתונה האבען מיט איינעם פון דיא קריסטליכע גרויסע בעאמטע אדער גוטסבעזיטצער, אָבער זיא האט צו איהר פערדרוס באלד בעמערקט, דאס איהר טאָכטער איז נאָר אנדערש געזאָנען. זיא האט בעמערקט, אז איהר טהערעזע לאַנגוויילט זיך זייער שטאַרק אויף דיא באללען, וועלכע זיא האט אין איהר הויז געגעבען, מיט דעם איינציגען צוועק דיא גאַנצע קריסטליכע אַריסטאָקראַטיע בייא זיך אין הויז צו האבען, דאס זיא האלט זיך פון דער עלעגאַנטער יוגענד צוריק געצויגען, דאס זיא זוכט אויסצואויייכען. דער איינציגער פערגעניגען איהרער איז געוועזען שטונ-דען לאנג אין איהר קליינעם צימער אבצוזיטצען מיט אַ בוך אין האנד, אָדער פארברייננגען אַ פּאָר שטונדען בייא דעם קלאַוויער. דיא מוזיק איז געוועזען דיא איינציגע ספהערע, וואו זיא האַט זיך געפיהלט גליקליך ; דיא מוזיק איז פאר איהר געוועזען דאס, וואס וואסער פאר אַ פיש. אויסער דיא מוזיק אונד דיא שטונדען וועלכע זיא האט פער-בראכט מיט ליטעראַטור, איז זיא גע-וועזען צערשטרייט, מעלאַנכאָליש, טרויעריג, פערשלאָסען אין זיך זעלבסט. קיין פערגעניגען האט איהר אויפגע-מונטערט, זאָגאַר דיא מאָדע האט זיא אויך ניט שטריינג געהיט אונד אין איהרע קליידונג איז געלעגען אַ געוויסע נאכ-לעסיגקייט.

נאַדיעזשדא גריגאָריעוונאַ איז גע-וועזען אויסער זיך פון פערדרוס, אלס זיא האט געזעהן דאס איהרע ערוואַר-טונגען האבען איהר אָבגענאַרט. אלס זיא האט איהר טאָכטער מיט איינינע יאהר צוריק אַוועקגעשיקט קיין בערלין אין פּענסיאָן, איז איהר איינציגער וואונש געוועזען פון איהר טאָכטער צו מאַכען אַ ,,גרויסע'' דאַמע נאך היינ-טיגען שניטט, דאס הייסט : אַ דאַמע, וואס זאלל אַללעס קענען אונד זאלל צו קיין זאך ניט טויגען, וויא דיא מעהרסטע פון היינטיגע פרייליינס. זיא האט געוואָלט אז איהר טאָכטער זאלל קענען ריידען איינינע שפּראַך, זאלל קלאַ-ווייר שפּילען, זינגען, טאַנצען, מאַלען זיך קליידען נאך דעם נייעסטען שזורנאַל, קאָקעטטירען מיט דיא גאַנצע וועלט אונד חתונה האבען מיט דעם ערשטען בעסטען קריסטען ; זיא האט געגלויבט אז נאָר אין אויסלאנד, ווייט פון דער אידישער געזעללשאפט, וועט איהר טאָכטער ווערען אַזאַ פּאָללקאָמענהייט, אָבער טהערעזא האט דיא גאַנצע צייט, וואס זיא האט פערבראכט אין בערלין, [געוואוינט בייא איין אידעשע

פאמיליע, וואס האט געהערט צו דער
אָרטהאָדאָקסישער קלאסע אונד ריעזער
אומשטאנד האט אויף איהרע געזיננונ-
גען אַ גרויסען איינדרוק געמאכט. זיא
האט פון דיעזער פאמיליע געלערנט
צו ליעבען דעם יודענטהום, צו ליעבען
דעם רוהיגען, בעשיידענעם לעבען, צו
פעראכטען דעם אויסערליכען, נארי-
שען גלאַנץ, אין וועלכען היינטיגע
יוגענד ליעבט זיך אויסצופוצען, צו
האסען דיא מאָדע מיט איהרע פערדערב-
ליכע דומהייטען אונד צו היינגען מיט
לייב אונד לעבען אָן דער וויסענשאפט
אלליין, זיא האט אויסגעווייכט יעדע
בעריהרונג מיט דיא פערדאָרבענע יו-
גענד, האט ניט געזוכט קיין פוסטע
פערגעניגען אונד אָבגלייך זיא האט
געפיהרט איין איינזאמען, צוריקגע-
צויגענעם לעבען, האט זיא זיך קיינ-
מאל ניט געלאנגווײלט.

מיט אַ יאָהר פריהער בעפאָר טהע-
רעזע איז פון בערלין צוריקגעקוממען,
האבען דיא לעווענבערגס אריינגע-
צויגען קיין ק... אונד דאָ האט
נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונאַ אויסגע-
פוצט דיא אייגענע הויז, וואס זייא
האבען דאָ געקויפט, מיט פירשטליכען
לוקסוס. זיא האט בייא זיך אין הויז
איינגעפיהרט אַ פראנצויזישע קיך מיט
גאַללאַנירטע לאַקייען, האט געהאלטען
אייגענע עקיפאַזשען מיט דיא טהייערסטע
פערד, פלעגט זייער אָפט ארויסגעבען
בעללער, וואס מיט זייא האט געקלונ-
גען דיא גאנצע שטאָדט אונד זיא איז
געוואָרען דיא ערשטע דאַמע אין קלוב.
זיא איז שוין אפילו געוועזען אַ פרויא
אין יאָהרען, אָבער נאך איממער שעהן,
פריש אונד בליהענד. זיא איז געוועזען
דיא ערשטע עלעגאַנטקע אין ק... אונד
האט געדיענט פאַר אַ מוסטער פאַר דיא
גאַנצע אַריסטאָקראַטיע פון שטאָדט;
פון איהר פריזור אונד פון איהרע קליי-
דער פלעגט מען אַראָפּנעהמען פאָרמעס
אונד אללע האבען זיך בעמיהט איהר
נאכצומאכען. איהר הויז פלעגען בע-
זוכען דיא גרעסטע קריסטליכע אינטעל-
ליגענץ אונד אין דיא גרעסטע הייזער
פון שטאָדט פלעגט מען דיא לעווענ-
בערגס איינלאַדען צו יעדען באלל, צו
יעדען פעסט. דער גרעסטער טהייל פון
דיא איינוואָהנער האבען געמיינט אז דיא
לעווענבערגס זיינען קריסטען, נאָר אַ
קלײנער טהייל האט געוואוסט אז זייא
זיינען אידען, אָבער אללע האבען זיך
געמאכט ניט וויסענדיג אונד קיינער האט
זייא ניט געגעבען צו פערשטיין, דאס
זייא ווייסען זייער אידעשע אבשטאמונג,
ווייל זייא האבען געזעהן, דאס זייא
שטריינגען אָן אללע זייערע כחות זייער
אַבשטאַממונג צו פערדעקקען. דיא ריי-
כערע קלאססע אידען פון ק... האט גע-
וואוסט דאס דיא לעווענבערגס זיינען
אידען, ווארום פון א אידען איז פיעל
שווערער צו פערבערגען דיא אידעשע

אבשטאממונג; דען אידען האבען זייער אייגענע פאָסטען, אייגענע טעלעגראפהען אונד איין אייגענע געהיימפּאָליצייא, אָבער קיינער פון דיא אידען האט מיט זייא ניט געשלאָסען קיין בעקאַנטשאַפט, ווייל פון דער ערשטער מינוט אן, וויא דיא לעווענבערגס האבען זיך דאָ בעזעטצט, האבען זייא זיך פון דער אידעשער וועלט אין גאנצען אויסגעשלאָססען. אַ פּאָר מאָל האבען זיך איינִיגע גבירים פון שטאָדט צו זייא געווענדעט מיט דעם פאָרשלאג, דאס זייא זאללען איין אנטהייל נעהמען אין איין ענין פון צדקה, אָבער דיא לעווענבערגס האבען זייא געענטפערט, דאס זייא האבען מיט אידען קיינע געשעפטען אונד וויללען פון זייא נישט וויססען.

אלס טהערעזא איז צוריק געקומען פון אויסלאנד, האט נאדיעזשדא גריגאָריעטנא אַרויסגעגעבען עטליכע בעלער, אויף וועלכע עס זיינען איינגעלאדען געוועזען דיא גרעסטען דער קריסטליכען אַריסטאָקראטיע אונד איבערהויפט דיא עלעגאַנטע יוגענד. נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונא האט דאמיט געהאָפט, פאַר איהר טאכטער צו מאכען אַ גלענצענדע פארטייא מיט איינעם פון דיא קריסטליכע מיללִיאָנערן. זיא האט שוין זאָגאַר געהאט אין זינען איינעם פון דיא עלעגאַנטע יונגע קאַוואַליערן, עלכען איהר האט זיך געוואָללט האבען פאר איין אידעם. דאס איז געוועזען אַ יונגער אינשינער, וואס האט געדיענט בייא דער אייזענבאַהן, אַ געוויסער מ א ַ ק ס י ם  א ַ נ ד ר ע י ע ו ו י ט ש  ז ו ו י ע ר א ָ ו ו, דער זון פון אַרייכען גוטסבעזיטצער, וואס האט געוואוינט אויף זיינע גיטער ניט ווייט פון ק... דער יונגער זוויעראָוו איז אין גאנץ ק... בעקאַנט געוועזען פאר איין פוסטען פראנט, פאר א גרויסען פערשווענדער אונד פאר איין ליידענשאפטליכען קאָרטענשפּיעלער, אויך האט ער ליעב געהאט דעם טרונק אונד ווען ער האט איבערגעחאפּט דיא מאָס, האט ער געמאַכט שרעקליכע סקאנדאלען, אבער נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונא האט אויף דעם וויניג געאכטעט, דער אומשטאנד אלליין דאס ער איז אַ קריסט, אַ גוטסבעזיטצערס אַ זוהן, אונד דער צו נאך דער איינציגער יורש פון אַ גאַנצען מיללִיאָן, האט זייער שטאַרק געקיטצעלט איהר אייגענליעבע אונד זיא האט זיך פאָרגענומען איהם אריינצוקריגען אין איהר נעטץ אונד איהם פערשלייערן מיט איהר טאָכטער. דער איינציגער פונקט, וואס האט דאַ געקענט דיענען פאר א מניעה איז געוועזען דער, וואס איהר טאכטער איז איין אידעש־קינד, אבער נאַדיעזשדא גריגאָריעוונא איז ניט געוועזען פון יענע שוואכע נאַטורען, וואס לאזען זיך פון אַ זעלכע ,,קלייניגקייטען'' אָבשרעקען. בייא איהר האט דיא רעליגיאן

געשפּיעלט אַ ראָללע פון אַ מאַנטעל, וועלכען מען טהוט אויס, באלד וויא דער וועטטער בייט זיך אונד זיא האט געגלויבט אז איהר טאָכטער וועט מיט דער „קליינינקייט" אויך קיינע אומ־שטענדע מאכען, זיא איז דאך יאַ געבילדעט!...

טהערעזאַ האט פון איהר מוטטערס פּלאנען ניט געוואוסט. זיא האט אין דיזען לאַרעמדיגען לעבען איין קליינעם אנ־טהייל גענוממען, איהר האבען דיא אייביגע בעללער, די לאנגע טאַנצאַבענ־דען גאנץ וועהניג פערגעניגען געמאכט. איהר איז געוועזן ערגער וויא דער טויט צו הערן דעם טומעל אונד דעם רעש אין איהר מוטטערס סאַלאָנען פון דיא פיעלע געסט, זיך צו דרייהען שטונ־דענלאנג אויף דעם שפּיעגעלגלאַטטען פּארקעט אונד גיין טאג אונד נאכט פּער־פוצט אין זייד, סאַמעט אונד ברילל־יאנטען. דיא גאנצע געזעללשאפט, וואס פלעגט טאַג אונד נאכט באַלעווען בייא זייא אין הויז, איז איהר פאָרגעקומען פּוסט אונד לאנגווייליג. זיא איז פון קינדרווייז אויף געוועזען פון ערנסטער נאַטור אונד האט פאר אללע היינט־מאָדישע פערגעניגונגען קיין זינן אונד קיין ווילען ניט געהאט. זיא האט גע־ליעבט דעם שטיללען, איינפאכען לע־בען אונד מעהר פון אללעם — דיא וויסענשאפט. אום נאך מעהר בילדונג אונד וויסענשאפט צו ערווערבען, האט זיא זיך גערונגען אַ שטודענט פון אוני־ווערזיטעט, אַ געוויסען איסאַק גאָלדמאַנן, וואס האט מיט איהר געלערנט דיא אידעשע געשיכטע אונד נאך אנדערע געגענשטענדע, וועלכע זיא האט אין פענסיאָן ניט געלערנט אונד פלעגט אין איהר צימער גאנצע שטונדען פערברייינגען מיט איהרע וויס־סענשאפטליכע ביכער. נאַדיעזשדא גרי־גאָריעוונאַ האט אויף דעם געקוקט מיט א פינסטערען בליק, עס איז צווישען איהר אונד איהר טאָכטער זייער אָפט פאָרגעקומען קריעג אונד צאנקערייען, אָבער זיא האט גאר נישט אויסגעפיהרט, ווארום טעהרעזא האט געהאט איין איי־זערנע וויללענסקראפט אונד האט זיך אויף קיין פאַלל פון איהר מוטטער ניט געלאָזט דרעססירען.

הערצעל לעווענבערג, אָדער דער הערר קאָממערציענראַטה, וויא מען האָט איהם איבעראַלל גערופען, האָט געהיט אַ שטרייגנע נייטראַליטעט אונד האָט זיך גאָר ניכט געמישט אין דיא „ווייבער־שע זאַכען", וויא ער האט דאס אָנגע־רופען, אויך האט ער קיין גרויסע דעה ניט געהאט אין זאָלכע ענינים. וויא מיט צוואנציג יאהר צוריק, אַזוי אויך יעטצט האט נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונאַ איהם געהאַלטען אונטער איהר פּאַנטאָפפעל. ער איז שוין אַפילו ניט געוועזען דער־זעלביגער הערצעל לעווענבערג פון אַמאָל, ער האט יעצט אין דער וועלט

געשפּיעלט אַ גרויסע ראָללע אונד מיט דער אידישקייט האט ער, וויא עס האט געשיינט, זיך שוין אין גאַנצען גע'גט, אָבער גאַנץ טיעף אין זיין הערצען, אין אַוויטען אונד אַ פערבאָרגענעם ווינקעל, האט נאך געקלאַפּט אַ קליינער אָדעריל, וואס פלעגט איהם זייער אָפט דערמאָנען, אַז ער איז ניט קיין פּיאָדאָר איוואַניטש, ווי זיין ווייב רופט איהם. ער פלעגט אַפילו עסען מיט גרויס אַפּעטיט א חזיר'ל מיט חריין, אָבער עסענדיג האט ער געפיהלט אַז ער טהוט איין עברה אונד האט גע-גלויבט אז ער וועט דער פאַר בעשטראָפט ווערן נאך אויף דער וועלט. אַזעלכע „משכילים" געפינען מיר זייער פיעל אונטער היינטיגען יודענטהום!

## ט
## איין לעקציאָן.

— „אָט דאס איז געוועזען דיא וואַהרע אורזאַכע וואס מיר האבען פער-לאָרען אונזער פּאָליטישע עקסיסטענץ, אונזער אייגענע לאַנד אונד דעם גאַנ-צען גלאַנץ מיט וועלכען מיר האבען געשיינט אין אַלטערטהום. כל זמן בייא אונז האט געהערשט איינינקייט, כל זמן אונזער נאַציאָן האט געהיט איהר נאַציאָנאַליטעט אונד איז אָבגעזונדערט געוועזען פון איהרע היידנישע שכנים, וואס האבען זיך געגרעניצט מיט איהר לאַנד, כל זמן זיא האט געלעבט מיט איהרע אייגענע זיטטען, מיט איהרע אייגענע פּאָליטישע אידעען אונד מיט איהר ריינע, ערהאַבענע אֶמונה — איז זיא געוועזען גרויס, שטאַרק אונד ער-האַבען. זיא האט צווישען איהרע שכנים געשיינט וויא איין ליכטיגער שטערן צווישען פינכטערע וואָלקענס, וויא איין שטראַהלענדע זון האט זיא בעלויכטען דיא גאַנצע וועלט, פון איהר זיינען אַרוים דיא גרעסטע פהילאָזאָפען, דיא גרעסטע דענקער וואס האבען פער-ברייטעט וואַהרע ליכטיגקייט. זיא איז געוועזען אַ מוסטער, אַ שיינער פאָר-בילד פאַר אַללע פעלקער, פון איהר האט מען זיך געלערנט חכמה אונד רע-ליגיאָן; אבער זייט אונזער נאַציאָן האט זיך צו טהיילט אין פּאַרטהייען, זייט אונזער אידעשע אַריסטאָקראַטיע האט אָנגעפאַנגען נאך צו מאכען דיא רעמער אונד לעבען אויף דעם רוימישען אַרט, וואס איז בעשטאַנען נאר אין לוקסוס אונד אַללע אויסגעלאססענע פערגניגונ-גען, זייט אונזערע לעטצטע מלכים האבען אין אונזער לאַנד אריינגעטראָגען דעם געטץ פון לוקסוס, צו וועלכען דאס מעהרסטע פון אונזערע פירשטען האבען זיך געקניעט אונד געדיענט — פון יעמאלט אָן האט אונזער פּאָליטישע גאַנצהייט אָנגעפאַנגען ביסלעכווייז זיך צו טהיילען. דיא פרעמדע קולטור האט וויא אַ וואָרעם געטאָטשעט דעם גרויסען אידעשען קערפּער, איינציגווייז זיינען אָבגעשטאָרבען איהרע גליעדער, ביז

זיא איז אין גאנצען פערניכטעט געוואָרען. דען נאָר יענעם פאָלק קען עקסעסטירען, וועלכע עס פעראייניגט אַללע איהרע לעבענסקרעפטע, צו ווירקען פאר איהר עקסיסטענץ (קיום); צוטהיילט זיא זיך אין פארטהייען — מוז זיא פאַללען. דיעזע ערשיינונג זעהען מיר בייא דיא שפעטערדיגע נאַציאָנען (וויא דיא פּאָלאַקען, אונגאַרן, א. ז. וו.), וואס זיינען פּאָליטיש אָבגעשטאָרבען אונד האבען קיין האָפפנונג ניט, אַמאָל ווידער אָבצולעבען. אונזער אידעשע נאַציאָן איז געוועזען גרויס אונד שטארק כל זמן זיא האט זיך געלעבט מיט איהר אייגענע קולטור, אָבער גלייך וויא זיא האט אנגעפאנגען בייא זיך איינצופלאנצען פרעמדע געוועקסע אונד האט אנגעהויבען צו לעבען נאך דעם גריעכישען אונד רעמישען אַרט, האט זיא אָנגעפאַנגען הערונטער צו גיין, ביז זיא איז אין גאַנצען געפאַללען.

„עס איז אפילו געבליבען אַ טהייל פון ווירקליכע אידעשע נאַציאָנאַליסטען, דיעזע פארטהייא האט שטריינג געהיט דאס פאטערלאנד, אָבער זיא איז צו קליין אונד צו שוואך געוועזען אונזער לאנד צו רעטטען פון אונטערגאַנג. זיא האט אַללע איהרע קרעפטען אנגעווענדעט, דאס לאַנד פון יענע פרעמדע אונד שעדליכע קערפער צו רייניגען, אָבער אומזיסט! דער פונדאמענט איז שוין געוועזען אין גאַנצען צו פוילט, נאך איין שטארקער דרוק אונד דיא גאַנצע געביידע, וואס האט טויזענדער יאָהרען עקסעסטירט אין כבוד, גלאַנץ אונד פראכט, איז צוזאממען געפאללען אונד אונטער איהרע רואינען (חורבות) זיינען בעגראָבען געוואָרען אונזערע בעסטע מעננער, אונזער פּאָליטישע קראפט אונד אונזער גאנצע מאכט!“ —

דיעזע לעקציאָן האט דער שטודענט איסאאק גאָלדמאנן אויסוויינינג געגעבען זיין יונגע שילערין פריילייך טהערעזא לעווענבערג. זיא איז געזעסען בייא א טיש, וועלכער עס איז בעדעקט געוועזען מיט פּאַפּירען, קאַרטעס, מאפּעס אונד אללערלייא ביכער; איין אָפענער באַנד פון גרעטצ'ס אידעשער געשיכטע איז געלעגען אויף דעם טיש. דער שטודענט איז ארומגעגאַנגען אין צימער אַ הין אונד אַהער אונד האט זיין רעדע מיט גרויס בעגייסטערונג ארויסגעשפּראָכען. זיין יונגעם אונד שעהנעם געזיכט האט געשטראהלט אין איינע לעבהאפטע ראָזענפאַרב אונד זיינע שווארצע אויגען האבען געפונקעלט וויא אַ פּאָר ברענענדיגע קוילען.

פריילייך טהערעזאַ לעווענבערג האט איהם מיט גרויס אינטערעסע צוגעהערט. איהרע שוואַרצע, אויסדרוקספאללע אויגען האבן געשלונגען יעדעס וואָרט. זיא איז נאך זייער יונג געוועזען, אָבער קערפערליך אין גאַנצען ענטוויקעלט וויא אַ יונגע בלום אין איהר פוללע פראכט.

איהרע אויגען אונד איהר געזיכט האבען בעזעססען יענעם בעהאלטענעם צויבער, יענע בעהאַלטענע מאַכט, יענעם זיסען אויסדרוק, וואס ציעהט מאַגנעטיש יעדעם הערץ צו זיך אונד אין איהר גאנצען וועזען איז געלעגען יענער וואונדערליכער רייץ, וואס צינדעט וויא פייער. זיא איז געוועזען רייך געקליידעט, אָבער ניט מיט יענע אויבגעלאסענהייט, מיט וועלכע עס קליידען זיך היינט אונזערע אידעשע דאמען, אין איהר קליידונג איז געלעגען אַ זיסע האַרמאָניע אונד איין איינפאכע עלעגאנץ.

דער צימער, אין וועלכען דער שטודענט גאָלדמאנן האט זיין שילערין דיא לעקציאָן געגעבען, איז געוועזען פירשטליך אויסגעפוצט מיט דעם גלאנץ אונד לוקסוס, מיט וועלכען אונזער רייכע אַריסטאָקראַטיע ליעבט זיך אויסצופוטצען. גרויסע שפיעגלען אונד איילבילדער זיינען געהאנגען אויף דיא רייך אויסגעטאַפּצירטע וועגד. אויף דיא פענסטער טהייערע גאַרדינען, אויף דיא טהירען פאַרטיערס פון טהייערען זיידענשטאָף. אַ פיאַנינאָ פון מאַהאָן, רייך מיט בראָנז פערציערט, אונד הערליכע בלומענטעפּ מיט דיא זעלטענסטע אויסלענדישע פלאַנצען האבען פערפאָלקאָמט דיא דעקאָריישאן פון צימער.

איניגע מינוטען איז דיא שילערין געזעסען גאַנץ שטילל, אין איהרע אייגענע געדאנקען פערטיעפט, דאן האט זיא איהרע שעהנע אויגען צו איהם אויפגעהויבען אונד האט זיך אָבגערופען:

— ,,אָבער, הערר גאָלדמאנן, עס איז דאָך אַ געוויסעס נאַטורגעזעטץ, דאס דיא וועלט מוז פראָגרעסירען, זיא מוז אלץ פאָרווערטס געהן אונד זיא קען ניט בלייבען שטיין אויף איין שטעללע. אויך אונזערע אידען מוזען מיט דעם שטראָם שווימען. קענען מיר דען בלייבען שטיין אויף איין פונקט דאַן, ווען אללע איבעריגע נאציאָנען גייהען אַלץ ווייטער אונד ווייטער? אויך אונזערע עלטערן האבען ניט געקענט בלייבען שטיין אויף איין פונקט, זייא האבען דאָך געמוזט מיטמאכען יענע גרויסע רייזע, וואס דיא גאַנצע וועלט האט געמאכט אונטער דער קאָמאַנדאָ פון רוים. מיר ווייסען פון דער וועלטגעשיכטע, אז רוים האט איינגענוממען דיא גאַנצע וועלט, צו דאס איז געוועזען דורך איהר פהיזישע קראַפט, צו דורך איהר ציוויליזאציאָן, דאס בלייבט גאַנץ גלייך, דאס ווייס מען פאַקטיש אז זיא איז שטאַרקער געוועזען פאַר אַללע פעלקער, אונד דאַרום האבען זיך אַללע שלאַפערע פאר איהר געמוזט בייגען, וויא עס געהט אימער צו אין דער וועלט, אז דער שלאַפערער מוז זיך בייגען פאַר דעם שטאַרקערן. דאס אַלטע יודענטהום האט זיך אויך געמוזט בייגען אונטער דער רעמישען מאַכט,

ווייל ער איז געווען דער שלאַפּערער.
אזוי געהט עס אימּמער צו אויף אונזער
ערדע אונד אזוי וועט עס געהן כל זמן
עס וועט עקסעסטירען אין דער וועלט
שטארקערע אונד שלאַפּערע!" —

— "זייער גוט מיין פריילין!" —
האט איהר דער שטודענט געענטפּערט
— "דאס איז טאקי דער אייגענטליכער
גאנג פון פּראָגרעסס. דעם מענשענס
פערשטאנד קען ניט בלייבען פערגלי-
ווערט אויף איין פונקט, ער מוז אימ-
מער ווייטער שטרעבען אונד זיך אלס
מעהר ענטוויקלען. וואָללטען זיך דעם
מענשענס דענקען אונד שאפפען ניט
מעהר ענטוויקלען, וואָללטען מיר גע-
בליבען האַלב ווילד וויא אונזערע עלטערן
אין אלטערטהום, וואָללטען מיר דאך
ניט געקוממען צו דיא גרויסע וויסענ-
שאפטען, מיט וועלכע מיר רעגיערען
יעצט דיא וועלט אונד דיא נאטור,
יענע ערפינדונגען, וויא דער טעלעגראַף,
דיא אייזענבאַהן, א. ז. וו. פון וועלכען
מען האט אין אַלטערטהום דען מינדס-
טען בעגריף ניט געהאט; אָבער דאס
געזעטץ פון פּראָגרעסס צווינגט אונז
דאך ניט צו פערלייקענען אונזערע נאצ-
יאָנאַליטעט אונד אונזער אבשטאממונג.
מיר שווימּמען מיט דעם שטראָם פון
יעדען פּראָגרעסס, יעדער ציוויליזאציאָן,
אונד מיר קענען דערבייא בלייבען עכטע
אידען מיט אונזער אייגענע השכלה,
מיט אונזער אייגענער קולטור אונד
אלס ציוויליזירטע אידען וועלען מיר
נאך שענער אויסזעהן. צום אונגליק
אבער פערשטייען דאס מעהרסטע פון
אונז ניט דעם ריכטיגען בעגריף פון צי-
וויליזאציאָן. דיא מייסטען פון אונזערע
אידען דיינקען זיך שוין גענוג ציוויליזירט,
ווען זייא קליידען זיך אין דיא פיינסטע
אונד טהייערסטע שטאָפפען, ווען זייא
לעבען מיט דעם גרעסטען לוקסוס
אונד זייא פערלייקענען זייער אידעשע
אבשטאממונג. נאָכמאכען דעם קריסטען
אין זיינע אַללע מנהגים, זיך מאַטערן
מיט אללע קרעפטען, מעהר קריסטליך
צו זיין אלס דער קריסט זעלבסט, דאס
איז, לײדער, דיא אללגעמיינע קראנק-
הייט, וואס הערשט היינט אונטער
אונזערע יהודים. דיעזע קראנקהייט האט
אויך אין אַלטערטהום בייא אונז, אין
אונזער לאנד געהעררשט אונד איהר
האבען מיר צו פערדאנקען אונזער
שענדליכע מפלה, אונזער פּאָליטישען
טויט!..." —

— "אָבער איך זעה נאך אלץ ניט
איין דיא נויטהווענדיגקייט פון איינע
פּאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט פאַר
אונז אידען" — האט זיך פריילין טהע-
רעזא אָבגערופען — "צו וואס דאַרפען
מיר אונזער נאציאָנאַליטעט? צו וואס
קען אונז טויגען איינע פּאָליטישע פער-
פאַסונג? מיר זיינען צו זייט אונד צו
שפּרייט אויף דער גאנצער וועלט, יעדע
לאנד האט איהרע אידעשע בירגער,

אין יעדער לאנד פיהלען מיר זיך וויא אין דער הייס, מיר זיינען צו געבונדען צו דער ערד, אויף וועלכע מיר טרע-טען, יעדע שטיק לאנד וואו מיר גע-פינען זיך רופען מיר אָן : „פאַטערלאנד“, מיר טהיילען מיט איהר פרייד אונד לייד, קורץ, מיר זיינען ווירקענדע אונד שאפפענדע גליעדער אין דער גרויסער מאַשינע, וואס מען רופט אן : „גע-זעללשאפט“, מיר זיינען צוזאממען גע-וואקסען מיט דיא פעלקער, אונטער וועלכע מיר וואוינען, מיט דער פער-גאנגענהייט האַבען מיר ניט וואס צו טהאָן אונד פאר דער צוקונפט דאַרפען מיר נאָר זאָרגען פאר אונזער וואָהל-שטאנד, פאר אונזער הויזליכען פריע-דען, מיר דארפען אונזערע קרעפטען אָנווענדען, דאס מיר זאללען אויך נוטצ-ליך זיין דעם גאַנצען מענשענטהום אונד העלפען בויען דיא גרויסע געביידע פון פראָגרעס, מיר האבען קיין רעכט, זיך אָבצוזונדערן פון דער גאַנצער וועלט, אונד ווען מיר צוזאממען מיט אללע איבעריגע מענשען דאס מענשליכע גליק אויפבויען העלפען, דאַן קענען מיר איין רעכט האבען איין טהייל צו נעהמען אן דער וועלט אונד געניססען איהרע רייכע גאַבען“. —

— „גאַנץ רעכט, פריילײן!“ — האָט איהר גאָלדמאנן געענטפערט אונד אַ וואָלקען פון טרויער האט זיין ווייסען אונד פיינגעוועלבטען שטערן פערדונ-קעלט — „אַזוי טוהען מיר טאקי. מיר ווירקען אונד שאפפען מיט אללע אונזע-רע קרעפטען צוזאממען מיט אללע איבעריגע מענשען, מיר זיינען אויך מקריב אונזער שוויים אונד בלוט פאר דיא גרויסע אידעען, מיר טראַגען אויך ציגעל אונד שטיינער צו יענעם בנין, צוזאממען מיט אַללע פעלקער, אָבער וואס האבען מיר דערפאַר? מיט וואס בעלאָהנט מען אונז אידען פאר אונזער שוויים אונד בלוט? וויא עס קומט צום געניסען אונד מיר בעטען אונזער חלק, וואַרפט מען אונז צו אַ טרוקענעם ביין, ניין! מען פערגינט אונז אפילו דעם ביין אויך ניט, מען רייסט איהם ארויס פון אונזער מויל. אַ, פריילײן לעוועג-בערג! איהר זייט זעהר ווייט פון אונזער אונגליקליכען יודענטהום! איהר קענט ניט דיא פינסטערע לאגע, אין וועלכע עס געפינט זיך אונזער אָרעמע נאציאָן, אייער אויער הערט ניט דעם בעהאלטע-נעם אונד פערשטיקטען אנגכטגעשרייא, וואס רייסט זיך ארויס יעדען טאָג, יעדע שעה, יעדע מינוטע פון אידעשע הער-צער. איהר זעהט ניט איהרע טיעפע וואונדען, איהר נויטה, איהר עלענד, איהר אונגליק; איהר קענט נאָר דעם רייכען קלאַסס אידען, וואס איז פער-זאָרגט מיט לעבענסמיטטעל, אָבער דיזע קלאססע איז ליידער בייא אונז דיא קלענסטע, אונד אויך איהר לאגע האט קיין פעסטען פונדאַמענט, דער

קלענסטער צופאלל קען איהר צו גרונד ריכטען, עס גיבט אָבער אונטער אונז מיללויאָנען, וואס דאַרבען אין הונגער אונד אין נויטה נור דערפאר, ווייל מען ווילל אונז ניט געבען אונזער עהרליך פערדיענטען טהייל פון דעם, וואס מיר העלפען שאפפען אונד ערווערבען. מען בעהאנדעלט אונז וויא פרעמדע, וויא אונגעבעטענע געסט, דאס וואס מיר קריעגען, מוזען מיר בעטראכטען אַלס געשאנק, אַלס נדבה. מיר מעגען זיך אויף דער העכסטער אַרט אויסצייכענען, מיר מעגען זיין בעסער אַלס מען פערלאנגט פון אונז, בלייבען מיר דאָך פרעמדע, אונטערדריקטע, פערהאַסטע אונד געיאָגטע. וואס מיר מאַטערן אונז שענער, בעסער אונד נוטצליכער צו זיין, איז אונז אַלץ ערגער, עס פערדריסט אונזערע קריסטליכע ברידער, וואס מיר זיינען שיין, אָרדענטליך, געשיקט אונד געבילדעט. אַ מאָל האט מען אונז פערפאָלגט דערפאר, וואס מיר זיינען געוועזען אונוויסענד אונד האלב פערווילדערט, היינט יאָגט מען אונז דערפאר, וואס מיר זיינען ציוויליזירט. וואַהרע מענשענרעכטע האבען מיר אין קיין לאנד; ניט דער דייטשער, ניט דער פראנצייזישער אונד אויך ניט דער ענגלישער איד קען זיך ריהמען, אז ער האט אַללע בירגעררעכטע, עפּעס פעהלט איהם, אין גאנצען שיינקט מען איהם דאָס, וואס יעדער פויער בעזיטצט אין יענע לענדער. דארום מיין פריינד מוזען מיר היטען אונזער נאַציאָנאַליטעט אונד בלייבען בייא אונזער אייגענער קולטור; מיט אונזער קנייצען אונד בייגען זיך אויף אַלל אַרטען פיהרען מיר גאָר נישט אוים, מען וועט אונז קיינמאָל ניט מוחל זיין, דאָס וואס מיר זייען אידען, אונד אז מיר זאללען אונז אפילו אין גאַנצען אסימילירען מיט דיא איבעריגע פעלקער, וועט מען אונז ניט פערצייהען, וואס מיר זיינען אַ מאָל געוועזען אידען. איז דען ניט גלייכער, אז מיר זאללען בלייבען בייא אונזער נאַציאָנאַליטעט אונד בייא אונזער אייגענער קולטור, וועלכע עס איז דער פונדאמענט, דער יסוד פון אללע אמונות און דער השכלה פון אללע מאָדערנע פעלקער? —

— „אָבער יעטצט איז שוין ניטאָ וואס צו ריידען פון דעם" — האָט זיך טהערעזאַ אבגערופען — „יעטצט, ווען מיר זיינען אזויא שטאַרק אונטערדריקט, אָרעם, עלענד אונד צו וואָרפען הויפענווייז אויף דער גאַנצער וועלט, קענען מיר שוין גאָר ניט דיינקען יעמאלס צו איינע פעסטע פאָליטישע לאגע צו קומען. מיר זיינען צו שוואך, מיטטעללאָז אונד אָרעם, זיך אויפציהויבען צו איין געוויסען נאַציאָנאַללען גראַד. אונזער אָרעמע נאַציאָן האָט שוין לאנג דיעזען ערהאַבענעם געפיהל פערלאָרען. זיא שלאָפט אונד איז צו פריעדען ווען מען וועקט איהר ניט!..." —

— „יאַ, מיין פריילין, זיא שלאָפט אַ זעהר האַרטען שלאָף" — האט איהר גאָלדמאַן געענטפערט — „שוין באַלד צווייא טויזענד יאָהר וויא זיא איז פערזונקען אין דער לעטהאַרגיע, נאך אַ קורצע צייט אונד דיעזער שלאָף וועט איבערגיין אין דעם ווירקליכען טויט. אונזער פאָלק האט נאך קיינמאל אזוי שטאַרק ניט געשלאָפען וויא יעטצט. עס זיינען געוועזען צייטען, ווען זיא איז פערזונקען געוואָרען אין איין שווערען שלאָף, אָבער איהר האַרץ, איהר ריינע א י ד ע ש ע האַרץ האט דאך געקלאַפּט אונד דאַרום האט זיא זיך יעדען מאָל אויפגעוואַכט פריש אונד מונטער. יעטצט אָבער שטייט איהר האַרץ שטילל, קיין אידעשער פולז שלאָגט אין איהר קערפער, זיא קען זיך אַזוי אַוועק שטאַרבען אין גאַנצען אונד עס וועט פון איהר קיין געדעכטניס בלייבען.

טייזענדער יאהרען האט אונזער נאַציאָנאַל געפיהל מלחמה געהאַלטען מיט אַללע בייזע קרעפטע, וואס זיינען אַנטקעגען איהם אויפגעשטאנען, איהם צו פערניכטען. אין אַלטערטהום איז ער דורכגעגאַנגען גאַנצע טייכען פון אייגענע בלוט. אין מיטטעלאַלטער האט ער איבערגעלעבט דיא אינקוויזיציאָן מיט אַללע איהרע מלאכי-חבלה. שפּעטער, אין דיא נייערע צייטען, פלעגט ער שטענדיג אַרויס גיין פון דער נאַציאָנאַליטעט מלחמה, אַלס העלד. יעטצט אָבער דערשטיקען מיר דאס נאַציאָנאַל-געפיהל מיט אונזערע אייגענע הענד. מיר שעמען אונז מיט אונזער אבשטאממונג, מיר פערלייקענען אונזער געבורטה, מיר מאַטערן זיך אַנדערע נאָכצומאַכען אונד מיר זעהען גאָר ניט וויא לעכערליך מיר זעהען אויס מיט אונזערע ציוויליזירטע גרימאַססען, מיט אונזערע אַססימילאַטאָרישע מינעס. מיר זעהען ניט וויא מען לאַכט אונז אויס פאר אונזער אייפער, פאַר אונזער גינציגקייט. מען מאַכט פון אונז הוזק פאר אונזער פאַטריאָטיזם אונד מען שטעלט אונז אויס אַ צונג פאַר אונזערע שווערע אָפּפער. אַללע פעלקער מעגען זיין ווילד, נאַרעש, אונוויסענד, רויבעריש, זייא איז מען מוחל. מיר טאָרען אפילו ג ו ט אויך ניט זיין, פון אונז פערלאַנגט מען, אַז מיר זאָללען אין גאַנצען אויף דער וועלט ניט זיין, מיר זאָללען מיט אונזער אידעשקייט מאַכען איין ענדע אונד צומישען זיך מיט דיא פעלקער אונטער וועלכע מיר לעבען. אונזערע נאַרעשע אונד קאַלטע פהילאָזאָפהען ראַטהען אונז דער צו, זייא שרייען אין זייערע צייטונגען אונד ביכער, אַז דאס יודענטהום איז שוין לאַנג געשטאָרבען אונד פאַר אונז איז מעהר ניט איבערגעבליבען וויא איין וועג, זיך מיט איין קלאַפּ צומישען מיט אונזערע שכנים אונד אָבזאָגען זיך פון אַללע אינזערע האפפנונגען, פון אונזערע אידעאַלען, וואס

האַלטען נאך אויף דיא נשמה אין אונזער שוואַכען קערפער. אָבער איז עס רעכט מקריב צו זיין יענע טויזענדער יאָהרען פון ליידען אונד פערפאָלגונגען, וואָס מיר האָבען דורכגעמאַכט מיט אזוי פיעל העלדענמוטה, פאר דיא שיינבארע חסדים, וועלכע מען וועט אונז שיינקען פאר אונזער זעלבסטמאָרד? טויזענדער יאהרען זיינען מיר פעסט געשטאַנען וויא שווערע פעלזען אין מיטטען ים פון צרות אונד ליידען, מיר האָבען איבער-געטראָגען אַללע שווערע שלעג פון דיא גרימיגע וועללען, מיר האבען קיין איינ-ציגען טריטט אָבגעטרעטען פון אונזער רעליגיעזען שטאַנדפונקט אונד צולעטצט זאללען מיר אלליין, מיט אונזער איי-גענעם וויללען, זיך טייטען? מיר אלליין מיט אונזערע אייגענע הענד, זאָללען פערוואַרפען מיט בלאַטע דיא גילדענע שורות פון אונזער געשיכטע, יענע שורות וואס זיינען געשריבען מיט דעם בלוט פון אונזערע העלדען, וועלכע לייכטען וויא גאָלדענע שטערן אין דער וועלט געשיכטע?...'' —

דיעזעס האט ער מיט גרויס בעגייס-טערונג געשפראָכען, הין אונד הער אים צימממער שפאַציערענד. ער האט גאַנץ וויינינ געאַכטעט אויף זיין שילע-רין, עס האט אויסגעזעהן, אז ער האָט אָן איהר אין זיין אויפרעגונג פערגעסען אונד וויא צו זיך זעלבסט גערעדט. צווייא גרויסע טהערען, וויא צווייא העללע ברילליאַנטען, האָבען גערונען אויף זיינע רויטע, דערהיטצטע באַקען.

— ,,וואָס קענען מיר אָבער טאָן צו אונזער זעלבסטהילפע?'' — האט איהם טהערעזא געפרעגט אונד האט איהם מיט בעוואונדערונג אָנגעקוקט — ,,וואס קע-נען מיר טאָן, אום אונזער פערצווייפ-פעלטע לאגע צו פערבעססערן? מיר זיינען טיעף, זייער טיעף געזונקען!''

— ,,אָ, מיר זיינען שוין פיעל מאָל געפאַללען!'' — האָט זיך גאָלדמאַנן וויא פון אַ שווערען שלאָף אויפוואכענ-דיג אבגערופען — ,,מיר זיינען שוין פיעל מאָל צו דער ערד איינגעבויגען געוועזען, אָבער אונזער נאַציאָנאַלגע-פיהל האט אונז יעדעס מאָל וויעדער אויפגעהויבען. מיר דאַרפען נאָר אונטער אונז האבען אַזעלכע מעננער וויא דיא מאַקבייער (מכבים), וואס זאָללען אויפ-הייבען הויך דיא פאָהנע פון אונזער נאַציאָן, פון דער אידעשקייט; מיר דארפען זיך נאָר פעראייניגען מיט איין אידעע, מיט איין געדאַנקען, מיט איין וויללען, וועלען מיר שוין געננג שטארק זיין, אום זיך זעלבסט צו העלפען. דיא הויפטזאכע איז, אַז מיר זאָללען אונזער פונדאמענט, אונזער נאַציאָנאַליטעט הי-טען, ער זאלל גאַנץ בלייבען, דאס איבעריגע מאַטעריאַל צו דער גרויסע געביידע, וועלען מיר שוין ביסלאכווייז צוזאממענקלייבען אונד אונז העלפען. אום איין פונקט צו האָבען, אויף וועל-

כען מיר זאָללען אונז מיט זיכערהייט קענען אָנשפּאַרען, מוזען מיר ערשטענס א גרויסע צאָהל אייגענע ערדאַרבייטער האַבען, וואס זאָללען אונזער אייגענע ערד בעאַרבייטען אונד אונז מיט אייגענע ברויט פערזאָרגען, דאַן מוזען מיר אונזערע קינדער איין גאַנץ אנדערע ערציעהונג געבען, איינע ערציעהונג נאך אונזער אייגענע אַרט אונד נאך אונזערע בעדירפניססע. מיר דארפען אונזערע קינדער ניט מאַכען פאַר דייטשען, פראַנצויזען, אָדער ענגלענדער, מיר מוזען זייא מאכען פאַר עכטע אידען, זייא מוזען וויססען אז זייא זיינען אידען אונד דארפען זאָרגען פאַר זייער נאַציאָן. אויך מוזען מיר וועיכען פון דעם נאַרישען לוקסוס, וואס זויגט אוים די לעטצטע ביסעל מאַרך פון אונזערע ביינער אונד מאַכט אונז לעכערליך אין די אויגען פון אַללע פעלקער, ווארום איין אויסגעפּוצטען ציגיינער קען מען יא ליידען; אבער איין אויסגעפּראַנטעוועטען אידען, איין אידען וואָס מאכט וועלכע אנשפּריכע אויף דעם לעבען, האַכט מען ערגער אַלס דעם טויט. מיר דאַרפען אונזער געלד, אונזער מיטטעל האַבען אויף נייטיגערע זאַכען... אָט מיט דיעזע מיטלען קענען מיר אַ מאָל קוממען צו אַ שטיקעל תכלית אונד די צייט וועט אונז לערנען וואס וויטער צו טאָן...“ —

די טהיר פון ציממער האַט זיך אויפגעעפינט אונד איין קריכטליכעם קאמ- מערמעדכען אין רייכער טואַלעטטע איז אַריין אין ציממער.

— „די מאַדאַם האָט איך געבעטען, איהר זאָללט אויגענבליקליך צו איהר קוממען!“ — האָט זיא צו פריילייַן טהערעזאַ געזאָגט — „זיא דאַרף אייך נייטהיג האַבען!“ —

— „איך קום גלייך“ — האָט איהר טהערעזאַ געענטפערט.

— „ענטשולדיגט מיר, פריילייַן, וואס איך האָב היינט לייגער וויא אַללע מאָל אייך אויפגעהאַלטען!“ — האָט דער שטודענט צו איהר געזאָגט אונד האָט גענומען זיין הוט אונד מאַנטעל, אום אַוועק צו גיין — „די טהעמאַ איז מיין ליעבלינגסטהעמאַ, איך קען מיך ניט אַזוי לייכט פון איהר אָפּרייכען!“ —

— „אָ, איך דאַנק אייך זעהר, העדר גאָלדמאַנן!“ — האָט איהם טהערעזאַ מיט אַ פריינדליכען שמייכעל געענטפערט — „איהר האָט מיר ווירקליך די אויגען געעפינט. פון היינט אָן וועל איך אונזער געשיכטע מעהר שטודירען. גלויבט מיר, אַז די שיקזאַלען פון אונזער אונגליקליכען פּאָלק אינטערעססירען מיך פיעל מעהר, וויא עס ווייזט אייך פיעל לייכט אוים אונד איך וועל אייך דאַנקבאַר זיין ווען איהר וועט מיך אין דיזען געגענשטאַנד מעהר אונטערריכטען. יעדער מענש מוז וויססען די געשיכטע פון זיין פאָלק אונד זיך אינטערעססירען פאַר זיין וואהל אונד וויא, זאָגט איז

ער ניט ווערטה, וואס דיא ערד טראָגט איהם !" —

— „אונד מיך וועט דאס זייער פריי-ען, ווען איך וועל אייך אין איין עבטעס יורענקינד פערוואַנדלען, פרויליין לע-וועגבערג — האָט ער איהר מיט אַ שמייבעל געענטפערט — „דיא פרויען האבען צו יעדער צייט דיא גרעסטע ראָללע גע-שפיעלט אין דער וועלטגעשיכטע. גיב גאָטט, אז אונזערע אידעשע טעכטער זאָללען זיך קויפען איין אונשטערבליכען נאָמען דורך גוטע טהאַטען אין אונזער צוקינפטיגער וועלטגעשיכטע !... אַדיע, מיין פרויליין !" —

י.

## נאַריעזשרא גריגאַריעוונא אונד איהר פּלאַן.

אין איין גרויסען, רייכגעפוצטען, גלענצענדען אונד העללען צימער, אויף איין ווייכען זיידענעם פאָטעל, בייא איין טואַלעטטענטיש, אויף וועלכען עס איז געשטאַנען אַ גרויסער ווענעציאַנישער שפיעגעל אין איין רייכען גאָלדענען ראה-מען, איז געזעסען איינע פרויא אונד האָט מיט גרויס ערנסט אונד אויפמערק-זאַמקייט אריינגעקוקט אין שפיעגעל. אפין ערשטען בליק האט מען איהר גע-קענט רעכענען פאר אַ יונגע פרויא פון אונגעפעהר פינף אונד צוואַנציג יאהר, מען האט זיך אָבער געגויער צו איהר צוגעקוקט, האט מען דייטליך געזעהן, אז זיא איז בעדייטענד עלטער אונד דיא יוגענדליכע פארבע פון איהר געזיכט, דיא זאַפטיגע פרישע פון איהר צאַרטע הויט, וויא אויך דיא עכטע שוואַרצקייט פון איהרע געדיכטע האָר, זיינען נאָר געקינסטעלטע. אויף דעם טואַלעטטענטיש איז געוועזען אַ גאַנצע אויסשטעללונג פון יענע פראָדוקטען, מיט וועלכע עס בענוצען זיך היינטיגע צייטען אונזערע דאמען פון יעדער קלאַ-סע, אום מיט דער נאַטור צו קעמפפען, אונד צו פאראַליזירען איהר האַנד, וואס עס פאַללט אויף זייא מאנכעס מאל זייער שווער, גרויזאַם אונד אָפטמאָל נאך פאר דער צייט. דיא נאַטור איז אָפט-מאָל זייער קאַפריזנע אונד וואַרפט אריין דרייא־פיער גרויע האָר, אין דיא וואונ-דערשיינע, שוואַרצע-לאָקקען, אָמאָל גראָבט זיא איים אַפאָר קליינע גריבלאך אדער קנייצעלעך אויף דעם אַטלאַסוויי-סען, מאַרמאָר גלאַטטען שטערן, זיא ציעהט אויס דיא רונדע באַקען, מאַכט שוואַרץ דיא פערלדיגע ציינער, זעהער אָפט לאָזט דיא נאַטור גאָר אויסוואַקסען אַ פאָר קליינע באראָדעוקעס אויף דעם בילדשיינען געזיכט, מיט איינעם וואָרטע זיא שאַלטעט אונד וואַלטעט איבער דיא פרויענשענהייט וויא איין גרויזאַמער קע-ניג, אָבער דער גאָטט, וואס האט בע-שאפען אַ רפואה צו יעדער מכה, האט בעשאפפען אַ מאַססע מיטטלען אויך צו דיעזעם פלאָג, ער האט בעשאפפען אָין

פאריז אַ מאַססע קינסטלער, וואס זיט־צען טאָג אונד נאכט אונד קלערען, וויא מען זאָלל מאכען פון אַלטע ווייבער, יונגע בליהענדע דאַמען, פון גרויסע מיאוסקייטען — בילדשיינע פריילינס, אונד פון אַפּפען — מענשען. אונד זייא האבען טאקי ערפונדען אללערלייא וואַ־סערן — וואַהרע גן־עדן־וואַססער! — וואס טוהען פראָסט וואונדער איבער וואונדער.

אויף דעם טואַלעטטענטיש זיינען געשטאַנען איינינע דוטצענד פלעשלאך פון דיעזע גן־עדן־וואססערן, אללערהאנד זייפען, קארמין, בלייוויים, פוידער, ציינבערשטעלעך, פענזעלעך אונד נאך אַזעלכע געגענשטענדע, פון וועלכע מיר מאַנסלייט האבען גאָר קיין בעגריף ניט, פון זייא ווייסען נאַר יענע דאמען, וואס זייער העכסטער ציעל, זייער רייכטהום, זייער טוגענד, זייער בילדונג בעשטייט נאָר אין זייער נאַטירליכע אדער גע־קינסטעלטע שענהייט...

איינע פון דיעזע לעטצט גענאַנטע איז געווען דיא דאַמע, וואָס איז געזע־סען אין פאטעל אונד האט אריינגעקוקט אין שפיעגעל מיט איין ערנסטע מיענע, וועהרענד זיא האט מיט א קליינעם פענ־זיל איהרע ברעמען שוואַרץ געפאַרבט. זיא איזט געוועזען אַ וואהרע קינסטלערין אין דיעזער אַרבייט. באַלד אָבער האבען איהרע שטעכענדע אויגען בע־קומען איין שטאָלצען אונד דאָך א וייכען גלאַנץ. אלס זיא איז מיט איהר געזיכט אונד האאר פערטיג געוועזען, האט זיא זיך איינינע גרויע האאר אויסגעצופּט פון איהר קאָפּ אונד אנדערע האט זיא צוגעפארבט אונד האט זיך איינינע מי־נוטען שווייגענד אונד פאַרשענד בע־טראכט אין דעם שפיעגעל אונד איז וואהרשיינליך זייער צופריעדען געוועזען מיט דעם רעזולטאט פון איהר ארבייט. דען אַ צוקערזיססער שמייכעלע האט זיך געוויזען אויף איהרע פרישע אונד זאַפ־טיגע קאָראַללענליפּפען אונד איהר גע־זיכט האט אויפגעשטראהלט אין פרייד. זיא איז אויפגעשטאנען פון פאָטעל, האט זיך אומגעדרייט, אום זיך פון הינטען צו בעטראכטען אין שפיעגעל, דאן האט זיא עטליכע מאָל דעם לאנגען ציממער דורכשפאצירט, וואָבייא דיא לאַנגע שלע־פע פון איהר קלייד האט. גערוישט פון הינטען וויא דער ראָד פון אַ דאמפפשיף.

זיא האט געטראַגען א טהייערע קלייד פון גרינעם סאמעט, זייער טיעף דעקאללטירט, פערציערט מיט פרישע בלומען, מיט ראָזאבענדער אונד מיט גאלדענע קנעפּ פון אויבען ביז אַראָפּ. אויסער דעם האט זיא געטראַגען א מאססע ברילליאַנטען אונד אנדערע ציע־רונג.

דיא טהיר פון ציממער האט זיך לאנגזאם געעפינט אונד אויף דעם שוועל האט זיך געוויזען דיא פיגור פון אַ מאַן פון אונגעפעהר זעכציג יאהר אַלט. ער

איז געוועזען פון אַ הויכען וואוקס מיט אַ גוט אויסגעפּוטערטען בויך. ער האט געטראגען קורצע קליידער פון פיינסטען שטאָף גענייט נאך דער לעטצטער מאָדע. זיין באָרד איז געוועזען קורץ געשאָרען אונד שטארק צוגעפאַרבט מיט אַ שוואַרצע פאַרב, אויף זיינע אויגען האט ער געטראגען אַ גאָלדענע פענס־נע. אין גאנצען האט ער וויניג עהנליכקייט גע־האט צו אַ אידען, ווען ניט זיין שטארק געבויגענע נאָז, דיא ריינע אידעשע נאָז, וואָלט איהם ניט פעררעטהען, אז ער געהערט אויך צו יענעם פאָלק, וואס מאן פערפאָלגט שוין איבער צוויא טויזענד יאהר, פאר דיא עבירה, וואס זייא זיינען געבאָרן וואָרדען אין אמת׳ע אידי־שע הייזער...

— „וואס ברייגנסט דוא נייעס, פיאָ־דאָר איוואַניטש?“ — האָט דיא דאמע בייא איהם געפרעגט —

— „איך בין צו דיר געקוממען פרע־גען איין עצה, נאדיעזשדינקע!“ — האט ער איהר געענטפערט — „איך...“ —

— „נוא?“ — האט נאדיעזשדאַ גרי־גאָריעוונאַ אויסגערופען אלס זיא האט בייא דעם שפּיעגעל איהר ברילליאַנטענע בראָשע אָנגעטאָן — רייד, וואס ווילסט דוא!“ —

— „בייא מיר אין קאַבינעט וואַרטען ראָזענפעלד אונד וואָלקענשטיין“ — האט ער ווייטער אָנגעהייבען מיט איין אונ־זיכערע שטימע — „זייא זיינען געקומען

בעטען א נדבה אויף דעם זעמלעריעל־צעסקען (לאנדבארבייט) פאנד, וואס ש. פאָליאקאָוו האט געגרינדעט. אללע אי־דען פון אללע שטעדט גיבען אויף דעם זייער גרויסע נדבות...“ —

— „וואס? שוין ווידער דיא אידע־שע געשעפטען?“ — האט נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונא אויסגעשריען אונד איהרע שווארצע אויגען האבען אין צאָרן אויפ־געבליטצט וויא בייא אַ ווילדען טיגער — „מיין גאטט! ווען וועלען מיר שוין דער־לייזט ווערען פון דיא אידען מיט זייערע קהל׳שע זאכען! וואס קריכען זייא צו אונז דיא שמוטציגע אידען מיט זייערע געשעפטען? מיר האבען זיך שוין, דאכט זיך, פון זייא אין גאַנצען אָבגעזאָגט; איך וויל זייא ניט וויסען, ניט קענען! דוא אָבער קענסט זיך פון זיי ניט שיידען, איבער דיר האבען מיר קיין צורה אונד קיין פנים ניט אונד דער סוף וועט זיין, אז קיין רעכטער מענש וועט צו אונז אין הויז ניט וועלען אריינשמעקען, ווארום וועלכער רעכטער מענש וויל דאס הא־בען געשעפטען מיט אידען?“ —

— „אָבער מיר קענען דאך אין גאנצען ניט אבלייקענען אונזער אב־שטאממונג“ — האט ער קוים אַרויסגע־שטאממעלט — „מען זאָגט דאך פאָרט אז מיר זיינען אידען!“ —

— „ניין! מיר קענען!“ — האט זיא נאך ווילדער אויסגעשריען — „מיר מ ו ז ע ן! הערסטו? איך וויל פון

דיא אידעלעך גאָר נישט וויסען! זאָללען זייא גיין אין אַללע רוחות מיט זייערע פּאַנדען, מיט זייערע בלאגאָטוואָריטעלנע אוטשרעזשדעניעס (וואָהלטהעטיגע פּער-איינע!) איך האב שוין גאָטט געדאַנקט אז איך בין פּטור געוואָרען פון אונזערע ליעבהאַרציגע אידעלעך אין ליטא, נאַ-דיר ווייטער אידעלעך! אויך דאָ, וואו מיר הייבען ערסט אָן צו שפּיעלען אַ שטיקעל ראָללע! איך זאָג דיר, פיאָדאָר, איינם פאַר אַללע מאָל, ווילּלסט דוא דיך פון דיינע שמוטציגע אידען ניט שיידען, קענסט דוא זיך חאָטש היינט צוריק אַוועקפּאָהרען אין דיין ליטא; איך וועל דאָ בלייבען מיט אונזער טהערעזען!" —

— „בערוהיג דיך נאַר, מיין ליעבע נאַדיעזשדינקע!" — האָט ער זיך עטוואס דרייסטער אבגערופען — „ווארום רעגסט דוא דיך אזוי שטארק אויף? דוא ווייסט דאך, אז איך פאָלג דיר אין אַלץ. זאָלל שוין זיין וויא דוא זאגסט! אבער מען קען דאך אזוי גראָב ניט זיין אונד גאָר נישט געבען, ווען אַללע אידען גיבען הויפּענווייז אונד בפרט נאך צו אזא גרויסען צוועק. בערעכבען מען וועט קויפען ערד אונד לערנען אידען זייא זאָללען עס בעאַרבייטען. דאס וועט דאך זיין אַ וואהרער גליק פאר אונזערע רוסישע אידען!" —

— „אָט לאך דיך אוים דערפון!" — האט איהם נאַדיעזשדא גריגאָריעוונא געענטפערט — „דער איד טויג אזוי צו לאנד ארבייט, וויא איין אייזעל צו אַסטראָנאָמיע. אַ שאָד נאָר דיא געלד! נאָר וואס גייט עס אונז אָן צו אידען האבען אייגענע ערד צו ניט? זאָלל דאס אונזער לעצטע דאגה זיין! אָט דוא פאָחר בעססער אריבער צו זוויעראָווען אונד בעט איהם ער זאָלל היינט קוממען צו אונז פאר נאכט צום באלל. זעה מיט אַללע מעגליכקייטען אז ער זאָלל קומען. מיר שיינט, אז ער איז עפּעס ברוגז; טהערעזא האט איהם עפּעס אזוי פיין ניט בעהאנדעלט, זיא האט שוין פון מיר געהאט דערפאר, דיא נאררן! זיא פאַרשטייט גאָר ניט וואס פאַר אַ גליק עס איז פאר איהר ווען ער וועט איהר נעהמען!" —

פיאָדאָר איוואַניטש האט איהר איי-ניגע מינוט העכסט איבערראשט אָנגע-קוקט, דאן האט ער זיך אָבגערופען:

— „איז דאס דיין ערנסט, נאדיעזש-דא? דיינקסט דוא באָמת אונזער איינ-ציגע טאָכטער צו פערהייראטהען מיט זוויעראָוועןֹ?" —

— „פאר וואס ניט?" — האט זיא איהם צוריק געפרעגט — „איז דאס אַ שלעכטע פארטהייא פאר טהערעזען? זוויעראָוו איז אינשזינער בייא דער איי-זענבאהן מיט אַ גרויסע געהאַלט, ער איז זייער אַ געבילדעטער יונגער מאַן, דער איינציגער יורש פון אַ גאַנצען מיל-ליאָן. אויסער דעם קענען מיר דורך איהם בעקומען דיא גרעסטע געשעפטען, דיא גרעסטע פּאָדראַטען!" —

— „גאַנץ גוט, ליעבע נאַדיעזש-דאַ!“ — האט ער געענטפערט — „דאס איז אַללעס גאַנץ גוט, אויסגעצייכענט! אָבער צו וועם ע ר וועלען נעהמען אונזער טאָכטער?“ —

— „פאַר וואס ניט?“ — האט זיא איהם געפרעגט — „טהערעזא איז איין בילד שיינע פריילין, מיט אַ מאַססע בילדונג אונד דערצו נאך דיא איינציגע טאָכטער פון פיאָדאָר איוואַנישש לע-ווענבערג, קאָממערטשעסקי סאָוויעטניק (קאָמערציען ראטה) אונד אַקציאָנער!“ —

— „גאַנץ רעכט!“ — האט ער זיך אָבגערופען אַ טהייערען האַוואַנאַ ציגאַר פעררויכענד — „אָבער דוא פערגעסט, מיין ליעבע נאדיעזשדא אז זוויעראָוו איז א ק ר י ס ט אונד טהערעזא איז איין א י ד ע ש ק י נ ד!“ —

— „איז וואס? קען ער מיט איהר ניט חתונה האבען ווען ער איז א קריסט? ער ליעבט איהר אונד וועט מיט איהר גליקליך זיין. אונד דאס וואס זיא איז איין אידעש קינד איז אויך קיין אונגליק ניט, זיא קען זיך ט ו י פ ע ן!“ —

— „נאַדיעשדאַ!“ — האט ער אויכ-געריפען אונד דער ציגאר איז איהם פון שרעק ארויסגעפאללען פון האנד — „בע-דיינק נאָר וואס דוא רעדסט: ט ה ר ע-זאַ זאָלל זיך טויפען!!!“ —

— „וואס האָסט דוא דיך דאַ אזוי דערשראָקען?“ — האט זיא זיך וויער קאַלטבלוטיג אָבגערופען — „ווער מאַכט אין היינטיגע צייטען א וועזען דערפון? וואָס איז רעליגיאָן? אַ מאַסקע! גאָטט בלייבט דער זעלבינער. בייא איהם איז אַלץ איינס צו מען בעט צו איהם אויף אידיש אָדער אויף רוססיש. אונזער אריסטאָקראַטיע נעהמט דאס זייער לייכט צו, נאָר אין דיא קליינע ליטווישע שטעדלאך שרעקט מען זיך נאך דער-פאַר“. —

— אָבער וויא קענכט דוא דאס פער-לאנגען, אז אונזער איינציגעס קינד זאָלל זיך פון אונז אויף אייביג אָפרייסען אונד געהערען צו איין אנדער נאַציאָן? — האט פיאָדאָר איוואַנישש כמעט וויינענדיג געשריען — „דאס וועט דאָך פאר אונז זיין אַ שאַנדע כל זמן מיר וועלן לעבען!“ —

— „פוי, וואס פאַר נאַרישע רייד!“

— האט זיך נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונא אָפּגערופען — „זיא בלייבט יא איממער אונזער קינד, צו זיא וועט חתונה האבען מיט א קריכטען צו מיט איין אידען, אונד מיר וועלן אונז שטענדיג פרייען מיט דעם, וואס מיר האבען אונזער קינד גליקליך געמאכט“. —

— „אבער וואס צווינגט אונז אונזער קינד אַוועקצוגעבען נאָר פאַר א קריסטען?“ — האט ער איהר גע-פרעגט — קענען מיר דען פאר איהר ניט געפינען אַ טיכטיגען מאַנן אונטער אונזערע אידען? היינטיגע צייטען גע-פינט מען אויך אונטער אונזערע אידען זייער טיכטיגע לייט. מיר זיינען נאָטט

צו דאַנקען, זייער רייך אונר מיר קענען פאַר אונזער קינד עררייכען וואס מיר וויללען".—

— „דיא וועלט וועט פון אונז לאַכען, אז מיר וועלן אונזער קינד חתונה מאַכען מיט אַ אידישע יאַרמעלקע? קיינער וועט צו אונז גיט אריינשמעקען אין הויז, מען וועט אונז אויך אָנרופען מיט דעם ליעבען נאמען: „שזיד", קיין אָרענטליכער מענש וועט מיט אונז קיין געשעפט ניט וועלן מאכען אונד מיר וועלן בלייבען דאס, וואס מיר זיינען פריהער געוועזען ...."—

פיאָדאָר איוואַנימש האט זיך געקראַצט הינטער זיין אויער אונד עטליכע מינוטען האט ער ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן, ענדליך האט ער ארויסגעפלאצט מיט דער פראגע:

— „אונד וואס וועט טהערעזא זאגען דער צו? וועט זיא איינשטיממען חתונה צו האבען מיט אַ קריסטען? וועט זיא זיך וועלען טויפען?" —

— „אָ, דאס איז שוין מיין זאַך!" — האט נאַדיעזשדא גריגאָריעוונא געענטפערט אונד האט מיט גרוים שטאָלץ איהר קאָפּף אויפגעהויבען — „זיא איז גאָר ניט אזוי נאַריש, אזא גליקליכע פארטהייא אָבצוזאָגען. לאָז נאָר מיר האַנדלען, איך וועל שוין דיא זאך אין אָרדנונג ברייננגען. אבער געדיינק נאָר וואס איך האב דיר געבעטען, דוא זאללסט אריבערפאָהרען צו זוויעראָווען אונד זעהן אז ער זאלל היינט דורכאוים זיין בייא אונז אויף דעם באלל!" —

חערצעל לעווענבערג האט איינגעזעהן אז מיט רייד וועט ער דאָ גאָר נישט אויספיהרען, זאָ איז ער טרויעריג ארויסגעגאַנגען פון זיין ווייבס צימער.

אלס נאַדיעזשדא איז אלליין געבליעבען, האט זיא אויסגערופען:

— „אָ! צוואַנציג יאהר לאַנג דרעססיר איך איהם; אַ בער אין וואַלד וואָללט מען שוין אויך אויסגעלערנט אונד ער שמעקט נאך אַלץ מיט דעם ליטווישען שול-הויף, איהם ליגען נאך אין זינען דיא אידעלעך מיט זייערע עסקים. אָבער איך וועל איהם שוין אויסלערנען! מיט דער צייט וועט זיך אללעם איינאָרדנען, דיא הויפטזאַכע איז, מיר זאָללען אונז האלטען ווייט פון דיא אידען. לאָז נאָר טהערעזא חתונה האבען מיט זוויעראָווען, זאָ וועט זיך פאר אונז עפענען אַ נייע וועלט, דיא גרעכטע אַריסטאָקראַטישע הייזער וועלען זיך אונז עפענען. אָבער וואס זיטצט זיא היינט אזוי לאנג מיט איהר לעהרער? עס איז שוין 6 אוהר אונד עס איז שוין צייט זיך צו צוגרייטען צום באַלל. עס וועלען היינט בייא אונז זיין אַ מאַססע אַריסטאָקראַטען. היינט מוז איך זוויעראָווען אַ ביסעל אויספאָרשען. מיר שיינט אז ער איז אין טהערעזען פערליעבט ביז איבער דיא אויערן, זיא בעהאנדעלט איהם זייער קאַלט. מען דארף

איהר געבען צו פערשטעהן וואס אַ וועלט בעטיים !״ —

זיא האט אָנגעקלונגען אונד האט געהייסען איהר קריסטליכעס קאממער-מעדכען, זיא זאלל טהערעזען רופען צו זיך.

יא

— „האסט דוא מיך גערופען, מאַמא ?״ — האט טהערעזא איהר מוטטער געפרעגט, אַלס זיא איז אין צימטער אריינגעגאַנגען —

נאַדיעזשדא גריגאָריעוונא האט איהר עטליכע מינוט שווייגענד בעטראכט אונד האט זיך מיט איין אונצופריעדענעם טאָן אָבגערופען :

— „קליידעט זיך אזוי אַ יונגע דאמע צום באלל ? פאַרשפיעלעוועט פון קאָפּ ביז דיא פיסס מיט קנעפּ, אַ וואהרע רביצען ! פוי, עס עקעלט מיך קוקענ-דיג אויף דיר ! וויא לאנג נאך וועל איך ניט קענען ארויסטרייבען דעם אי-דעשען דוך פון דיר ! דיין טאטינס נעזיל לייגט מיר קלאַפּטערווייז אין דער ערד אונד דוא מיט דיין קליידען זיך, גריזעסט מיר אוים אַ שטיק האַרץ !״ —

— „וויא זאלל איך מיך דען קליי-דען ?״ — האט איהר טהערעזא געפרעגט אונד איהר געזיכט איז רויט געוואָרען פון פערדרוסס — „וואס נאך זאלל איך אָנצעפען אויף מיר ?״ —

— „איך האב דיר שוין טויזענד מאָל געזאגט, אז צו אַ באַלל טהוט מען אָן אַ דעקאָללטירטע קלייד“ — האט זיך דיא מוטטער אָבגערופען אונד איהרע אויגען האבען געשאָסען צאָרנדיגע פונ-קען — „זאָנסט וועט מען פון דיר לאכען אונד איך וועל האבען בזיונות. היינט וועלען בייא אונז זיין גרויסע לייט, דורכ-אוים קריסטליכע אריסטאקראַטען. עס פעהלט אונז מעהר ניט, אז מען זאלל אין אונז אָנשפירען אַ האָר פון אידעש-קייט ; איך וועל דאס ניט אויסהאלטען !״

— „ניין, מאַמאַ, איך קען קיין דע-קאָלטירטע קלייד ניט טראָגען !“ — האט איהר טהערעזאַ מיט ענטשלאָסענהייט געענטפערט — „מיך פריערט ווען מיי-נע אָרעמס, מיין נאַקען אונד מיין ברוסט זיינען ניט פערדעקט. אויסערדעם, שיינט מיר, אז עס פאַסט ניט פאר איין אנ-שטענדיגעם פריילײן איהר לייב צו ווייזען פאַר מעננער. דיא קלאַססדאַמע פון אונזער פענסיאָן פלעגט אונז איממער שטרענג פערזאָגען, דאס מיר זאללען זיך מיט אַנשטאַנד קליידען.....״ —

— „חאַ ! חאַ ! חאַ !“ — האט נאַד-יעזשדא גריגאָריעוונאַ געלאַכט — „שיינע פהילאָזאָפהיע לערנט מען אייך אין דיא פענסיאָנען ! איהר זייט גרויסע נאַרען אונד מען קען אייך איינריידען אַ יריד אויף דעם הימטעל. אַ שיינע מעשה וואָללט געוועזען, אז מיר וואָלל-טען פאָלגען אייערע קלאַססדאַמען ! מיר וואָללטען דאַרפען פערקריכען אין

דיא מייז לעבער אונד זייער פיעל חן
וואָללטען מיר האבען בייא דיא מאננס-
לייט !״ —

— „אָבער זאָג מיר, ליעבע מאמא״
— האט זיך טהערעזאַ אָבגערופען — „צו
דען זוכען דיא מאַנסלייט בייא אונז נאָר
מאָדרעזאַכען אונד שיינע טואַללעטטענ-
שטיקער ? צו וואָס קען זייא נוטצען
אונזערע פריזירטע לאָקקען, אונזערע
דעקאָללטירטע קליידער, אונזערע לאַנ-
גע שלעפפעס ? ניין, מוטטער ! זייא
דארפען נאָר אונזער ליעבענדעס הערץ,
אונזער צאַרטזינן, אונזערע ריינע גע-
פיהלען, אונזער אונבעפלעקטען חא-
ראַקטער. זייא זוכען אין אונז יענע מאָ-
ראַלישע אוצרות, מיט וועלכע זייא זאָל-
לען קענען פריעדליך אונד גליקליך
דורכלעבען זייער לעבענסצייט. אבער
מאָדעזאַכען אונד טואַלעטטענשטיקער,
קען מען זייער לייכט געפינען בייא אללע
מאָדעהענדלער.

איין בליטץ פון צאָרן האט אויפגע-
פלאַמט אין נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונעס
אויגען. זיא האט איהר קאָפּ נאך שטאָל-
צער אויפגעהויבען אונד האט געוואָללט
ארויספלאַטצען מיט אַ גאַנצען ים זידלע-
רייען אונד בעליידיגונגען, נאָר זיא האט
זיך איינגעהאלטען אונד געזאגט געלאַסען:

— „דוא בעליידיגסט מיך מיט דיינע
רייד, טהערעזאַ ! נאך דיינע רייד קום
איך בייא דיר אוים וויא אַ קאָקעטקע,
ווייל איך קלייד מיך נאך דער מאָדע
אונד איך ליעב יונגע לייט ארום מיר ;
אבער איך האב אויף דיר קיין פערדרוס
ניט, ווייל דוא ביזט נאך יונג, אונער-
פאהרען אונד דוא קענסט נאך דיא
וועלט ניט. איך בין אפילו ניט אזויא
געבילדעט וויא דוא, איך האב קיין
פענסיאָן ניט בעזוכט, אָבער דערפאַר
האב איך דורכגעמאכט דיא גרויסע לע-
בענסשולע אונד בין טאקי פראַקטיש
עוואָרען. זאָללסט ניט מיינען, מיין
ליעבעס קינד, אז דיא מעננער זוכען
אונזער בילדונג, אונזערע געפיהלען,
אינזערע זיטטען אונד אונזערע מאָראַלי-
שע פאָרציגע, זייא דארפען דאס אויף
כפרות, ווייל זייא אלליין זיינען כמעט
אללע פערדאָרבען. עס טרעפט זיך זיי-
ער זעלטען אז איינער פון זייא זאָלל
חתונה האבען מיט אַ מעדכען, וואס
איז קלוג, פרום, עהרליך אונד געביל-
דעט, אונד ניט רייך אונד שיין. זייער
ערשטע פראגע איז „וויעפיעל געלד האט
דיא כלה ?״ דיא צווייטע : „איז זיא
שיין ?״ אויף זיטטען אונד בילדונג
פרעגען זייא גאָר ניט. זייא קניען זיך
פאר אונז אונד פערגעטטערן אונז כל
זמן מיר זיינען יונג, פריש אונד בלי-
הענד, ווערען מיר עלטער, ווען אונזערע
יוגענדראָזען הייבען אָן אפצושטארבען,
ווייבען זייא פון אונז וויא פון דער
פעסט, דרום מיין ליבע טאָכטער, מוזען
מיר אללע מיטטלען אנווענדען, אונזער
יוגענד צו פערלייגערן, אונזער שיינהייט

פעסטער צו האלטען אונד מיט דעם זיך בענוטצען וויא מיט וואפפען געגען דיא פאלשע מעננער". —

— „זיינען דען דיא מאַנסלייט ווירק־ליך אַזוי פערדאָרבען ?" — האט טהערע־זע אין איהר קינדערשע אונשולד זייער נאַאיוו געפרעגט — „איך האב מיר דיא מעננער מיט פיעל שענערע פאַרבען פאָרגעשטעללט !" —

— „דאס איז ווייל דוא קענסט דיא וועלט ניט, מיין ליעבעס קינד !" — האט איהר נאדיעזשדא גריגאָריעוונא געענט־פערט — „דוא האסט מיט דיא מעננער נאך גאנץ וויינינ פערקעהרט אונד דארום ווייסט דוא ניט וויא פאַלש, וויא טי־ראניש זייא זיינען געגען אונז פרויען. זייא רעכענען אונז פרויען אלס דיענסטען. אלס פערקויפטע אונד זוכען פון אונז לויז צו ווערען זאָ באַלד וויא זייא האבען פון אונז קיין נוצען ניט, ווען מיר קע־נען זייערע ניעדעריגע ליידענשאפטען ניט בעפריעדיגען... אונזער גאַנצע עק־סיסטענץ (קיום), אונזער גאנצער גליק, בעשטייט נאָר אין אונזער שיינהייט אונד מיר דארפען אונז מיט דעם בענוצען כל־זמן מיר זיינען שיין אונד יונג. קע־נען מיר אונזער יוגענד מיט פראָפיט ניט אויסנוטצען — זיינען מיר פערלאָרען אויף אייביג !" —

שטילל און טרויעריג איזט טהערעזאַ אויף איהר שטוהל זיטצען געבליבען. זיא האט גאנץ אנדערע בעגריפע געהאט פון דער וועלט אונד פון לעבען, זיא האט גאַנץ אנדערס געאורטהיילט, זיא האט אויף גאַנץ אנדערע וועגען דאס גליק געזוכט, אָבער זיא האט גאנץ גוט געוואוסט, אז מיט איהר מוטטער איז זייער שווער צו דיספוטירען, וויא מיט אללע אונגעבילדעטע אונד אונוויסענדע מענשען אונד בפרט נאך איבער אַזאַ געגענשטאנד וויא דער, אין וועלכען איהר מוטטער איז געוועזען פערבלענ־דעט אונד פעראינטעררעסירט.

— „אָבער גענוג דערפון היינטיגען מאָל !" — האט זיך נאדיעזשדא גריגאָר־יעוונא אבגערופען אונד איז אויפגעשטא־נען — „יעטצט איז ניט דיא צייט איבער דעם צו ריידען ; עס איז שוין אבענד, באַלד וועלען דיא געסט קומען אונד דוא דארפסט דיך נאך אנקליידען וויא געהעריג איז. דוא האסט דיך היינט צו לאַנג בעשעפטיגט מיט דיין לעהרער. וואס האסט דוא היינט געלערנט ?" —

— „היינט האט מיר דער לעהרער ארויסגעגעבען אַ לעקציאָן איבער אי־דעשע געשיכטע !" — האט טהערעזא גע־ענטפערט. —

— „וואס ? איבער אידעשע געשיכ־טע ?" — האט נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונאַ מיט אַ ווילדע שטיממע אויסגעשריען אונד איהר גאַנצער קערפער האט גע־ציטטערט וויא אין אַ פיעבער פראָסט — „וואס אינטערעססירען דיך דיא אידען מיט זייער געשיכטע ? מיר דארפען

פון זייא גאָר נישט וויססען!... איך וויל ניט קענען דעם בעטטלער הויפען!... וואס איז דאָ מיט אונז פאַר איין אונגליק, דאס מיר קענען ניט לויז ווערען פון דער שוידאָווסטוואָ! דאַכט זיך מיר האבען אונז פון איהר מיט צעהן שלעססער פערשלאָססען אונד זיא קריכט נאָך אַלץ צו אונז. זאָג איהם, דיין לעהרער, דעם שלעפּער, אז איך וועל איהם ארויסיאָגען פון מיין הויז, וויא אַ הונד, אויב ער וועט זיך אונטערשטיין מיט דיר וואס עס איז צו לערנען איבער דיא אידען מיט זייער געשיכטע!" —

טהערעזא איז געבליבען שטיין וויא פערגליווערט, איניגע מינוטען האט זיא זאָגאַר ניט געקענט אטהמען, בלייך וויא אַ מאַרמאָר, מיט אַ צומישטען בליק האט זיא אַ לאַנגע צייט איהרע מוטטער אָנגעקוקט, ענדליך האט זיא זיך אָבגערופען:

— „איך פערשטייא ניט, ליעבע מוטטער, וואס האט דיר דאָ אַזוי אויפגעבראכט? וואס האַרט דיך, אז איך האב געלערנט דיא אידעשע געשיכטע?"

— „איך געפין דאס העכסט בעליידיגענד פאַר אונזער הויז, פאַר אונזער נאמען, פאַר אונזער שטאנד אונד פאַר אונזער געזעללשאפטליכען שטאנד!"

— האט נאדיעזשדא גריגאָריעווונא געשריען — „מיר זיינען שוין מעהר ניט יענע אידען, וואס דיא גאַנצע וועלט ווייזט אויף זייא מיט דיא פינגער. מיר זיינען שוין ארויסגעקראָכען פון יענעם שמוטץ, אין וועלכען עס צאַפּפּלען זיך יענע מילליאָנען אידעלעך, וויא קליינע ווערים. מיר זיינען שוין, גאָטט צו דאנקען, רעכטע אריסטאָקראַטען מיט אַ נאָמען אין דער וועלט. דיא העכסטע נאָבעלכטע פערקעהרט מיט אונז, מיר האבען בעציעהונגען מיט דיא רייכסטע געשעפטסהייזער, אונד דיעזען שטאַנד האבען מיר צו פערדאַנקען נאר אונזער צוריקהאלטונג פון דעם יודענטהום. דיא וועלט גלויבט אז מיר זיינען קריסטען אונד מיר דאַרפען זיך ניט אויסווייזען פאר אידען, זאָנסט פאַללט צוזאממען דער גאַנצער בנין, אויף וועלכען איך האב אַזא לאַנגע צייט געארבייט!" —

„אָבער, ליעבע מוטטער" — האט זיך טהערעזא אָבגערופען — „איך זעה נאך אַלץ ניט דעם גליק פון דיעזער לאַגע. איך דיינק דאס מיר קענען גאַנץ גליקליך זיין אויך ווען מיר וועלען טרייא האלטען מיט אונזער נאַציאָן. מיר האבען זיך ניט וואס צו שעמען מיט אונזער יודענטהום. גראַדע פערקעהרט, מיר דארפען זיך בעריהמען מיט אונזער גרויסע נאַציאָן, וואס האט דורכגעמאכט דיא שווערסטע שולע פון ליידען, דיא שרעקליכסטע אונווערזיטעטען פון פערפאָלגונגען אונד טרייא געבליבען איהר גאָטט, איהר רעליגיאָן, איהר קולטור.

איז זיא דען ניט דיא ערשטע, וואס האט דיא גאַנצע וועלט געלערנט איין איינציגען גאָטט צו דיענען? האט זיא ניט דיא ריינסטע זיטטענלעהרע, גע-זעטצע, וואס זיינען געבויט אויף ריינע מענשענליעבע, דער וועלט געשאָנקען? איז זיא ניט דיא גרעסטע נאַציאָן, וואס האט אין אַללע צייטען פערפלאנצט חכמה, וויסענשאפט, השכלה אונד דיא בעסטע מדות צווישען אַללע פעלקער? אויך יעטצט, צייכנען זיך אוים אונזערע אידען מיט זייער ערפינדערישען זינן אין אללע פאַכען פון דער וויסענשאפט? אויך יעטצט, ווען מיר זיינען פעריאָגט, פערזונקען אין עלענד אונד נויטה, פערפאָלגט אונד אונטערדריקט, פראָג-רעסירען דען מיר ניט מיט אַללע נאַצ-יאָנען צוגלייך? ניין, ליעבע מוטטער! מיר האבען זיך מיט אונזער יודענטהום אונד מיט אונזער געשיכטע ניט וואס צו שעמען, ווארום יעדער שורה פון איהר איז אַ גאנצע העלדענגעשיכטע, יעדעס בלאט — איין עכטער בלומענ-קראנץ, מיט וועלכע מיר קענען זיך פוטצען אונד אין גאנצען איז זיא אַ גאָל-דענע קרוין אויף דיא אידעשע קעפ. דוא אורטהיילסט פאלש, ליעבע מוטטער, ווייל דוא האסט אונזער געשיכטע ניט געלערנט אונד דוא בעטראכסט דעם יודענטהום מיט איין אָבערפלעכליכען בליק. בעטראכט איהם נאָר עטוואס טיעפער, עטוואס גענויער, וועסט דוא געוויס ענדערן דיין זינן איבער איהם אונד וועסט אנדערס אורטהיילען!" —

אין נאַדיעזשדא גריגאָריעוונעס ברוסט האט געקאָכט אונד געזאָטען וויא אין אַ קעססעל אויף דעם פייער. איהר גע-זיכט האט געפלאממט אונד איהרע אוי-גען האבען געשאסען פונקען. זיא האט פון איהר טאָכטערס רייד שוין גענוג פערשטאַנען וויא ווייניג זיא דאַרף רעכ-נען, איהרע פלאנען אויסצופיהרען. דאס וואר אַ גרויסער שטריך אין איהר רעכ-נונג; אָבער זיא האט געהאפפט, מיט קראפט אונד מיט ענערגיע איהר פלאַן דורכצופיהרען, דארום האט זיא איהר כעס פערבאָרגען אונד האט גאנץ גע-לאַססען געענטפערט:

— „איך בעט דיך, מיין קינד, דוא זאללסט מיר ניט לערנען וויא צו קוקען אויף דער וועלט. דוא רעדסט פון דיא ביכער, אבער דאס לעבען לערנט אונז פיעל מעהר אונד בעססער אלס אללע ביכער. אז דוא וועסט זיין אין מיינע יאהרען, וועסט דוא אנדערס אורטהיי-לען. דעם לעהרער, וואס פיהרט דיך אראָפ פון גראדען וועג, וועל איך מאָר-גען ענטזאגען; וואָללט איך פריהער געוואוסט אַז ער איז אַ איד, וואָללט איך איהם שוין לאנג געגעבען אַ פּיהר מיט אַ גלעקיל. יעטצט, גייא, מיין קינד, אונד גרייט זיך צו זום באלל. עס איז שוין שפעט. היינט וועט בייא אונז זיין דער אינשזינער זוויעראוו. זעה

נאָר, אַז דוא זאללסט זיך מיט איהם פריינדליך בעגיין. דען דוא ווייזט זיך אימער צו איהם צו קאַלט, צו שטאָלץ. אַזאַ קאַוואַליער וויא ער, פערדיענט מעהר אכטונג. אַנדערע דאמען שלינגען איהם פראָסט מיט דיא אויגען אונד דוא....."

— „אָבער וואס געהט מיך אָן דער אינשזינער זוויעראוו!" — האט איהר טהערעזאַ איבערגעשלאגען — „איך בעהאנדעל איהם וויא אללע קאוואליערען, ווייטער אינטערעסירט ער מיך גאנץ וויניג". —

— „ער איז איין אויסגעצייכענטער קאַוואַליער; עלעגאַנט, רייך, געבילדעט אונד פארנעהם" — האט נאדיעזשדא גריגאריעוונא געענטפערט — „דיא גרעסטע אַריסטאָקראַטקע וואללט זיך גליקליך שעטצען, ווען ער וואללט מיט איהר חתונה האבען, אבער ער וויל פון קיינע ניט וויססען... ער קוקט נאָר אויף דיר אונד גיט זייער דייטליך צו פערשטעהן אז ער מיינט וואס ערנסטעס מיט דיר..." —

— „מיך וואונדערט זייער, ליעבע מוטטער", — האט זיך טהערעזאַ אָבגערופען אונד איהר שטיממע האט געציטערט פון כעס — „מיר איז אַלץ איינס וועלכע געפיהלען ער פיהלט צו מיר אונד וואס ער ערקלערט וועגען מיך, איך פון מיין זייט, פיהל צו איהם גאָר נישט. פאַר מיר איז ער אַ ק ר י ס ט אונד מיט דעם איז שוין אללעס געזאָגט.

אויסערדעם, גלויב איך קיין קריסטליכע ליעבע צו איין אידעש קינד. אַ שיינע אידעשע מיידל, איז אין זייערע אויגען נאָר אַ „שפיעלצייג", מיט וואס עס איז גוט אַ קורצע צייט שפּאַסס צו טרייבען אונד נאכהער אויסצולאַכען. מיר האבען, לײדער, אַ מאַססע ביישפיעלע פון אַ זעלכע שענדליכע „ליעבעס", וואס האבען זיך זייער טרויעריג געענדיגט. איך וועל קיינמאל ניט ערלויבען, אַז מען זאלל מיט מיר שפּאסס טרייבען, איך וויל ניט דיענען פאר איין שפּיעלצייג אין דיא הענד פון יעדעם אויסגעלאַסענעם מענשען!" —

— „אָבער זוויעראָוו ווייס גאר ניט אז דוא ביזט איין אידעש קינד" — האט זיך נאַדיעזשדא גריגאָריעוונא אבגערופען — „ער ליעבט דיך אונד דיא ליעבע פרעגט ניט קיין קשיות!" —

— „פון וואַנען ווייסט דוא דאס, מאמא?" — האט איהר טהערעזאַ געפרעגט אונד אין איהר געזיכט האבען זיך אַללע פאַרבען אויסגעמאָלט —

— „ער האט עס מיר דייטליך געגעבען צו פערשטיין" — האט נאַדיעזשדא גריגאָריעוונאַ געענטפערט — „אונד איך דיינק אַז אַזאַ וויכטיגע זאך דארפסט דוא ניט אזוי קאַלטבליטיג אָננעהמען". —

— „אונד דוא האסט איהם גאָר ניט געזאגט אז מיר זיינען אידען?" — האט איהר טהערעזאַ ווייטער געפרעגט —

— „מעהר פעהלט אונז ניט, וויא

אויסצוואָגען, אז מיר זיינען אידען!״ — האט זיך נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונא אָב־געררופען — „מיר וואָלטען מוזען וויי־כען פון שטאָדט!״ —

— „ווען אזוי״ — האט זיך טהערעזאַ אבגערופען אונד איז אויפגעשטאַנען — „ווען אזוי וועל איך איהם היינט דיא זאַך קלאָר מאכען. דוא וועסט שוין זעהן, מאַמאַ, וואס פאר א זויערעס געזיכט ער וועט מאכען, אַלס ער וועט הערען אַז מיר זיינען אידען. ער וועט אונזער הויז ווייכען וויא דיא פעסט אונד דאס וועט מאכען איין ענדע פון דעם ליעד!״

— „טהערעזאַ! דוא זאללסט ניט אונטערשטיין!״ — האט נאַדיעזשדא גרי־גאָריעוונאַ מיט גרויס צאָרן אויסגעשריען — „דוא זאללסט ניט וואגען, איין איינ־ציגעם וואָרט איבער אונזער אבשטאַמ־מונג אַרויסצוברייננגען, ווארום דוא וועסט אונז אללעמען אונגליקליך מאכען. איך וועל דיא שאנדע ניט איבערטראַגען, איך וועל דאס ניט איבער לעבען. קיין איינציגע זילבע! הערסט דוא? אונד וואס עס געהערט צו דיעזער אנגעלע־גענהייט, זאלל דאס ניט זיין דיין דאַגה, לאָז מיר נאר וויר קען, איך וועל דיר שוין בריינגען צום ציעל, דאס איז מיין זאַך!״ —

— „עס איז אַ שאָד דיין מיה, מאַמאַ!״ — האט איהר טהערעזא געענטפערט גאַנץ געלאַסען אונד האט שוין דיא טהיר געעפינט אום ארויס צו גיין —

— „נאָר געדולד, מיין קינד!״ — האט איהר נאַדיעזשדא גריגאריעוונא נאכגערופען — „היינטיגע צייטען איז אללעס מעגליך. דוא זייא נאָר אַ קלוגע אונד אַ פאָלגזאַמע טאָכטער!״ —

דיא טהיר האט זיך הינטער טהע־רעזען פערשלאסען. זיא האט דיא לעטצטע ווערטער פון איהר מוטטער שוין ניט געהערט. נאַדיעזשדא גריגאָר־יעוונא איז געבליבען וויא אַ אָבגעשמיסע־נע, אונד דאך האט זיא איהר האפפנונג ניט אויפגעגעבען איהר פלאן אויסצו־פיהרען. זיא איז געוועזען ענערגיש און איינגענזיננינג; איהר האט זיך געראַכט, אַז דאס וואס איהר טאָכטער ווילל ניט חתונה האבען מיט אַ קריסטען, איז מעהר ניט וויא אַ קאַפריז, וועלכען זיא וועט מיט דער צייט ברעכען, זיא האט אָבער ניט געזעהן, אַז דאס בילד פון דעם שטודענט גאָלדמאַנן איז שוין דאָרטען גאַנץ טיעף איינגעגראָבען. זיא האט נאר געגלויבט אז דער שטודענט גאלדמאַנן האט אויף איהר טאָכטער מיט זיינע פאָרלעזונגען איבער דעם יודענטהום גע־ווירקט אונד דארום האט זיא בעשלאָס־סען, דעם שטודענט פון איהר הויז, אַלס שעדליכען מענשען, ארויס צו יאָגען.

## יב

## דער באַלל.

אַללע פענסטער אין דעם מיטטעלען שטאָק פון לעווענבערגס הויז זיינען גע־

וועזען אָפּפּען צום גאַסס. פון זייא האט אַרויסגעשטראָמט אַגאַנצער ים ליכט פון הונדערטע לאָמפּען אונד קאַנדעלאַבערעס אויף דער גאַנצער גאַסס, וועלכע עס איז שוין איינגעהילט געוועזען אין דעם דונקעלען שלייער פון דער נאַכט. איינע רוישענדע מוזיק האט דורכגעדרונגען דיא שטיללע נאַכט אונד האט צוזאַמ-מענגעקליבען אַ גאַנצען הויפען ליידיג-גייהער ארום הויז, וואס זיינען געשטאַ-נען אונד האבען מיט בעוואונדערונג בעטראַכט דיא שיינע, עלעגאַנטע הערען אונד דאַמען, דיא עלעגאַנטע קאָסט-יומען, דיא קאָסטבאַרע ציערונג פון דער פאָרנעהמער געזעללשאַפט, וואס האט זיך בעוועגט אין יענע העללע אונד רייכדעקאָרירטע סאַלאָנען.

פון אַכט אוהר אָן האבען זיך דיא איינגעלאַדענע געסט אונד בעקאַנגטע אָנגעפאַנגען צו קלייבען אין נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונעס צימערן. איהרע בעל-לער זיינען אימער זייער גרויסאַרטיג געוועזען, דאָרטען האט זיך דיא גאַנצע אַריסטאָקראַטישע וועלט, דיא קרוין פון ק...ר נאָבלעססע בעגעגענט.

נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונא איז גע-שטאַנען אין דעם איינגאַנג פון דעם גרויסען אונד פירשטליך דעקאָרירטען סאַלאָן אונד האט איהרע געסט עמפּפאַנ-גען. איהרע אויגען האבען געשטראַהלט פון פרייד אונד גליק וויא צווייא גרויסע שווארצע ברילליאַנטען, איהרע באַקען האבען געגליהט וויא צווייא גרויסע ראָ-זען אונד אויף איהרע ליפּפּען האט גע-שוועבט יענער צויבערהאפטער שמייכע-לע, וואס האט איהר אַזוי פיעל חן אונד אַנמוטה צוגעגעבען אונד מיט וועלכען זיא האט יעדעס הערץ געפאַנגען. זיא האט איהרע געסט זייער פריינדליך אונד צופאָרקאָממענד עמפּפאַנגען, פאר יע-דען בעזונדער האט זיא געהאט אַ זיסען שמייכעלע, א פריינדליכען וואָרט, אַ קלוגען וויטץ אונד איין געשמאַקפאָללען קאָמפּלימענט.

זיא האט איהר טאָכטער טהערעזאַ פאָרגעשטעללט פאר יענע געסט, וואס האבען איהר יעצט צום ערשטען מאל געזעהן אונד בעקאַנט געמאכט מיט אַללע איהרע בעקאַנטע אונד בעפריינדעטע. דיא הערען האבען מיט שטוממע בע-וואונדערונג בעטראַכטעט איהר הינריים-סענדע שיינהייט, איהר בערוישענדען אנמוטה, דיא גראַדהייט אונד איינפאַכ-הייט פון איהר אונשולדיגעס אונד ליעב-ליכעס וועזען. נאָר דיא דאַמען האבען בעפרעמדעט געקוקט אויף איהר איינ-פאַכען אַנצוג אונד אויף איהרע זיכט-באַרע גלייכגילטיגקייט. נאַדיעזשדאַ גרי-גאָריעוונאַ האט דאס מיט איהר אָדלער-בליק גלייך בעמערקט אונד האט אום איהר טאָכטער צו ענטשולדיגען, מיט איהר זיססען שמייכעלע, צו דיא דאַמען געזאָגט:

— „מיין טאָכטער, טהערעזאַ פיאָד-

ראָוונאַ, איז ערשט פון פענסיאָן, נאך אונערפאהרען אונד ניט בעקאַננט מיט דער גרויכער וועלט אונד אַריסטאקראַטישע מאַניערען, איהרע בעגריפפע אין דער טיאַלעטטע זיינען זייער ווינציג אונד קליינשטעטעלדיג, נאָר איך האָף, דאס מיין ליעבע טאָכטער ועט בייא אונז באַלד לערנען אונד וויססען, וואס איין אַנשטענדיגעס פרייליין דארף וויססען!" —

טהערעזאַ האט דיעזע ביטטערע מעדיצין שווייגענד אַראָבגעשלונגען, זיא האט געוואוסט, אז מיט איהר פעראירדטע אונד שטאָלצע מוטטער איז שווער צו דיספוטירען אונד ניט דאָ איז דער אָרט אויך ניט דיא צייט צו פראָטעסטירען געגען דיעזע בעליידיגונג. זיא איז צוגעגאַנגען צום פיאַנינאָ אונד האט אָנגעפאנגען קליינע קאָנצערטשטיקער צו שפיעלען.

איינינגע פריזירטע לאַכייען אין שוואַרצע פראַקען, ווייסע קראַוואַטטען אונד ווייסע האַנדשוהע זיינען אַרומגעפלויגען אין דיא צימטערן אַהין אונד אַהער, אום דיא געסט צו בעדיענען. אין אַ בעזונדערן צימטער איז געשטאַנען אַ בופפעט מיט דיא טהייערכטע וויינען, זעלטענכטע פרוכט, צוקערוואַרג, קאָנפיטורען אונד מאָראָשזינע (אייז־קרים), אין איין אַנדערן צימטער, אַרום אַ גרינעם טיש, זיינען געזעססען הערען אונד דאמען אונד האבען געשפיעלט קאַרטען אונטער זייא איז געזעססען דער ווירטה פון הויז, פיאָדאָר איוואַניטש לעווענבערג, אונד האט זיך בעמיהט גרויסע געלדסומען צו פערשפיעלען, אום זיך ראַמיט בייא זיינע געסט געפעללינ צו מאכען אונד זייא נאך פריינדליכער צו שטיממען. זיינע גרויע אויגען האבען יעדען מאָל אין פרייד אונד אין גליק אויפגעבליטצט, ווען איינער פון זיינע פארטנערס האט איהם אָנגערופען: „פיאָדאָר איוואַניטש", אדער: „הערר קאָממערצענראטה", ווען ער וואָללט אָבער געניוער צוגעקוקט מיט וועלכע איראָנישע בליקען אונד גרימאַסען מען האט איהם דערבייא אָנגעקוקט, אונד וויא מאנכע דאַמע האט דערבייא איהר לאַבענדעס געזיכט בעהאַלטען אונטער איהר פאָכער — וואָללט ער פערשטאַנען אז ער האט בייא זיינע קריכטליכע געסט א פנים וויא פאר אַ יאָהריגער שנעע אונד אז מע מאכט פון איהם שפאַס.

אין דיא איבעריגע צימטערן האבען הערערן אונד דאמען געטאַנצט, אנדערע זיינען געזעססען אויף דיא ווייכע זיידענע פאָטעלען אונד האבען דעם טאנץ צוגעקוקט, מאנכע האבען זיך אונטערהאַלטען מיט קליינע געשיכטען, מיט אַנעקדאָטען אונד מיט וויטצען אונד ווידער אַנדערע זיינען געשטאַנען אין קליינע גרופפען אונד האבען זיך אונטערהאַלטען איבער פאָליטיק, האנדעל, ליטע-

ראַטור אונר קונסט, ווארום דא האבען זיך איינגעפונען מענשען פון יעדער קלאַססע.

נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונאַ איז אַרום־געפלויגען וויא אַ לוסטיגע בין פון איין גרופפע צו דער אנדערע אונד האט יעדען בעלוסטיגט מיט איהר פּריילאַב־קייט, איהרע קלוגע רייד אונד מיט איהרע שאַרפע וויטצען. פון אללע זייטען האט מען אויף איהר געהאַנדעלט מיט שמייכעלייען, מיט חניפה־ווערטליך, מיט קאָמפּלימענטען, יעדער האט איהר פּערזיכערט זיינע פריינדשאַפט. זיא האט געשוואומען אין אַ ים פון גליק אונד איהרע אויגען האבען געשטראַהלט וויא צווייא ליכטיגע שטערן, אָבער ווען יע־מאנד וואָללט איהר געניוער בעטראַכט, וואָללט ער אין איהר בעמערקט איינע געוויסע אונרוהע. זיא האט כמעט אללע צעהן מינוט אַרויסגענוממען איהר גאָל־דענע אוהר אונד האט אַלץ געקוקט אויף דעם איינגאַנג פון דעם גרויסען סאַלאָן. מע האט געזעהן, אז זיא ער־ווארטעט נאָך יעמאַנדען, אָהן וועלכען איהר שמחה איז ניט פולל.

דערווייל׳ע האבען זיך דיא געסט אַמוזירט נאָך הערצענסלוסט. בייא איין טיש איז געזעססען אַ קליינע געזעלל־שאַפט פון הערען אונד דאַמען אונד האבען זיך אונטערהאַלטען מיט קליינע שטאַדטגעשיכטען. יעדער בעזונדער האט געהאַט וואס צו דערציילען, וואס צו טאַדלען אונד קריטיזירען. איינער פון דיא הערען, אַ יונגער מענש מיט גאָלדענע ברילל׳ען אויף זיינע אויגען, מיט אַ קליינע בלאָנדע באָרד, האט דערציילט אַ צופאַלל, וואס ער האט ערשט ניט לאנג געלעזען אין דעם „קיעווליאַנין", וויא דרייא אידען האבען אויסגעגאַנוועט אַ קירכע, האבען צוגע־נוממען אללע ווערטהפאָללע זאכען אונד מען האט זייא, ליידער, נאך ניט געחאפּט.

— „אונד פון וואַנען ווייס מען, אז דיא גנבים זיינען אידען, ווען מען האט דיא גנבים ניט געחאפּט?" — האט איינער פון דיא דאַמען געפרעגט —

— „ווער דען וועט דאס טאָן?" —

האט זיך דער ערצייהלער אָבגערופען — „אללע אידען זיינען גנבים אונד מער־דער!" —

— „ששש! אנדרייא סטעפאַניטש!" — האט זיך איינער פון דיא צוהערער אָבגערופען אונד האט דעם ערצייהלער אַ קליינעם רוק געגעבען אין זייט — „נאַדיעזשדא גריגאָריעוונאַ וועט דערהע־רען אונד וועט זיך בעליידיגען!" —

— „אָ, זייט רוהיג!" — האט איהם אנדרייא סטעפאַניטש געענטפערט — „זיא וועט זיך מיט דעם ניט בעליידיגען, זיא איז שוין מעהר אונזערע אַלס איין אידעש קינד!" —

— „וואס הייסט: זיא איז שוין מעהר אונזערע?" — האט איינע עלטערע דאַמע געפרעגט — „מיט וואס

איז זיא דאס אונזערע?'' —

— ,,זיא האט זיך מיט איהר גאַנצע פאמיליע פון דער ,,שוידראָוויאַ'' (יודע-לאך) אויסגעשלאָסען'' — האט אנדרייא סטעפאניטש געענטפערט — ,,זיא לעבט דורכאוים אויף קריסטליכען אַרט, זיא האַלט איין קריסטליכע קיך, קריסטליכע בעדיענער, זיא רעדט אונזער שפּראַך, זיא היט ניט איהר נאַרישע רעליגיאָן, בייא איהר איז ניטאָ טרייף אונד כשר. וואס נאך ווילט איהר פון איהר האַבען ?'' —

— ,,אונד דאך איז זיא דיא זעל-בינגע שזידאָווקאַ, וויא אַללע בערדיטשע-ווער אידעשע ווייבער פון פישמאַרק אונד פון יאַטקעגאַסס!'' — האט זיך דיא על-טערע דאמע אָבגערופען אונד האט דערבייא געמאכט אַ גרימאַססע, גלייך וויא זיא וואָללט ווערלען אויסשפּייען — ,,דיא גאנצע זאך איז דאס, וואס זיא לעבט גרויסאַרטיג, זיא קליידעט זיך וויא אַ געבאָרענע גרעפין. דאס איז שוין דיא קראנקהייט פון אללע פערפלוב-טע אידען, וואס וויללען אונז קריסטען איבערשטייגען מיט זייער רייכטהום אונד מיט זייער אייססערליכען גלאַנץ, אָבער אין גרונד בלייבט זיא א שזידאָווקאַ אונד דער גרוך פון ציבעלע אונד קנאבעל וועט זיך פון איהר אללע מאָל הערען, זיא מעג זיך באָדען אין גאַנצע טייכען פון אָדעקאָלאָן אונד פערפומע...'' —

— ,,בראַוואָ!'' — האט זיך איין על-טערער הערר אריינגעמישט — ,,דיא אידען בלייבען אידען, איהר מעגט זייא אפילו לייטערן אין זיעבען פייערן. זייא מעגען זיך בילדען אונר ציוויליזירען וויעפיעל זייא וויללען, זייערע פּערדאָר-בענע זיטטען, אללע זייערע אנגעבאָ-רענע חסרונות, מוזען דאָך בייא זייא בלייבען. זייא בילדען זיך ניט, ווייל זייא ליעבען דיא בילדונג, נאר ווייל דאס איז אַ גוטער געשעפט, מען קען דורך דעם געלד פערדיענען, אונד דאס איז בייא זייא דיא הויפּטזאַכע. עס איז שוין פון זייא גאָר ניט אויסצוהאל-טען, זייא זיינען פולל אומעטום, איבער זייא קען אונזער איינער דעם קאָפּ ניט הייבען. דעם גאנצען האנדעל האבען זייא אריינגענוממען אין זייערע הענד, דיא גרעסטע קאפּיטאלען האבען זייא איינגעשלונגען, אין אללע פראַוויטעלסט-ווענני אוטשרעשזדעניעס (רעגיערונגס-אָפּיסעס) זיינען פולל אידען, אלליין זיינען זייא פויל, טוהען גאָר נישט, לעבען נאר אויף אונזער רעכענונג, דא-רום איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואס זייא לעבען אללע וויא פירשטען, דען זייא פערשווענדען נאָר אונזער געלד, אונזער בלוט אונד שוויים!'' —

— ,,אונד פון דעסטוועגען זאָגט זיך קיינער פון אונז ניט אָפּ בייא אַ אידען אָבצועסען אַ פעטע וועטשערע אונד אויסצוטרינקען אַ גוטע גלעזיל משקה!'' — האט זיך מיט ביטטערער איראָניע

אַבגערופען אַ יונגער מענש, וועלכען מען האט גלייך אויף דעם ערשטען בליק ערקענט, אז ער איז אַ שטודענט פון אוניווערזיטעט — „אז דער איד קען גאנץ שיין געסט אויפנעהמען אונד זייא דיא בייכער גוט אַנשטאַפּען, דאס, דאַכט זיך מיר, וועט קיינער פון אונז ניט אַבלייקענען!“ —

— „אַה, סערגייא סערגייאיטש!“ — האבען זיך צווייא דאַמען אויף איינמאל אַבגערופען אונד האבען זיך צולאַכט — „ער קען קיינמאָהל ניט שווייגען; ער נעהמט זיך אָן אַללע מאָל פאר דיא אידען; ער האט אַ אידעשע נשמה!“ —

— „איך נעהם מיך פאר קיינעם נישט אָן, נאר פאר דעם אומזיסט בעליידיגען אַ מענשען, בייא וועלכעם מען קלייבט זיך אויף צו עסען אונד צו טרינקען. ווילט איהר מיט איהם ניט האנדלען, קיינע בעקאנטשאפט האבען — דארפט איהר צו איהם ניט גיין!“ —

— „מיר עסען בייא דעם אידען א ו נ ז ע ר ע!“ — האט זיך אנדרייא סטעפּאַניטש אַבגערופען אונד זיינע אויגען האבען אויפגעבליצט אין צאָרן — „דער איד האט זיינע א י י ג ע נ ע גאָר נישט! ער זויגט אונז אויס אונזער מאַרך אונד בלוט, אונזערע ארבייטער זיפצען אונד קלאָגען אונטער דעם אידעשען יאָך. וואס פאר אַ רעכט האט ער, דער איד, צו ווירטהשאפטען בייא אונז אין לאנד? וואס איז ער מיט אונז? ער האט זיך צו אונז אין לאנד אריינגעשלעפט וויא איין עפּידעמישע קראנקהייט אונד פערגיפטעט אונז דיא לופט!“ —

— „אָבער היינטיגע אידען פערשטייען שוין, וואס דיא צייט פאַדערט פון זייא“ — האט זיך סערגייא סערגייאיטש אַבגערופען — „דיא מעהרסטע פון זייא וויינען טיכטיגע אונד נוטצליכע בירגער אין אונזער לאנד, זייא פיהרען איין אָרענטליכען לעבען אונד זוכען זיך מיט אונז אין אללעם צו פעראייניגען!“ —

— „מיט אונז זיך פעראייניגען? אַט דיא בלאַטיגע אידעלעך ווילען זיך מיט אונז פערקערפּערן? הייליגע מוטטער!“ — האט דיא עלטערע דאַמע אויסגעשריען — „מעהר פעהלט אונז ניט! אַט דאָ וואָלטען מיר אללע בעקומען קרעץ אונד אונגעציפער, וויעפיעל אונזער הארץ געלוסט!“ —

איין שאַללענדער געלעכטער פון דער גאַנצער געזעללשאפט האט בעגלייטעט דיעזען גראָבען וויטץ. נאַדיעזשדא גריגאָריעוונא האט זיך אומגעווענדעט אונד איז צוגעגאנגען צו דער לוסטיגער געזעללשאפט מיט איין שטראהלענדעם געזיכט אונד האט געפרעגט פון וואס לאכט מען.

— „מאַריאַ קיריללאָוונאַ האט אונז ערשט ערצייהלט וויא איהר קאממערדיענער אַפאַנסיאַ האט איהר גובערנאַטין ערקלערט ליעבע!“ — האט איהר

אנדרייא סטעפּאַניטש געענטפערט אונד דיא גאנצע געזעללשאפט האט זיך וויע-דער צו לאכט. —

בייא נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונאַ האט זיך שוין אויפן שפּיטץ צונג געדרייהט עפּעס אַ שטיקעל וויטץ, וואס זיא האט געוואָללט זאגען, אָבער אין דיעזעם אויגענבליק האט זיא בעמערקט, אז דער אינשזינער זוויערעוו איז אריין אין זאַאל. זיא האַט דיא געזעללשאפט גע-לאָזט זיטצען אונד איז האסטיג גע-פלויגען דעם לאנג ערוואַרטעטען גאַסט צו עמפפאנגען.

— ,,דוא ווייסט, אַננאַ טימאָפעיעוו-נא, אַז זווייעראָוו טאַנצט ארום דער שזידאָווקאַ, טהערעזאַ פיאָדעראָוונא ?" — האט מאַריאַ קיריללאָוונא געזאָגט צו אַ צווייטע דאַמע —

— ,,זאָג בעססער : אַרום איהר גרויסע ירושה !" — האט איהר אַננאַ טימאָפעיעוונא געענטפערט — ,,ער וויים גאַנץ גוט אז איהר פאָטער איז אַ מילל-יאָנער ! —

— ,,אונד וויא רעכענסט דוא ? וועט ער זיא נעהמען ?" —

— ,,פאַר וואס ניט ? איז דאס אַ שלעכטע פּארטהייא פאר איהם ?" —

— ,,זיא איז דאָך אָבער אַ שזידאָוו-קאַ ?" —

— ,,גלופּאָסטי (נאַרעשקייט) ! זיא וועט זיך טויפען..." —

— ,,פוי, אַ געשמדטע שזידאָווקאַ !" — האט מאַריאַ קיריללאָוונאַ אויסגערופען אויסשפּייענדיג — ,,דאס קימט בייא מיר אוים פיעל ערגער אַלס אַ שזידאָווקאַ !" — ,,דאס איז בייא זווייעראָוון קיין פעהלער ניט !" — האט אַננאַ טימאָפע-יעוונאַ געענטפערט — ,,פאַר געלד וועט ער אננעהמען דעם אידעשען גלויבען אויך. ער איז זייער אַ פערדאָרבענער מענש. נאָר מיר שיינט, אז ער וויים גאָר ניט, אז דיא לעווענבערגס זיינען אידען !" —

— ,,וועז אזוי, דארף מען איהם דאס דערווייליע ניט אויסזאָגען" — האט זיך מאַריאַ קיריללאָוונאַ אָבגערופען — ,,מיר וועלען זעהן וואס פאר אַ געזיכט ער וועט מאכען, ווען ער וועט זיך דערוויסען אז זיין נייע געליעבטע איז איין אידעש קינד !" —

דיאביידע דאמען האבען גאר ניט בעמערקט טהערעזען, וואס איז ניט וויית פון זייא געשטאנען מיט איינעם פון דיא יונגע הערען. טהערעזאַ האט געהערט דעם גאנצען געשפּרעך אונד גאָר דאס בלוט פון איהר קערפער האט איהר אריינגעשאָסען אין געזיכט. זיא האט זיך צו דיא צווייא דאמען גע-וואָללט ווענדען מיט דער ביטטע, אז זייא זאללען זיך וועגען איהר ניט קימ-מערן אונד בעססער זארגען פיר זיך אלליין, אָבער אין דער מינוט איז צו איהר צוגעגאַנגען איין אָפּפיציער אונד האט איהר אַנגאַזירט צום טאַנץ אונד זיא

איז מיט איהם אוועקגעגאַנגען אין דעם מאַנצזאאַל.

אין דער מינוט איז זוויעראָוו צו געגאַנגען צום טיש, ארום וועלכען מאַריאַ קירילאָוונאַ אונד אַננאַ טימאָפּיעוונאַ זיינען געזעסען. זוויעראָוו איז געוועזען אַ יונגער הערר פון אונגעפעהר אַכט אונד צוואַנציג, אָדער דרייסיג יאהר, העכסט עלעגאַנט געקליידעט, פּריזירט אונד פּאָמאַדירט. דיא נאַטור האט איהם בעשיינקט מיט אַללע איהרע רייכע גאַבען, זיינע אויגען, זיין נאָז, זיינע ליפּפען, זיינע בעוועגונגען אונד זיין האַלטונג זיינען געוועזען זייער שיין אונד גראַציעז אונד דאָך איז אין זיין גאַנצעם וועזען געלעגען איין אַנטיפּאַטישער, איין אבשטויסענדער אויסדרוק; ער האט אויסגעזעהן דאַר, איינגעצויגען אונד אָבגעלעבט וויא יענע פּלאַנצע, וואס איז צו פיעל געשטאַנען אין דער זון אונד וועלכע מען האט אַ צייט לאַנג ניט בעגאָסען מיט פרישע וואַסער.

— „אַה, מאַקסים אַנדרעאַיטש, אונזער לעבעדיגע כראָניק!“ — האט זיך מאַריאַ קריללאָוונאַ אָבגערופען, אלס זוויעראָוו איז צוגעגאַנגען צו דער גרופּפּע — „אָט דאָ וועלען מיר באלד הערען דיא נייעסטע נייעס פון שטאָדט. מאַקסים אַנדרעאיטש האט אַללע מאָל גאַנצע פעק נייעס בייא זיך. נוא? וואס ברייננגט איהר אונז היינט?“ —

— „היינט האב איך ווירקליך זייער וויכטיגע נייעס, מיינע דאַממען אונד העררען!“ — האט זוויעראָוו געענטפּערט.

— „נוא! נוא! דערציילט!“ — האבען זיך איינינגע פון דער גרופּפּע אָבגערופען —

— „איך וויים פון אַ ריכטיגע קוועללע“ — האט זוויעראָוו אָנגעפאַנגען צו ערציילען — „דאס אונזערע געבילדעטע שוזדיאַנקי (אידעלאַך), פין אַללע שטעדט מאַכען פּראָפּאַגאַנדא אונטער זיך, אונזער רעגיערונג צו בעטען, מען זאָלל זייא געבען ראַוונאָפּראַאוויע (גלייכע רעכטע). אונזערע ק....ר אידען גרייטען צו אַ פּראָשעניע אַ ביטטשריפט וועגען דעם, וועלכע זייא וועללען דיא טעג אַוועקשיקען צום מיניסטער!“ —

בייא אַללע צוהערער זיינען דיא געזיכטער אויסגעצויגען געוואָרען אויף עטליכע צאָלל לייגגער. דיעזע נאַכריכט האט זייא געטראָפּפען וויא אַ קאַלטער שטראָם וואַססער.

— „אונד וויא רעכענט איהר, מאַקסים אנדרעאיטש, וועללען זייא אויספיהרען?“ — האט איהם מאַריאַ קירילאָוונאַ האַלב טוידט געפרעגט — „וועט מען זייא טאַקי געבען דיא ראַוונאָפּראַוויע?“ —

— „ווער וויים?“ — האט זוויעראָוו געענטפּערט — „אונזערע אידעלאַך זיינען שטאַרק; זייא האבען גענוג קראַפט דיא וועלט איבערצוקעהרען מיט דיא פּיסס אַרויף!“ —

— „אונד וואס וועט דאן זיין?" — האט אננא טימאָפעיעוונא אָהן איין אָטהעם פון שרעק געפרעגט —

— „אָ, דאן וועלען מיר קענען שטאָלצירען מיט אונזער פאטערלאנד!" — האט איהר זוויעראָוו מיט א ביטטערן שמייכעל געענטפערט — „מאָשקע דער קרעמער וועט ווערען אַ גענעראַל־גובערנאַטאָר, יאָשקע דער שיינקער — איספראַווניק, חיימקע דער בלעכער אַ פעלדמאַרשאַל אונד איציק דער פאַקטאָר אַ פאָסט־מייסטער אונד מיר אללע וועללען ווערען אוראַדניקעס, דעסיאַטניקעס, קלוצוואָיטען. עס וועט זיין אַ לעבען וויא גאָטט אין פראנקרייך!" —

— „אַבער, וויא אזוי איז דאס מעגליך!" — האט זיך אנדרייא סטעפאַניטש אריינגעמישט אין געשפרעך — „וויא אזוי וועט דאס אונזער רעגיערונג טאָן אַזאַ זאַך! ניין, דאס קען ניט זיין! אומזיסט מאַטערען זיך דיא שוידיאָנקי, זייא וועלען דאס אויף קיין פאלל ניט אויספיהרען!" —

— „איהר האט אַ טעות, אַנדרייא סטעפאַניטש!" — האט איהם זוויעראָוו געענטפערט — „איהר קענט דיא אידען ניט. נעהמען זייא זיך צו וואס עס איז, פיהרען זייא דאס אויס. קיין נאַציאָן אין דער וועלט האט ניט אזוי פיעל ענערגיע, אזוי פיעל געדולד אונד וויללענס קראפט, וויא דיא פערפלוכטע אידען, אונד דאס איז דיא איינציגע אורזאַכע, וואס זייא עקסיסטירען נאָך אויף דער וועלט, אָבוואהל מען האט זייא געברענט, געשטאָכען, געבראָכען, געהאנגען אונד געטרונקען. איהר בעטראַכט נאַר דעם פראגרעס, וואס זייא האבען געמאַכט אין דיא לעטצטע צייט. מיט צוואַנציג יאהר צוריק זיינען זייא נאר געוועזען קליינע קרעמערלעך, שיינקערלעך, פאַקטוירים אונד קאָראָבעלניקעס (הויזירער) אונד היינט זיינען זייא פולל אין אללע אוניווערזיטעטען, אַקאַדעמיעס, ליסייאומס אונד אינסטיטוטען, היינט זיינען זייא פולל אין אַללע פראַוויטעלסטווענני אוטשרעזשדעניעס (רעגיערונגס אָפיסעס), היינט געפינט איהר אַ מאַססע אידעשע טשינאָווניקעס (בעאמטע), סטאַטסקי אונד קאָממערצעסקי סאָוויעטניקעס, אייזענבאהנבויער, אינטענדענטען, אַקציאָנערען. אין דעם משך פון צוואַנציג יאהר, האבען זייא אלעס אין זייערע הענד אריינגענוממען, א ו נ ז האבען זייא פערשטופט, איבער זייא קען אונזערער א ברודער ניט בעקוממען אַ רעכטע שטעללע, אַ רעכטען עסק, אונד דאס איז נאך אלץ, ווען זייא האבען נאך ניט גלייכע רעכטע, בעקוממען זייא עס, וועט זיין אַ סוף מיט אונזער גאַנצער הערדליכקייט, אונד איך בין איבערצייגט, אז זייא וועללען דאס געוויס בעקוממען, ווען מיר וועללען בעצייטען ניט זוכען מיטטלען זייער פראָפּאַגאַנדאַ צו פאַראַליזירען" —

— „אונד מיט וועלכע מיטטלען קע-
נען מיר זייער פּראָפּאַגאַנדאַ פּאַראַליזי-
רען ?“ — האט איהם מאַריאַ קיריללאָוו-
נאַ געפרעגט —

— „מיר האבען דער צו נאָר איין
מיטטעל !“ — האט זוויעראָוו געענטפערט
— „מען דארף דיא אידען
אַביסעל גוט אויסקלאַפּען
דיא ביינער !“ —

אללע האבען איהם העכסט איבער-
ראַשט אונד פערוואונדערט אַנגעקוקט.

— „בראַוואָ !“ — האט אנדרייא סטע-
פאַניטש אויסגערופען אונד זיינע אייגען
האבען אין ווילדער פרייד אויפגעבליטצט
— „דאס איז אויסגעצייכענט ! דאס וועט
זיין אַ לוסטיגע אָפּערעטטע, וואס וועט
קיין געלד ניט קאָסטען !“ —

— „פוי, וויא גראָב ! וויא אומ-
פערטינענט !“ — האט זיך אַננאַ טימאָ-
פעיעוונאַ אָבגערופען — „מיר ציוויליזיר-
טע מענשען זאללען זיך אזוי ניעדעריג
מאַכען וויא ווילדע אַפריקאַנער !“ —

— „מיר אַללײן וועלען גאָר
ניט דארפען אונזערע הענד מיאוס מאַ-
כען“ — האט זוויעראָוו געענטפערט —
„דאס וועלען אונזערע מוזשיקעס (בויערן)
טאָן. מיר דארפען נאָר אויפרייצען אונ-
זער מאַססע אונד זיא וועט זיך שוין פאר
אונז אַברעכענען !“ —

— „בראַוואָ בראַוויססימאָ !“ — האט
דיא גאַנצע גרופּפּע אויסגערופען אונד
אונטער דעם טומעל פון דיא אפּפּלאָדים
מענטען איז זוויעראָוו אוועקגעגאַנגען אין
דעם טאַנצזאַאַל.

טהערעזאַ האט געענדיגט איהר טאַנץ
מיט דעם אָפּפיציער. זיא איז געוועזען
מיעד אונד בלייך, איהר קאָפּ האט
איהר געשווינדעלט אונד איהרע אויערען
האבען נאך געקלונגען פון דיא אונגע-
שליפּפענע, גראָבע קאָמפּלימענטען, מיט
וועלכע איהר טענצער האט אויף איהר
געהאָנגעלט. זיא האט זיך געפיהלט אין
גאַנצען צובראָכען אונד איז אים בעגריף
געוועזען אַוועק צו גיין אין איהר צימ-
מער, אום זיך עטוואס אויסצורוהען, אָבער
אין דערזעלביגער מינוט האט זיא זיך
בעגעגענט מיט זוויעראָוועו, וועלכען זיא
האט דעם גאַנצען אבענד געזוכט אום
צו ווייכען. ער האט איהר מיט דער
גאַנצער גאַלאַנטעריע אונד העפליכקייט
פון איין אַריסטאָקראַטישען קאַוואַליער
געגריסט אונד האט זיך מיט איהר באַלד
אריינגעלאָזען אין איין געשפּרעך.

— „איהר זעהט זייער בלייך אויס,
טהערעזאַ פיאָדראָוונאַ !“ — האט ער צו
איהר געזאגט אונד האט פון איהר זיינע
אויגען ניט אַראָבגענוממען — „אונד דער
צו זייט איהר זייער צערשטרייט“. —

— „אָ, דאס דאכט זיך אייך אויס !“
— האט זיא איהם אויסווייכענדיג געענט-
פערט — „פיללייכט איז דאס פון דער
היטץ“ —

— „עס קען זיין ! קומט, טהערעזאַ
פיאָדראָוונאַ, לאָמיר אַביססעל ארויסגיין

אויף דעם באַלקאָן; דיא פרישע נאכט-לופט וועט אייך שטערקען!" — האט זוועראָוו צו איהר געזאָגט אונד האט איהר געוואָללט נעהמען אונטער איהר אָרעם, אום איהר פון זאַאַל ארויס צו פיהרען —

נײן, נײן, איך דאנק אייך בעסטענס, מאַקסים אַנדרייאיטש!" — האט זיא האַסטיג אונד ערשראָקען געענטפערט אונד האט אַ טריטט צוריק אויסגעווייכט —

אַ פּאָר מינוטען האט איהר זוועראָוו מיט גליהענדע אונד שמאכטענדע בליקען בעטראכט. איז זיין קאָפּ האבען זיך אַללערלייא געדאַנקען געדרייהט אונד זיינע ליפּפען האבען זיך לאַנגזאַם בעוועגט. ער האט געוואָללט ריידען, אבער זיין צונג איז פּאראַליזירט געוועזען. ענדליך האט ער מיט גרויס מיה אַרויסגעשטאַממעלט:

— „טהערעזאַ פּיאָדראָוונא! איך האב מיט אייך איבער זייער אַ וויכטיגען גע-גענשטאנד צו ריידען. קענט איהר מיר איינינע מינוטען צייט שיינקען?" —

טהערעזאַ איז געשטאַנען וויא פון בליטץ געטראָפּפען. זיא האט גאַנץ גוט געוואוסט דעם געגענשטאנד איבער וועלכען ער ווילל מיט איהר ריידען. אַללע איהרע גליעדער האבען איהר גע-ציטטערט, זיא האט געפיהלט, דאס איהרע קרעפטען פערלאָזען איהר, אָבער זיא האט געשווינד איהר מוטה צוריק בעקוממען אונד האט איהם, וויא פער-

וואונדערט, געפרעגט:

— „איהר האט מיט מיר וואס וויכ-טיגעס צו ריידען? מיר שיינט, אז מיר זיינען נאך צו ווייניג בעקאנט, דאס מיר זאָללען צווישען אונז וועלכע וויכטיגע אינטערעססען האבען!" —

— „עס זיינען אָבער דאָ אזעלכע אינטערעססען, וואס ווערען אין איין אויגענבליק געבאָרען, מיין פריילײן!"

— האט זיך דער אינשזינער אָפּגערופען

— „מיר מענשען זיינען צו שוואך מיט אונזערע געפיהלען מלחמה צו האַלטען!"

— „איך ווייס ניט פון וועלכע גע-פיהלען איהר רעדט, מיין העדר!" — האט איהם טהערעזאַ גלייכגילטיג גע-ענטפערט — „יעדענפאללס אינטערעס-סירען מיך פרעמדע געפיהלע גאַנץ ווייניג!" —

— „טהערעזאַ פּיאָדראָוונאַ, איהר בעליידיגט מיך!" — האט זיך זוועראָוו אָבגערופען אונד זיין געזיכט איז מיט איינמאל בלוטרויט געוואָרען — „איהר קענט דאָך ניט זיין אזוי האַרט אונד ניט וועללען אויכהערען איין מענשען, וואס שעטצט אייך העכער איבער אַללעס אויף דער וועלט. דיעזער געפיהל האט אין מיר אויפגעפלאַממט, וויא איך האב אייך געזעהן צום ערשטען מאָל אונד איבער דיעזען געפיהל ווילל איך יעטצט מיט אייך ריידען. איך קען שוין מעהר ניט איבערטראָגען דעם שווערען דרוק פון דיעזען געפיהל, איך מוז אייך ווייזען, וויא עס זעהט אויס אין מיינעם הערצען,

איהר מוזט אללעס וויססען אונד מיר
אייער אנטוואָרט געבען. פון אייער
אנטוואָרט היינגט אב מיין לעבען, אָדער
מיין טוידט...״ —

דיא פלוצלינגע ערקלערונג האט
טהערעזאן אַזוי דערשראָקען, דאס ווען
זיא וואללט זיך ניט אָנגעחאפּט אָן אַ
ברעג טיש, וואָללט זיא געוויס אומגע-
פאַללען. אייניגע מינוטען איז זיא גע-
שטאַנען וויא פערשטיינערט אויף איהר
פלאַטץ און האט ניט געוואוסט וואָס צו
ענטפערן. אויסערדעם האט איהר שטאַרק
איבערראַשט צו הערן איינע ליעבעס-
ערקלערונג פון איין מענשען, מיט
וועלכען זיא האט קיין נאָהענטע בעקאַנט-
שאַפט ניט געהאַט. ער פלעגט צו זייא
אָפטמאָל קומען און זיא האט איהם
עמפּפאַנגען מיט דיא זעלביגע צוריק-
האַלטונג, וויא אללע קאַוואַליערען, וואָס
פלעגען זיך אומדרייהען אין איהר מוט-
טערס סאַלאָנען און זיא האט וואָהל גע-
וואוסט, דאס זיא האט איהם קיין שום
געלעגענהייט געגעבען צו דיעזער ליע-
בעסערקלערונג. ענדליך האָט זיא זיך
געפאַסט און האט געענטפערט:

— „מיך וואונדערט זייער, מאַקסים
אַנדרייאיטש, דאס איך האב אין אַזאַ
קורצע צייט אייער ליעבע פערדיענט.
אָבער, איהר מוזט מיר פערצייהען,
ווען איך וועל אייך אָפפען זאָגען, אז
איך גלויב ניט אין יענע ליעבע, וואָס
ווערט אין איין אויגענבליק געבאָרען.
דיא ליעבע, פון וועלכע אונזערע פּאָעטען
און ראָמאַנען שרייבער ערצייהלען אונז,
יענע ליעבע, וואָס ווערט געבאָרען אין
איין סעקונדע, פון דעם ערשטען בליק,
עקסעסטירט שוין נאך מיין מיינונג ניט
אָדער זיא שטאַרבט אין דערזעלבער
מינוט, אין וועלכער זיא ווערט געבאָרען.
דיא ליעבע קען לעבען און געדויערן נאָר
דאַן, ווען זיא איז אויף געגענזייטיגע
אַכטונג געגרינדעט. מיר קענען נאָר
דאס ליעבען, וואָס מיר אַ כ ט ע ן אונד
פערעהרען, ווען דיא צווייא ליעבענדע
ערקענען זיך גרינדליך און וויסען צו
שעטצען איינער דעם אַנדערנס מעלות
און חסרונות....״ —

— „צווייפעלט איהר דען אין מיין
אַכטונג צו אייך, טהערעזאַ פּיאָדראָוונאַ?״
— האָט איהר זוויעראָוו איבערגעשלאָגען
און איין שטראַהל פון האָפפנונג האָט
געגלענצט אין זיינע אויגען —

— „וויא זאָלל איך אין אייער אַכ-
טונג גלויבען, ווען איך וויים אַז איהר
קענט מיך ניט“ — האָט זיא איהם גע-
ענטפערט — „אונזער בעקאַנטשאַפט איז
איינע אָבערפלעכליכע און בערוהט נאָר
אויף אייניגע קליינע געזעללשאַפטליכע
אַרטיגקייטען. וויא קענט איהר מיינע
מעלות שעטצען אָדער מיינע חסרונות
פעראַכטען, ווען מיר זיינען אַזוי פרעמד
איינער צום אַנדערן? יעדענפאַללס, מיין
הערר, קען קיין אויפריכטיגע אַכטונג
צווישען אונז ניט זיין, אין דעם איז נאָר

שולדיג די קרומע בעגריפפע פון היינטיגער צייט איבער געוויססע זאַכען...." —

— „און ווארום קען צווישען אונז קיין אויפריכטיגע אַכטונג ניט זיין, טהערעזאַ פיאָדראָוונאַ?" — האט ער איהר מיט פערוואונדערונג געפרעגט — וואס זיינען דאס פאַר קרומע בעגריפפע, פון וועלכע איהר רעדט?—

— „איך מיין יענע בעגריפפע" — האט טהערעזאַ געענטפערט — וואס לערנען היינטיגע ציוויליזירטע מענשען פעראַכטען דעם צווייטען, ווייל יענער שטאַממט פון איין אנדער נאַציאָן אונד גלויבט אין גאָטט אויף איין אַנדער אַרט. יעדע קאַטעגאָריע מענשען מיינט אז זיא איז די בעסטע און בעטראַכטעט די צווייטע מיט די גרעסטע פיינדזע-ליגקייט". —

— „דער פון זעהען מיר שוין היינ־טיגע צייטען גאַנץ וויניג ביישפיעלע, מיין פריילין!" — האט ער זיך אָפגע-רופען — „די ציוויליזאַציאָן האט אללע מענשען אויסגעגליכען." —

— אָ, מיר האבען, לײדער זייער פיעל ביישפיעלע פון דעם געגענטהייל! — האט איהם טהערעזאַ געענטפערט אונד איהר טאָן האט געקלונגען שמערצליך אונד טרויעריג — „מיר זעהען אללע טאָג וויא די פערש'עדענע מענשענקלאַססען צוריים-סען און צערפליישען זיך אין דער טיפסטער פיינדזעליגקייט. דעם בעסטען בעוויז קען אונז געבען דער ניימאָדנער יודענ־האַסס, דער נייגעבאַקענער אַנטיסעמי-טיזמוס, וואָס איז געבאָרען געוואָרען אויף די קניע פון דער ציוויליזאַציאָן". —

— „אָבער, טהערעזאַ פיאָדראָוונא" — האט זיך זוויעראָוו אָבגערופען — „מיר ריידען דאָך וועגען מ ע נ ש ע ן און ניט וועגען אידען!" —

טהערעזאַ האט איהרע ליפפען שטאַרק פאַרביססען און זיא האט איהם גאַנץ גע-לאַססען געפרעגט:

— „דיינקט איהר, מאַקסים אַנדריי-איטש אז די אידען זיינען גאָר קיין מענשען ניט?" —

— „מענשען זיינען זייא, צו אונזער שאַנדע" — האָט ער איהר געענטפערט — „אָבער גאָר פון דער ניעדריגסטע זאָרטע. עס וואָללט פאַר אונז פיעל בעסער גע-ווען, ווען זייא וואָללטען גאָר אויף דער וועלט ניט געוועזען!" —

— „אָי, מיין הערר!" — האָט זיא איהם מיט דיעזעלביגע געלאַססענהייט געענטפערט — „דאַן וואָללט איך אויך אויף דער וועלט ניט געוועזען, דאַן וואָללט איך ניט געהערט אַזאַ שווערע בעליידיגונג, אויף מיין פאָלק, אויף מיין אונגליקליכע נאַציאָן און איהר מיין הערר, וואָללט פערשפאָרט צו ערקלערען ליעבע א י נ ע ר א י ד י ש ע ן ט אָ כ ט ע ר!" —

— „טהערעזא פיאָדראָוונאַ! אום גאָטטעס ווילען! וואס רעדט איהר! — האט זוויעראָוו קיים ארויסגעשטאַמעלט פון

שרעק און זיין געזיכט איז בלייך געוואָרן וויא קאַלך —

— „אדיע, מיין הערר!" — האט זיא קאַלט און שטאָלץ אויסגערופען — יעצט האבען מיר שוין מעהר ניט וואס צו שאַפּפען איינער מיט דעם אנדערן. יעצט ווייסט איהר שוין ווער איך בין, און יעצט קענט איהר שוין איינזעהן, וויא איבעראיילענד און וויא איבער-פליסיג אייער ליעבעס ערקלערונג איז געוועזען!" —

זיא האָט זיך האַסטיג אָבגעווענדעט און איז אַוועקגעגאַנגען.

בלייך וויא דער טויט, מיט ווייט אויפגעריסענע אויגען, מיט אללע צייכען פון שרעק, גלייך וויא פון שטיין אויסגעהאַקט, איז זוויעראָוו געבליבען שטיין אויף זיין שטעללע. זיין הערץ האָט איהם געקלאַפּט וויא מיט האַמערס און דער אָטהעם האָט איהם כמעט אין גאַנצען פערזאָגט. אַ לאַנגע צייט האָט ער ניט געקענט צו זיך קומען, ביז ער האָט פּלוצלונג דערהערט אַ פרייליכע פרויענשטיממע האַרט בייא זיין אויער:

— „מאַקסים אַנדרייאיטש! אָ מאַק-סים אַנדרייאיטש! וואָס שטעהט איהר דאָ אַזוי וויא אַפערשלאָפענער? דיא שיינע שזידאָווקאַ האָט אייך געוויס אַ שטאַרקע פּאָרציאָן אָפּיום געגעבען!..."

וויא פון אַ שווערען שלאָף אויפ-וואַכענדיג האָט זיך זוויעראָוו אומגע-דרייהט אונד האט דערזעהען דיא מאַריאַ קיריללאָוונאַ, וואָס איז געשטאַנען האַרט בייא איהם און האט איהם מיט גיפטיגע בליקען אין זיין געזיכט אריינגעקוקט.

— „אַ שיינע שזידאָווקאַ! — האָט ער וויא צו זיך אלליין געמורמעלט — יאַ, יאַ, שיין איז זיא! טהערעזאַ פּיאָדראָוו-נאַ אַ שזידאווקאַ? אָ, וועלכע אויסזיכטען איך האב געהאַט!.... דער פאָטער איז אַ מילליאָנער.... נאָר ניט קיין שלעכטע פּאַרטייא.... אָבער אַ שזידאָווקאַ!.... חאַ! חאָ! חאַ!...." —

ער האט זיך צולאַכט מיט יענעם געלעכטער, מיט וועלכען דיא וואַהנזיני-ניגע לאַכען אונד איז האַסטיג אַוועקגע-גאַנגען. מאַריאַ קירילאָוונא האט איהם האַלב צו שראָקען, האַלב פערוואונדערט נאכגעקוקט.

— „ער איז אַראָפּ פון זינען" — האט זיא צו זיך געזאגט — „דיא שיינע שזידאָווקא האט איהם דעם מוח צומישט דאס איז איין אָבצאָהלונג פאַר זיינע פאַלשע ליעבעס....ניט איינע בעוויינט זיין פאַלשעם הערץ...." —

זיא האט אַ שווערען זיפץ געטאָן, וואס האט גאַנץ דייטליך בעוויזען, דאס אויך זיא האט זעהר פיעל געליטטען פון זיין פאַלשעם הערץ אונד איז אַוועקגע-גאַנגען צו דער גרופּפּע, בייא וועלכע זיא איז פריהער געזעסען.

נאַדיעשזדאַ גריגאָריעוונאַ האט זיך מיט טהערעזען בעגעגענט אין דער טהיר פון דעם גרויסען סאַלאָן. איהר געזיכט

האט געשטראַהלט פון פרייד און איהרע אויגען האבען געשאָססען פונקען, אויף איהרע ליפּפּען האט געשוועבט איין גליקזעליגער שמייכעלע, אָבער איין איינציגער בליק אויף איהר טאָכטערס געזיכט האט איהר איבערצייגט, דאס איהר פריידע איז אומזיסט. טהערעזאַ האט זעהר טרויעריג אונד שטאַרק אנגע-גריפּפּען אויסגעזעהן אונד אויף איהרע ברעמען האט געציטטערט אַ טהרער. ניט אַזוי זעהט אויס-אַ מערכען, וואס האט ערשט אויסגעהערט איינע זיססע ליעבעסערקלערונג. דער גליקזעליגער שמייכעלע איז פון איהרע ליפּפּען פער-שוואונדען געוואָרען אונד איהרע אויגען האַבען אנגענומען אַ שטריינגען אויס-דרוק אַלס זיא האט טהערעזען געפרעגט:

— „האָבט דוא זיך געזעהען מיט זוויעראָוּוען?“—

—„איך האב איהם געזעהען מאמאַ!“ —האט איהר טהערעזאַ גאַנץ רוהיג גע-ענטפערט — „ערשט מיט אַ פּאָר מינוט צוריק האבען מיר זיך געשיעדען!“—

— „געשיעדען?“— האט איהר נאַ-ריעשזדאַ גריגאָריעוונאַ מיט בעשטירצונג געפרעגט, „וואס הייכט: געשיעדען?“—

— „וואס וואונדערכט דוא דיך אַזוי שטאַרק, ליעבע מוטטער?— האט איהר טהערעזאַ צוריק געפרעגט — „זיינען מיר שוין פון אונזער געבורט אָן ניט גע-שיעדען?“—

— „וויעדער דיינע נאַרישע פהילאָ-זאָפהיע?!“— האט נאַדיעשזדאַ גריגאָר-יעוונאַ אויסגעשריען — „איך וויל פון דעם גאָר נישט הערן! איך זאָג דיר נאך אַמאָל, אז דוא וועסט ביי מיר גאָר נישט אויכפיהרען. האָבט דוא איהם אָפשר וואס עס איז געזאגט פון דיינע נאַרישע געדאַנקען?“

— „איך האב איהם געזאגט דאס, וואס איך האב פאר נויטהיג געפונען איהם צו זאגען, מאַמאַ!“—האט טהערע-זאַ געענטפערט — „און, וויא מיר שיינט, איז ער מיט מיר אין גאַנצען מסכים. ער געפינט אויך אז אַ קריסט מיט אַ אידען זיינען גאָר קיין פּאָר קליידער ניט. נאָך מעהר, ער געפינט, אז דער קריכט איז אַ זיידענער מאַנטעל און דער איד — אַ שמוטציגע זאַק....“—

— „און דוא האָבט געהאַט דיא העזה איהם אונזער אַבשטאַממונג צו ענטדעקען! — האט נאַדיעשזדאַ גריגאָר-יעוונאַ געשריען אונד איהרע אויגען האבען געפונקעלט וויא ביי אַ ווילדע חיה—אַ, וועלכע שאַנדע! וועלכע שמאַך! וויא וועלן מיר אונזערע אויגען ווייזען פאַר דער וועלט! עס וועלן זיך פון היינט אָן פאר אונז פערשליססען אללע טהירען אונד מען וועט אויף אונז ווייזען מיט דיא פינגער, וויא אויף אַללע אידען! וויא האָסט דוא דאס געקענט אזוי גראָב אָנטרעטטען אַ מענשען, וואס ליעבט דיך אזוי שטאַרק, וואס האט דיך געוואָללט מאכען פאר דיא גליקליכסטע

פרויענצימער אויף דער וועלט!"—

— „ווען ער ליעבט מיך" — האט טהערעזאַ מיט אַ טרויעריגען שמייכעל געענטפערט—„זאלל ער מיט מיר יעצט חתונה האבען, יעצט, ווען ער וויים, ווער איך בין. ווערסט אבער זעהן, ליעבע מוטטער, וויא ער וועט אונזער הויז ווייכען. ער וועט זיך קיינמאָל ניט קענען מוחל זיין, וואס ער האט איין אידעש קינד ליעבע ערקלערט!"—

טהערעזאַ האט זיך אומגעווענדעט און איז אַוועקגעגאַנגען אין איהר צימער.

אין דער מינוט איז פיאָדאָר איוואַניטש האַסטיג צוגעגאַנגען. ער האט אויסגעזעהן בעזאָרגט און אין זיין גאַנצע האַלטונג האט מען געקענט בעמערקען אַ געוויססע אונרוהע. ער האט זיך גע-ווענדעט צו נאַדיעשזדאַ גריגאָריעוונען אונד האט צו איהר געזאגט:

— „זוויעראָוו האט פון אונז קיין אַבשיעד ניט גענומען אונד איז אַוועק-געגאַנגען!" —

— „האָסט דוא איהם ניט געקענט אָבהאַלטען?"—האט זיא איהם געפרעגט אונד איז בלייך געוואָרען — „נאָר פון וואַנען זאָללסט דוא וויססען איידעל-קייט? דוא ביזט דאך נאך עד היום דער פאַרצייטיגער בית־המדרש׳ניק!"—

—„איך האב איהם געבעטען טויזענד מאָל, ער זאלל בלייבען, ער האט אבער אויף קיין פאַלל ניט געוואָללט!"—האט זיך פיאָדאָר איוואַניטש פערענטפערט —

— „וואס האט ער דיר געזאגט?" —

—„ער האט געזאגט"—האט פיאָדאָר איוואַניטש געענטפערט אין דער שטילל און האט זיך ארומגעקוקט צו הערט מען ניט זיינע רייד —„אַז ער געפינט דאס אונטער זיין עהרע בייא אידען צו פער-בריינגען זיין צייט; ער האט נאך דער צו געזאגט...."—

אָבער פיאָדאָר איוואַניטש האט שוין קיין צייט געהאַבט צו ענדיגען זיינע רייד, דען אין דעמזועלביגען אויגענבליק האט נאַדיעשזדאַ גריגאָריעוונא אַ געשרייא געטאָן מיט אַ ווילדען קול און איז גע-פאַללען אין שרעקליכע קרעמפפע (ספאַזמען). עס איז געוואָרען אַ גרויסער לאַרעם. דיא געסט האבען זיך ער-שראָקען. מען האט דיא אָהנמעכטיגע אַוועקגעטראָגען אין איהר צימער אונד אַ קאַממערדיענער איז געפלויגען וויא אַ פייל פון בויגען נאך דעם הויזאַרצט.

אין אַ שטונדע ארום האט דיא זיססע מוזיק פערשטוממט, דיא קאַנדע-לאַברעס זיינען אויסגעלאָשען געוואָרען, דיא פענכטער צו געשלאָססען אונד דיא געסט זיינען איינציגווייז צוגאַנגען. דיא גאַנצע גאַסס האט זיך איינגעוויקעלט אין איהר שוואַרצען נאַכטמאַנטעל אונד דיא גרויסע לעווענבערגישע הויז האט אין דער פינכטערנים אויסגעזעהן וויא אַ גרויסער קבר. נאר אין איין צימער אין צווייטען עטאַזש, האט געברענט דיא נאַכטלאַמפע אונד האט געוואָרפען אַ

גרינעם שײן ארום זיך.

אין יענעם צימער האבען פּיאָדאָר איוואַניטש אונד דער הויזאַרצט, דאָקטאָר הערמאַנן, געוואַכט איבער דיא קראַנקע אונד בעוואוסטלאָזע מאַדאַם לעווענבערג.

## קאַפּיטעל י״ג.

## דיא ארבייטער בייא דעם נייעם טהורעם.

עס איז געוועזען זעהר א שיינער און אַ וואַרעמער טאג אין מאָנאט מערץ 1881.

דיא פעלדער האבען שוין אנגעפאנגען זיך אין דעם ערשטען גרין צו קליידען, דיא בוימער האבען זיך שוין אין קליינע, העללגרינע בלעטעלעך אויסגעפוצט אונד דיא זון האט פון דעם ריינעם, טיעף־בלויען הימעל געשיינט מיט איהרע גאָלדענע אונד בעלעבענדע שטראהלען וויא אין מיטטען מאי. אין שטאָדט האט געהעררשט איין רעגעס לעבען, אללע טראָטטואַרען זיינען פולל געוועזען פון שפּאַציערגעהער, וואס זיינען שוין גע־קליידעט געוועזען אין לייכטע און עלע־גאנטע זוממער קליידער. דיא לופט איז געוועזען ריין, ערקוויקענד. איבעראַלל האט מען געזעהען עלעגאַנטע הערען אונד רייכגעקליידעטע דאַמען מיט פרישע אונד פרייליכע געזיכטער, מיט פריידענ־שטראַהלענדע אויגען, אונד אללעס האט פרייליך בעגריסט דעם ליעבען פריהלינג.

אין איינע דער הויפּט גאַסען שטעהט אַ גרויסע עלעגאַנטע הויז, אונד אין דעם גרויסען זאַאל דעסזעלבען הויזעס איז־זט פערזאַממעלט געוועזען אַ גרויסע געזעלל־שאַפט פון אידישע העררען און דאַמען, וואס זיינען געקוממען, דעם ווירטה פון הויז, דעם בעריהמטען אונד פיעל בע־ליעבטען דאָקטאָר הערמאַנן צו זיינעם פערציגסטען געבורטס טאָג צו גראַטולירען. דער דאָקטאָר הערמאַן מיט זיין פרויא האבען זיך מיט אַ יאהר צעהן צוריק בעזעצט אין דיעזער שטאָדט, און ביידע האבען זיך זעהר בעליעבט געמאַכט בייא דער היעזיגען אידישען אונד קריסטליכען אריסטאָקראַטיע, ער דורך זיין געשיקליכקייט, קונסט אונד מענשענפריינדליכען אומגאַנג מיט זיינע פּאַציענטען און זיא, דורך איהר פיעל־זייטיגע בילדונג, ליעבליכקייט און קלוגע האַלטונג אין דער געזעללשאַפט. אויסער־דעם איז דאָקטאָר הערמאַן בעוואוסט געוועזען אלס איינער פון דיא בעסטע אידעשע שרייבער, וואס האט מיטגעווירקט אין דיא גרעסטע רוסישע צייטונגען אונד זשורנאַלען. ער איז אללע מאָל געשטאַנען אויף דער זייט פון אססימיליאַציאָן אונד האט מיט אללע זיינע קרעפטע גע־ארבייט, אום פאַר דיא רוסישע אידען דיא ראַוונאָפּראַוויע אדער בירגערר־עכטע אוים צו ווירקען. ער האט וועגען דעם זעהר פיעל געשריעבען אין דיא צייטונגען און האט איבער דעם ארויסגעגעבען גאַנצע בראָשיורען. זיין הויז איז געווען

דער מיטטעלפונקט פאר אללע דיא, וואס
האבען זיך שוין האלב אַססימילירט אונד
דאָרטען פלעגען זייער אָפט צוזאַממענ-
קוממען אידישע סטודענטען, פערפאַסער
ליטעראַטען, אונד בייא א גלאָז טהעע
פלעגט מען זיך זעהר פיעל אונטער-
האַלטען אונד דעבאַטירען איבער דיא
„אידישע פראַגע". דאָ האט מען גאַנץ
פרייא געקענט ענטוויקעלען אי-
דעען, מיינונגען, פלאַנען וועגען דיא
אידישע צוקונפט, אידישעס לעבען אונד
אידעשען צושטאַנד,

דיא געסט בייא דעם דאָקטאָר הערר-
מאַן האבען זיך אין פערשיעדענע גרופּען
צוטהיילט; פיעלע פון זייא האבען זיך
אונטערגעהאַלטען מיט שטאָדט נייעס,
אנדערע האבען געשפּראָכען איבער
פּאָליטיק און ווידער אנדערע זיינען גע-
שטאַנען ארום דעם סערווירטען טיש און
האבען זעהר פלייסיג צוגעשפּראָכען דיא
געשמאַקע שפּייזען אונד דיא טהייערע
ווינען, וואס דער פרייגיביגער ווירטה
האט זייא אויפגעטישט. אים אללגע-
מיינען האט דאָ געהעררשט זעהר אַ
פרייליכע שטיממונג און יעדער האט זיך
אַמוזירט נאך הערצענס לוסט.

אונטער דיא געסט וואר אויך אונזער
בעקאַנטער שטודענט איסאַאַק גאָלדמאַן,
וועלכען דער ג. לעהרטער דאָקטאָר האט
זעהר געליעבט אונד געאַכטעט, אָבוואָהל
זייא האבען אין מאַנכע זאַכען ניט גע-
שטיממט אונד איבערהויפּט אין דעם בע-
גריף פון דער אידישען פראגע. דער
דאָקטאָר, וויא מיר האבען פריהער בע-
מערקט, איז געוועזען דורכאויס איין
א י ד ע א ל י ס ט, דאס הייסט: ער האט
געהאנגען אָן דיא פרייע אידעען אונד
האט געקוקט אויף דער אידעשער צו-
קונפט דורך ראָזאַבריללען, אונד דער
שטודענט גאָלדמאַנן, דאגעגען, איז גע-
וועזען אַ שטייפער ר ע א ל י ס ט אונד
האט ניט געגלויבט אין יענע זיססע
חלומות, וואס אונזערע משכילים האבען
אין יענער צייט געטרוימט מיט אָפפענע
אויגען: ער האט דורכאויס געהאלטען
פון נאַציאָנאַליטעט, אונד אין דער פער-
שטאַרקונג פון דעם נאַציאָנאַל געפיהל,
האט ער געזעהן אונזער רעטטונג, אונזער
גאולה שלמה. זייא פלעגען זייער אָפט
איבער דיעזען פונקט שטרייטען אונד
יעדער פון זייא האט געזוכט דעם צווייטען
איבערצוצייגען דורך טהאַטזאַכען, דורך
ריינע פאַקטען אונד דורך לעהררייכע
בעוויזע. דאס קיינער פון זייא האט דעם
צווייטען ניט געקענט מנצח זיין, איז
זייער לייכט צו פערשטיין, ווייל ביידע
האבען מיט שטאַרקע וואַפפען מלחמה
געהאלטען; דאך האבען דיעזע שטרייטיג-
קייטען ניט געקענט פערדריינגען דעם
טיעפען געפיהל פון אַכטונג, וואס זייא
האבען איינער צום אנדערן געפיהלט
אונד זיינען אימּמער דיא בעסטע פריינד
געבליעבען.

דער שטודענט גאָלדמאַנן איז גע-

זעססען אבגעזונדערט פון דער גאַנצען פרייליכען געזעללשאַפט, בייא איין קליינעם טיש, וואס איז בעדעקט. גע-ווען מיט אללערלייא ביכער, אַלבומס, זשורנאַלען, אונד ער האט זייער ערנסט געלעזען דעם לעצטען נומער פון „גאָלאָס“, איהם האט דיא גאנצע פרייליכע געזעללשאפט ניט געקענט אַמוזירען. ער איז פון דער נאַטור עטוואס שווער-מוטהיג אונד מעלאַנכאָליש געשטיממט געוועזען; פיעללייכט, ווייל ער האט מיט פינכטערע בליקען אויף דער וועלט געקוקט, דאַרום, ווייל ער האט פון זיין פריהעסטער יוגענד אָן קיינע לעבענס-פריידען גענאָססען אונד האט פון זיין קינדהייט אָן געלעבט אין אַרמוטה אונד אין נויטה. איהם האט קיין זאַך אין דער וועלט ניט אַמוזירט, אונד דארום האט ער זיך ווייט געהאַלטען פון יענעם פיעל-בעוועגטען אונד גערוישפאָללען לעבען, פון וועלכען זיינע קאָלעגען האבען גע-שעפט מיט פוללע הויפענס. ער איז אימער בעשעפטיגט געוועזען מיט זיינע ביכער, מיט זיין שטודיום אונד איבערהויפט מיט דיא אללע ענינים, וואס בעלאנגען צו זיין נאציאָן. בייא דעם דאקטאר הערמאַנן האט ער געפונען רייכען מאַטעריאַל צו זיין שטודיום, דען דער דאָקטאר האט געהאט א רייכע ביבליאָטהעק אונד ער האט אויך אַבאָנירט דיא גרעכטע אינלענ-דישע אונד אויסלענדישע זשורנאַלען.

— „וואָס שרייבט היינט דער „גאָ-לאָס“? — האט איהם דאָקטאָר הערמאַנן געפרעגט צו איהם צוגעהענדיג און זיין האַנד אויף זיין שולטער ארויפלייענדיג — „איז דאָ עפעס נייעס איבער אונזערע אידען?“ —

— „דער גאַנצער לייט-ארטיקעל איז וועגען אונז“ — האט איהם גאָלדמאַנן געענטפערט דיא ציטונג אַוועק לייגענ-דיג און פון זיין שטוהל אויפשטעהענ-דיג. — „עס איז ווירקליך מערקווירדיג אַז אין היינטיגען יאַהר הונדערט דאַרף מען זיך נאָך מאַטערן מיט אללע קרעפ-טען ווייס צו מאַכען דאָס, וואס עס איז שוין אלליין ווייס פון דער נאַטור!“ —

— „אַה, דאס מיינט איהר, וואס דער גוטער רעדאַקטאָר מאַטערט זיך אונז צו פערטהיידיגען!“ — האט זיך דער דאקטאר אבגערופען — „אבער גלויבט איהר דען ווירקליך, הערר גאָלדמאַנן, אַז מיר זיינען אללע ווייס און מען דאַרף אונז גאָר ניט וואַשען? גלויבט איהר, אַז מיר האבען גאר קיין פלעקען ניט?“ —

— „פלעקען האט דיא זון אויך!“ — האט דער שטודענט געענטפערט — „אבער מיר זיינען ניט שמוטציגער פון אללע נאַציאָנען!“ —

— „און דאָך האט מען נאך אימער אויף אונז וואס עס איז אוים צו זעט-צען!“ — האט זיך דער דאָקטאָר אבגע-רופען — „וועגען קיין פאָלק, וועגען קיין נאַציאָן אין דער וועלט ווערט אזויא

פיעל געשריבען פון דער שלעכטער זייטע, וויאַזוי פון אונז אידען!״—

— „דאס קומט ווייל ערשטענס, איז זייא וועגען אונז אידען בעקוועמער צו שרייבען״ — האט גאָלדמאַנן געענט־פערט — „מיר טאָרן ניט ענטפערן, מיר מוזען שווייגען אויף אללע דומהייטען וואס זייא שרייבען אויף אונז, און צווייטענס, ווערמען איז מען נאך אזוי מקנא וויא אונז? מיר שטעכען זייא דיא אוי־גען מיט אונזערע קליינע און זעלטענע גבירים, מיט אונזער הויפען משכילים, מיט אונזער ניי־געבאַקענע ׳ אַריכטאָ־קראַטיע. נאך זייער בעגריף איז שוין דאס פון זייא אַ גרויסער חסד, וואס זייא לאזען אונז אטהעמען דיא לופט מיט זייא צו זאממען״. —

— „אַה, דאס איז שוין ווידער אייער אַלטע קאַטרינקע, ליעבער הערר גאָלדמאַנן!״ — האט זיך דער דאָקטאר מיט אַ שמייכעל אָבגערופען — „איך וויים ווירקליך ניט, וואו איהר זעהט דיא שאָטטען אונד דיא שרעקבילדער! עס איז דאַנקען גאָטט אַרום אונז העלל אונד ליכטיג, דיא זון פון גלייכהייט הויבט שוין אָן פאַר אונז אויפצוגיין אונד מיר ערוואַרטען מיט יעדעם טאג דעם סיגנאַל צו אונזער פרייהייט. דיא רעגיערונג איז גאָטט צו דאנקען זייער גוט אונד פריינד־ליך צו אונז. מיר קענען זיך מיט יעדעם טאג ריכטען אויף דעם מאַניפעסט פון אונזערע בירגער רעכטע. אונזערע ברי־דער אין דער רעזידענץ גיבען אונז דיא בעסטע האפפנונג אונד איהר, ליעבער פריינד, איהר האלט זיך נאך אַלץ בייא אייער פינסטערע וועלט אנשויאונג!״

— „דעם זעלביגען פאָרוואורף קען איך אייך אויך מאַכען, הערר דאָקטאר!״ — האט איהם גאָלדמאַנן מיט אַ טרויע־ריגען שמייכעל געענטפערט — „איהר בעשולדיגט מיך, אז איך זעה נור שרעק־בילדער אונד איך קען אייך פאָרוואַר־פען, אז איהר זעהט צו לוסטיגע ביל־דער. נאָר דאָ וואָ עס האנדעלט זיך אום איין אַללגעמיינע זאַך, דארפען מיר אויף אונזערע פערזענליכע מיינונגען ניט קוקען, מיר דארפען נאָר דיא זאַך ביים וואורצעל אנגרייפען, אום דעם אֶמת צו געפינען. צום אונגליק בעטראכטען דיא מעהרסטע פון אונז אונזער צושטאנד דורך פערגרעססערונגס גלעזער, מיר מיינען, אז עס טאָגט שוין פאַר אונז אונד באלד וועט אַרום אונז ליכטיג ווערן, אָבער פאַר וואס זעהט קיינער פון אונז ניט דיא שווארצע וואָלקענס, וואס פער־פינסטערן אונזער הימעל? ווארום זעהט קיינער ניט דיא פערניכטענדע בליטצען וואס יענע פינסטערע וואָלקענס וואַרפען אויף אונז? ווארום הערן מיר ניט דיא שרעקליכע דונערן, וואס מאכען ציטערן דיא ערד אונטער אונזערע פיסס, יענע דונערן, וואס לאזען זיך הערן אַלץ נעהנ־טער אונד נעהנטער?... מיינט איהר אֶפשר, אז עס וועט זיך אויסבליטצען,

אויסדרונערן אונד דיא וואָלקענס וועלען
זיך צושפּרייטען אונד עס וועט ווידער
ווערן זונענשיין אַרום אונז ? מיינט איהר
אז דיעזע שטורעמס זיינען נאָר לופטער-
שיינונגען, וואס וויזען זיך אללע מאָל
אין דיא שענסטע יאהרעסצייטען ? ניין,
אָ, ניין, דיעזע וואָלקענס זיינען שוין
גאנץ אַלט ; זייא זיינען באלד צווייא
טויזענד יאהר אַלט, פון דאַמאַלס אָן,
זייט מיר האבען אונזער פּאָליטישע
זעלבסטשטענדיגקייט פערלאָרען, זייט
מיר זיינען צושפּרייט געוואָרען אויף
גאָטטעס ווייטע ערדע, האבען דיעזע
שווערע וואָלקענס זייער עלעקטריציטעט
ניט אָנגעוואָרען, אונד ווענן זייא הערן
אַמאָל אויף, זייערע פערניכטענדע דונערן
אונד בליטצען אויף אונז צו שליידערן,
איז דאס נאר אויף אַ קורצע צייט, אום
זייערע שלעג נאך פירכטערליכער, נאך
גרויזאמער צו מאכען. מיינט איהר אז
סובארין, אָזמידאָוו, פּיכנא, אָקרייץ,
בראַפּמאַנן, ליוטאָסטאַנסקי אונד דיא
גאַנצע זיבשאפט פון דיא היינטמאָדישע
„אידענפּרעססער", זיינען קליינע שטיקע-
לעך וואָלקענס, וואס דונערן אונד בליט-
צען אין דער שטילל ? ניין, זייא זיינען
פולל מיט עלעקטריציטעט אונד עס וועט
קוממען אַ צייט, ווען דיעזע שטיקלאך
וואלקען וועלען זיך פעראייניגען צו איין
גראָססען וואָלקען, וואס וועט פערדע-
קען אונזער גאַנצען הימטעל אונד אונז
פערניכטען... גיב. גאָטט, אז מיינע
שרעקליכע פּראָפעצייהונג זאלל ניט מקוים
ווערן ! איך זעה אונזער לאגע עטוואס
דייטליכער אלס זיא, הערר דאָקטאָר !" —
— „אָבער, אום גאָטטעס ווילען,
הערר גאָלדמאַנן !" — האט דער דאָק-
טאָר מיט איין פערדריסליכע מיענע אויס-
גערופען — „וואס חלומט זיך אייך ? וואו
זעהט איהר אַזעלכע שווארצע בילדער ?
ווארום קענען אייך דיא אללטעגליכע
טהאטזאכען, דיא לעבענדיגע פאקטען
ניט איבערצייגען ? ווארום שרעקען אייך
אזוי שטארק אונזערע וויניגע יודאָפהאָ-
בען (שינאי ישראל) ? ווער הערט זייא ?
ווער אכטעט אויף זייערע רייד ? מיר
זיינען דאך שוין געוואוינט פון אייביג אָן,
צו האבען אין יעדער צייט זאלכע
סובאָרינס, אזעלכע אָזמידאָווס. האבען
מיר דענן ניט געהאט אזא מין סובאָ-
רין אין מצרים, אין דער פערזאָן פון
דעם קעניג, וואס האט געזאגט, אז מיר
זיינען צו פיעל און האט געהייסען אונ-
זערע קינדער ווארפען אין טייך ? הא-
בען מיר ניט געהאט איין אָזמידאָוו אין
פרס, וואס האט פיר אונז געבויט גרויסע
תליות ? האבען מיר אין מיטעלאלטער
געהאַט קנאַפּ סובאָרינס ? שלעכטע מענ-
שען וועלען אין אללע צייטען זיין. דער
אונטערשייד פון דיא פּאַרצייטיגע סובאָ-
רינס און היינטיגע, איז דער, דאס יענע
האבען אונז אנגעמאַכט, גזרות, הריגות,
פערפאלגונגען און אינקוויזיציאן, היינ-
טיגע סובאָרינס אבער ביללען און קיי-

נער הערט זייא ניט. קוקט זיך נאר
אַרום וויאַ ברידערליך, וויא פריעדליך
אונזערע ברידער, דיא קריסטען, לעבען
מיט אונז, וויא זייא אכטען און שעטצען
אונז. מיט פריידען עפפענען זיך אללע
שולען, אללע אוניווערזיטעטען פאר אונז,
אונזרע ברידער בעקליידען זייער גרויסע
שטעללען אין אלע דעפערטמענט פון דיא
רעגיערונג בעאַמטען, אונזערע קינדער
זיינען פולל אין אללע קלובען און אין
עפפענטליכע געזעללשאַפטען, אין אונ-
זערע הענד ליעגען דיא גרעסטע רעגיע-
רונגס געשעפטען, מען געטרויט אונז,
מען שיינקט אונז טיטלען, אָרדענס,
פריווילעגיען און עממטער. ואס ווילסט
איהר נאך? גלייכע רעכטע? געדולד,
מיין פריינד! באַלד וועט מען אונז אויך
דיזע זיססע גאַבע שיינקען. מיר דאַר-
פען נאר אנווענדען אללע מיטלען, אום
דיעזע זיססע גאַבע אָרדענטליך צו פער-
דיענען. מיר דאַרפען אונזער גוטע רע-
גיערונג ווייזען, אז מיר זיינען ארדענט-
ליכע אונד טרייע בירגער. מיר דאַרפען
אונז מעהר פערברידערן מיט דער פאָר-
הערשענדער נאַציאָן אין אונזער פאָ-
טערלאַנד, בייא אונז אללעמען דארף
זיין איין גייסט, איין ווילען,
איין אינטערעססע, קיינע אבזאנדע-
רונג פון דיא קריסטען אונזערע שכנים,
מיר קענען מיט אונזער וויניגקייט גאנץ
פאר זיך אלליין ניט עקסיסטירען, מיר
מוזען זיך איינפערלייבען אין דעם גרוי-
סען קערפער, מיר מוזען זיך אין גאנ-
צען אססימילירען, וויא אונזערע
ברידער אין אויסלאַנד!" —

— „אונד וואס האבען אונזערע אויס-
לענדישע ברידער מיט זייער אססימי-
לאַציאָנס־קאָמעדיא אויסגעפיהרט?" —
האָט איהם גאָלדמאַנן געפרעגט — „אונ-
זערע אויסלענדישע אידען האבען זיך
שוין אין גאַנצען פון זייער נאַציאָנאַלי-
טעט אָבגעזאגט אונד אין גאנצען מיט
דיא קריסטען צומישט. דער דייטשער
איד איז שוין מעהר דייטש אַלס דער
דייטשע אלליין, אזוי אויך דער פראנ-
צויזישער, דער ענגלישער, דער אי-
טאַליענישער, א. ז. וו., אבער מיט
וואס האט מען דען אין דייטשלאַנד
דעם אידען בעצאהלט, פאר זיינע שווע-
רע אָפפער, וואס ער האט מקריב גע-
וועזען אפ'ן מזבח פון זיין פאָטערלאַנד?
מיט דעם אנטיסעמיטיזמוס! וועלכעס
לאנד האט אויסגעהאָדאוועט איין
שטעקקער? דייטשלאנד, דיא גע-
בילדעטע, דיא ציוויליזירטע, דיא פהי-
לאָזאָפהישע דייטשלאנד! פארצייטען
האט מען אונז אָנגעטאָן ענוים קשים נאָר
דער פאר וואס מיר זיינען אידען, אונ-
זערע פערפאָלגער האבען אונז געברענט,
געהאנגען, געקוילעט, געטרונקען נאר
לשם שמים; שפעטער האט מען
אונז פערראכטעט אונד אונטערדריקט פאר
אונזער שלעכטע ערציעהונג, פאר אונ-

יער ניט בילדען זיך, הײנט, אין נײנ-
צעהנטען יאהרהונדערט, ווען מיר שטײ-
הען שוין אויף אײן שטופפע מיט אַללע
ציוויליזירטע נאַציאָנען, האַססט מען אונז
דערפאַר, וואס מיר בילדען אונז. פאַר
וואס מיר ווײללען אויך האבען מענשענ-
רעכטע אונד געניססען דיא וועלט אונד
דאס לעבען אלס מענשען. הײנט שרײען
אונזערע ציוויליזירטע רעדאַקטאָרען:
„הים אײך, דער איד געהט!" דער איד
מאכט זײא אײנג אין טהעאַטער, דער
איד האט אַ העזה צו קומען אויף אַ מאַס-
קענבאַלל, דער איד איז געקוממען אין
אַ פראַק מיט אַ ווײסע קראוואַטטע אין
קלוב, דער איד האט אָנגעטאן אײן אָר-
דען, דער איד האט אויסגעבויט אײן
אײזענבאהן. דער איד האט צוגעשטעללט
פראָוויאַנט פאר אײן גאַנצע ארמעע,
דער איד האט מנדב געוועזען אַ האָס-
פיטאַל פאר קראַנקע אונד פערוואונדע-
טע סאָלדאַטען, דער איד פערקויפט
סחורה בעדײטענד בילליגער אלס דער
קריסטליכע סוחר, דאס זײנען אונ-
זערע הײנטיגע חטאים אונד דער פאר
צאַפּט מען אונזער בלוט טײבענווײז.
נײן, ליעבער הערר דאָקטאָר! מיר
אידען זײנען גאַנץ אנדערס געשאפפען,
מיר זײנען אײן גאַנץ אנדערעס עלעמענט,
מיר קענען זיך מיט אנדערע עלעמענטע
ניט פעראײניגען, מיר האבען פון אונזער
געבורט, פון דער נאַטור אײן בעזאָנ-
דערהײט, מיר מוזען אַללע מאָל בלײ-
בען פאר זיך, מיר קענען גליקליך זײן
נאָר אויף אונזער אײגענער אידעשער
אַרט!" —

אײניגע פון דער געזעללשאפט האַ-
בען זיך ארומגעשטעללט ארום דיא דיס-
פוטירענדע אונד בעפאָר דער דאָקטאָר
האט נאך צײט געהאט דעם שטודענט
צו ענטפערן, האט זיך אַ יונגע אונד אַ
רײכגעקלײדעטע דאמע אָבגערופען:

— „שוין ווידער אַ דיספוט? מיך
וואונדערט זײער אויף אײך, הערר
דאקטאר, וואס איהר לאזט זיך אַרײן
מיט דעם הערן גאלדמאנן אין אזעלכע
לאַנגע דיספוטען. ער איז אין זײן איבער-
צײגונג אזוי פעסט, דאס איהר וועט
איהם מיט דיא קלוגסטע בעווײזע ניט
איבערצײגען. ער איז שוין, לײדער,
אזוי געשאפפען! נאך זײן טהעאָריע,
האבען מיר געדארפט בלײבען דיא זעל-
ביגע ליעבהארציגע אידעלעך, מיט דיא
פערשמאַלצענע יאַרמעלקעס, אונד פער-
שלומפערטע זופיצעס, וויא מיר זײנען,
צו אונזער שאנדע, אַמאָל געוועזען!" —

— „איהר האט א גרויסען טעות,
מאדאַם!" — האט איהר גאלדמאנן קאלט
אונד העפליך געענטפערט — „מײן טהע-
אָריע איז, אז מיר זאָללען נאָר
בלײבען אידען, אידען, מיט
אונזער אידישע השכלה, מיט אונזערע
רײנע אונד ערהאבענע אידעשע זיטטען,
מיט אונזער עדלען נאַציאָנאַלגעפיהל,
מיט אײן וואָרט: מיט אונזער אײגענע

קולטור, מיט יענע קולטור, וואס האט געדיענט פאר אַ מוסטער אַללע איבערי־גע נאַציאָנען פון דער וועלט, וואס האט אַ וועלט געשיינקט דעם בעגריף פון אַ וואַהרע אמונה אונד וואס האט דיא גאנצע וועלט אַנגעפיללט מיט ליכט אונד פערגנונפט. דיא פערשמאַלצענע יאַר־מעלקעס אינד פערשלומפערטע זופיצעס האסס איך פיללייכט נאך מעהר אלס איהר, מאדאם, אבער מיינע ברידער, דיא אידען אין כלל, ליעב איך פון גרונד הערצען. מיר דארפען אונז ביל־דען מעהר אַלס אַללע נאַציאָנען, אָבער דיא בילדונג דארף אונז ניט ברייננען צום זעלבסט מאָרד, דאס הייסט: מיר דארפען אונז זעלבסט ניט מאָרדען אונד אונז זעלבסט אָבמעקען פון דער וועלט, אז עס זאלל פון אונז קיין זכר ניט בלייבען. איך ווידערהאָל־לע נאך איינמאל: מיר אידען קענען אונז מיט קיין נאַציאָן ניט פעראייניגען, מיר מוזען בלייבען אידען, ביז דיא שטונדע וועט פאר אונז שלאגען, וואו מיר וועלען אויך גערעכענט ווערן אין דער צאָהל פון אללע פעלקער אונד מען וועט אונז אנערקענען פאר מענשען מיט מענשענרעכטע, ביז מען וועט פערשטיין אז מיר האבען אויך אַ חלק אין גאטטעס וועלט אונד מיר דארפען אויך געניססען דאס לעבען מיט אללע זיינע גאבען!" — — „אונד וואס דארפען מיר דער צו טאָן, מיין האָכפערעהרטער פהילאָזאָף?"

— האט זיך אָבגערופען איין עלטערער הערר מיט איין גוט אויסגעהאָדעוועטען בויך, וואס האט געטראגען אַ מאַססע ברילליאנטענע רינגען אויף זיינע גראָבע אינד דיקע פינגער — „מיט וועלכע מיטט־לען קענען מיר צו אזא לאנג קומען אין אונזער פאָטערלאנד? אָפשר איז ראטח־זאם, אז אונזערע אידישע רבנים זאללען זיך צוזאממענקלייבען אונד בעטען בייא דיא אומות העולם, אז מען זאלל אונז ארויסלאָזען פון גלות? וויא מיינט איהר יונגער פריינד, וועט דאס ניט זיין דער בעסטער פלאן?" —

גאָלדמאנן האט אויף איהם מיט פעראכטונג אַ קוק געטאן אונד גאר נישט געענטפערט.

— „עס איז מערקווירדיג" — האט זיך דיא יונגע דאַמע ווידער אָבגערו־פען — „עס איז מערקווירדיג, וויא אונ־זערע אידען לאזען זיך מיט קיין זאך ניט בעגניגען! וואס מען גיבט זייא מעהר רעכטע, וואס מען שיט זייא מעהר איבער מיט וואָהלטהאַטען, פערלאנגען זייא אלץ מעהר. זייא פערגעססען זיך גאָר, אַז ערשט מיט צוואַנציג־דרייסיג יאהר צוריק, האבען זייא מעהר ניט גע־וואוסט וויא זייער שול־הויף מיט זייערע קלייזלעך, אונד היינט, גאָטט זייא דאנק! איז פאר אונז אָפפען דיא גאַנ־צע וועלט. מיר געפינען אונז אין דיא העכסטע קרייזען, מיר בעקליידען דיא בעסטע שטעללונגען, מיר גניסען דאס

לעבען מיט אללע איהרע פארטהיילע מיט אללעמען צוגלייך!" —

— "ענטשולדיגט, האכפערעהרטע!"

— האט איהר גאלדמאנן גענענטפערט — "איהר זעהט ניט דיא לאגע ביים ריכטיגען ליכט. וואללט איהר נאר זעהן, וואס פאר גרימאססען יענע דאמען אין קלוב שניידען הינטער אייער רוקען, ווען איהר קומט אין זייער געזעללשאפט! וואללט איהר נאר זעהן מיט וועלכע באזהאפטע בליקקען מען לארנירט אייך, ווען איהר זיטצט אין דער לאשע אין טהעאטער! זאלל דאס פאללען אין טיעפען ים, וואס זייא ווינשען אייך, ווען זייא זעהען אייך ארויספאהרענדיג אויף אייערע שנעללע פערד! ווייסט איהר פאר וואס? דערפאר וואס איהר זייט איין אידעש קינד! זייא האלטען אונז פאר שקלאפען, היינט וויא האט דאס א קנעכט דיא העזה צו גיין אין קלוב, אין טהעאטער, פאהרען אין א קערעדש אונד זיך קליידען אין זייד אונד סאמעט? מיט וועלכעם רעכט זעטצט זיך דאס דער דיענער אויבען אן, וואו זיי ווירטה זיטצט?" —

— "ווען אזוי?" — האט זיך דיא יונגע דאמע אבגערופען — "דארפען מיר אויפהערען צו זיין אידען, דארפען מיר דיא קייטען פון זיך אראפוואַרפען אונד ווערן פרייע מענשען, מיט אללעמען צוגלייך, וואס האבען מיר פון דער אידעשקייט? עלענד, שאנדע, טרויער, איביגע פערפאלגונגען. וואללט ניט בעססער זיין, אז מיר וואללטען זיך מיט דיא איבעריגע נאציאנען פערשמעלצען? דארפען מיר ניט ארבייטען מיט אללע אונזערע קרעפטען, אום אונז מיט דיא קריכטען זא צו פערברידערן, אז מיר זאללען זיין איין קערפער, איין גייסט, איין וויללען אונד איין לעבענסקראפט?" —

— "איך וואללט אייך אפשר אויך צושטיממען" — האט איהר גאלדמאנן גענטפערט — "ווען איך וואללט וויססען, אז דער קריסט פערלאנגט דאס פון אונז, אז ער מיינט עס ערנסט, דאס מיר זאללען אונז מיט איהם אין איין קערפער פערשמעלצען. לײדער לערנען אונז פיעלע טהאטזאכען דעם געגענטהייל: וואס מיר רוקען אונז צו איהם נעהנטער, טרעט ער אלץ מעהר פון אונז אפ. ער איז צו אונז העפליך אונד וועיזט אונז א פריינדליכעם געזיכט, ווייל ער דארף האבען אונזער רובעל, מיר זאללען איהם העלפען אין זיינע וואהלטהעטיגע אנשטאלטען, מיר זאללען אויםקויפען א העלפט פלעטצער אין זיינע טהעאטערן, מיר זאללען ביי איהם פאר שווערעם געלד קויפען מארעזאכען, וואס ער בריינגט פון אויסלאנד. האט ער בעקוממען אונזער רובעל, לאכט ער אונז אויס אין דער שטילל אונד פעראכטעט אונז אין זיינעם הערצען. ער געפינט נאך פאר א גרויסען אונרעכט, וואס מיר מאכען אנשפריכע אויף הומא-

ניטעט, מענשענליעבע, בילדונג, גע
שמאק, ער האלט אונז ניעדריגער אלס
דעם ניעדריגסטען בויער אונד רעכענט
אונז גאר פאר קיין מענשען נים. ליידער
זיינען דיא מעהרסטע פון אונז בלינד
אונד לאזען זיך איינריידען, אז יעטצט
איז שוין געקומען דיא צייט, אויף וועל-
כע אונזער גרויסער נביא ישעיהו האט
געזאָגט, אז איין רייסענדער וואָלף מיט
איין פרומע שעפס וועלען צוזאממען
פרידליך אונד ברידערליך לעבען, ווייל
דיא גאנצע וועלט וועט פולל ווערן מיט
פערנונפט. אין דיעזעם אבערגלויבען
זיינען מיר פערזונקען שוין עטליכע
צעהנדליג יאהר אונד זייט דאמאלס בויען
מיר אַ מין נייעם טהורם פון בבל. מיר
האבען איהם שוין גאנץ הויך אויסגע-
בויט, מיר דיינקען, אז מיר זיינען שוין
באַלד פערטיג מיט איהם אונד מיר אכ-
טען גאר ניט אויף דיא פינסטערע וואָל-
קענס, וואס ציעהען זיך צוזאממען פון
אללע זייטען. איין בליטץ — אונד
דער גאנצער טהורם וועט אין איין אוי-
גענבליק צערטריממערט ווערן אויף
שטיקער אונד עס וועט פון איהם קיין
גאַנצער שטיין ניט בלייבען!...“ —

שיין וויא אַ מלאך, וויא איין איבער-
אירדעשעס וועזען האט דער שטודענט
גאָלדמאנן אין זיין בעגייסטערונג אויס
געזעהן, זיין בלייכעס געזיכט האט אויס-
געדריקט טיעפען שמערץ, איין טרויער
וואָלקען איז געשטאנען אויף זיין ווייסען,
יננעוועלבטען שטערן אונד זיינע שוואר-
צע, גליהענדע אויגע אבען גענליהט
אין איין איבערנאַטירליכען פייער. דיא
יונגע דאמע האט איהם מיט בעוואונ-
דערונג בעטראַכט אונד האט איהם כמעט
מיט איהרע שמאכטענדע בליקקען גע-
שלונגען. אויף דיא איבעריגע געסט
האבען זיינע רייד איין טיעפען איינדרוק
געמאכט. איננערליך האט מיט איהם
אפילו קיינער פון זייא ניט געשטיממט,
אבער קיינער האט ניט געוואגט מיט
איהם אין איין לעננערן דיספוט זיך
ארייננצולאַזען, ווייל זייא האבען גע-
וואוסט, דאס זייא זיינען ניט אזוי גע-
לערנט אונד געבילדעט וויא ער. נאר
יענער דיקקער הערר, מיט דיא בריל-
יאַנטענע רינגען אויף דיא פינגער, האט
זיך ניט נ[illegible]ט איינהאלטען אונד האט
זיך גרא[illegible]בגערופען:

— „פוי, שעמט אייך, מיינע הער-
רען! איהר לאזט אייך פון איין יונגען
פהאַנטאַסט איינריידען. שיינע פראָג-
רעסיסטען זייט איהר, ניטא וואס צו
ריידען! אַזעלכע פרעדיגער האבען מיר
געהאט אין אללע צייטען אונד ווען מיר
וואָללטען זייא פאָלגען, וואָללטען מיר
נאך יעטצט געשטאנען אויף יענער שטו-
פע, אויף וועלכע מיר זיינען געשטאַ-
נען מיט עטליכע הונדערט יאהר צוריק.
קומט, מיינע העררען! לאָמיר היינטי-
גען טאג, דעם געבורטסטאג פון אונזער
ליעבע פריינד, דאָקטאָר הערמאַנן,

וואס האט זיין גאַנצען לעבען געאָפּפערט פאר אונז דיא בירגעררעכטע איִם צו ווירקען, היילינען מיט איינע גוטע טהאט; לאָמיר אויפזועטצען איין רעזאָ-לושאן אונד אונטערשרייבען, דאס מיר בעפאָלמעכטיגען אונזערע ברידער אין דער רעיידענץ, זייא זאללען זיך בייא דער רעגיערונג ווענען אונזערע גלייכע רעכטע בעמיהען. אונזערע ברידער פון אללע שטעדט, האבען דאס שוין לאנג געטאָן אונד עס איז ווירקליך אַ שאַנדע פאַר אזא גרויסע געמיינדע וויא אונזע-רע איז, דאס מיר האבען דאס ביז יעטצט נאך ניט געטאָן. לאָמיר דאס היינט מאכען, גראדע היינט, לכבוד פון אונזער בעסטען אונד האכפערעהר-טען פריינד, דאקטאר הערמאנן!״ —

אַללע האבען דיעזען פאָרשלאג מיט גרויס ענטהוזיאַזמוס אַנגענומען אונד אפפלאָדירט, נאר דער שטודענט גאָלד-מאנן איז געבליבען רוהיג אונד איין שמערצליכער שמייכעל האט זיך גע-שפיעלט אויף זיינע פעסטגעשלאָססענע ליפפען. דיא גאַנצע געזעללשאפט האט זיך ארומגעזעטצט אַרום אַ גרויסען טיש, דער דאָקטאר האט דיקטירט אונד איי-נער פון דיא שטודענטען האט געשריבען אויף איין בויגען פאפיר. אללע האבען אונטערגעשריבען אונד מען האט זיך דערבייא געהאונשען אז זייער וואונש זאלל געקרוינט ווערן מיט איין גליקליכען רעזולטאַט.

— „וועט איהר אונטערשרייבען דעם פאפיר?״ — האט דער דאָקטאָר גע-פרעגט גאָלדמאַנען מיט אַ שמייכעל פולל איראָניע.

— „ניין!״ — האט איהם גאָלדמאנן געענטפערט — „איך קען געגען מיין איבערצייגונג ניט האנדלען!״ —

— „אָהָ, אַזאַ אידעשער פאַטריאָט זייט איהר דאס!״ — האט זיך דיא יונגע דאַמע האַסטיג אָבגערופען — „איהר ווילט ניט צושטיממען דאָרטען, וואו עס האנדעלט זיך אום דאס גליק פון אונזער פאָלק?״ —

— „איהר אירדט אייך, מאַדאַם, ענטשולדיגט מיר!״ — האט איהר דער שטודענט געענטפערט — „איך בין קיין אידעשער פאטריאָט, ניט ווייל איך ליעב מיין פאָלק ניט, נאָר ווייל קיינער פון אונז קען זיין א אידעשער פאטריאָט. יעדער מענש פון יעדער נאַציאָן קען האבען פאטריאָטיזמוס, ווייל ער האט איינענע ערד, איין אייגענעם לאנד, ער קען ליעבען דאס, וואס עס געהערט צו איהם אונד צו זיינע גלויבענסגענאָ-סען. קענען מיר אידען זיין פאַטריאָטען, ווען מיר האבען גאר נישט? מיר האַ-בען געפּרופט ליעבען פרעמדע ערד, פרעמדע לענדער אונד פרעמדע אינטערעססען, האט מען אונז אויסגעלאכט. מיר קענען ליעבען, אכטען אונד שעטצען יענע לענדער, וואו מיר געפינען זיך, אָבער פאַטריאָטיזם קענען

מיר ניט האבען. אין דעם זיינען ביידע צדדים שולדיג, דיא אידען אונד דיא קריסטען: מיר אידען ווייל מיר האבען אונז אלליין ביז אַהער גערעכענט פאר געסט אין דיא לענדער, וואוהין דער שיקזאל האט אונז פערוואָרפען, געסט, וואס דארפען דאָרטען פערברייננגען נאָר אַ קורצע צייט, ווייל מיר האבען זיך גע-ריכט, אז באלד וועט מען אונז צוריק צונעהמען פון דארטען אונד מען וועט אונז צוריק אַוועקזעטצען אויף אונזער ערד, אויף אונזער א י י ג ע נ ע ערד, אונד דיא קריסטען, ווייל זייא האבען אויף אונז אַללע מאָל געקוקט, אונד קוקען נאך יעטצט, וויא אויף איינע פערשלעפּטע קריינק, וויא אויף צוגפוי-געל, וואס קומען אין פרעמדע לענדער זייער נאהרונג צו זוכען. יעטצט זיינען מיר שוין אפילו קליגער געוואָרען, מיר זוכען שוין יעדעם לאנד, וואו מיר וואויה-נען אנצוערקענען פאר אונזער פאטער-לאנד, מיר רופען שוין אָן דיא ערד, וואו אונזערע עלטערן ליעגען בעגראָבען: „מוטטער" אונד מיר ליעבען יעדעם לאנד, פאר וועלכע מיר פערגיססען אונזער בלוט, אָבער דאס העלפט אונז ליידער ניט. דיא קריסטען מאכען שפּאַסס איבער דיעזע אונזערע געפיהלען אונד וויזען אונז מיט דער גרעסטער פער-אַכטונג דיא טהיר, ווען מיר גיבען אונז אַ רוק עטוואס העכער. דיא קריסטען אלליין נייטהיגען אונז אז מיר זאללען בלייבען אין אונזער אבזאָנדערונג, זייא אַלליין דערמאָנען אונז אַללע וויילע, אז מיר זיינען אַ נאַציאָן פאר זיך אונד גאָר ניט וויללענדיג וועקען זייא אין אונז אונזער אַלטען נאַציאָנאַלגעפיהל, וואס האט שוין אַזאַ לאַנגע צייט אין אונז פעסט געשלאָפען... אַלזאָ, איז מיין מיינונג, אז מיר זאללען לאָזען דיא צייט אלליין האנדלען פאר אונז, מיר דאר-פען מיט געוואלד ניט ברעכען דעם מויער, וואס דיא צייט האט אַוועקגע-געשטעלט צווישען אונז אין דיא איבריגע פעלקער. פיללייכט איז עס נאָך צו פריה... פיללייכט דארפען מיר אָבוואַר-טען בעססערע צייטען... דער וויילע דארפען מיר אונז פעסט פעראייניגען, אינזערע פיעלע פארטייען דארפען זיך צו איין גאַנצען אונד פעסטען קערפער צוזאממען שליסען. מיר זיינען זייער שוואך, ווען מיר זיינען פעראיינצעלט, צוברעקילט, אָבער מיר בעזיטצען איינע ריעזענקראפט. ווען מיר זיינען פער-איינינגט. איין גייסט דארף אונז דורכ-דרינגען, אַ גייסט פון זעלבסטהילפע. מיר דארפען אונז ניט פערלאָזען אויף פרעמדע גוברנאנטינען, וואס זאללען אונז ערציעהען אונד אויף אונז אכטונג געבען. פון דיא פרעמדע נאנקעס זיינען מיר שוין ניט איינמאל אָהן איין אויג, אָהן אַ צאָהן געבליבען... מיר דארפען אונזער אַלטע מוטטער אויפוועקען, זיא זאל אויף אונז אכטונג געבען, אונזער

אַלטער נאַציאָנאַלגעפיהל, זיא איז אונ-
זער מוטטער אונד זיא זועט אונז אונ-
טער איהרע וואַרעמע פליגעלעך בע-
האַלטען כל זמן מיר זיינען נאך קליין
אונד מיר האבען נאך אויף אונזער קער-
פער קיין שוטץ פעדערן ניט, ביז אונזע-
רע פליגלען וועלען אויסוואקסען אונד
מיר וועלען קענען עקסעסטירען אָהן
פרעמדע אויפזיכט...״ —

— „בּראַוואָ! בראַוויסימאָ!״ — האט
אויסגערופען איין אַלטליכער הערר פון
קריינקליכען אויסזעהן מיט איין הייזע-
ריגע שטיממע אונד איז האסטיג אויפ-
געשטאנען פון זיין שטוהל, אויף וועל-
כען ער איז ביז יעטצט גאנץ רוהיג
אונד טהיילנאַהמסלאָז געזעססען אונד
איז רוהיג צוגעגאַנגען צו גאָלדמאַנען —
„גיבט מיר אייער בראַווע האנד, יונגער
הערר, אונד לאזט מיר איהר צודריקען
צו מיין הערצען. איהר האט איין וואה-
רעם אידעשעם הערץ, איהר זייט איינער
פון דיא בני ציון היקרים, וואס עס
זיינען אונז נאך איבערגעבליבען פון
אונזער רימפּאָללען אַלטערטהום. מיט
אזעלבע גייסטער קענען מיר שטאָלצי-
רען אונד ווען מיר האבען נאך אונטער
אונז אזעלכע פראָפּהעטען, איז אונזער
זאכע נאך ניט פערלאָרען. איהר זייט
גערעכט, בעסטער פריינד, אייערע
ווערטער זיינען קלוג, הייליג אונד עָר-
האבען. מיר זיינען גאָר איין אנדערע
נאַציאָן, דיא שווערע יאהרהונדערטע
האבּען גאר קיין איינדרוק געמאכט אויף
אונז, אַללע פערפאָלגונגען, אללע
אונטערדריקונגען האבען דעם הייליגען
פונקען אין אונזערע הערצען ניט אויס-
געלאָשען. אונזער הייליגער נאַציאָנאַל-
געפיהל לעבט נאך אין אונז, ער וועט
אונז ליינקען אונד פיהרען צו דעם ער-
האבענעם ציעל, וועלכען דיא וועלטגע-
שיכטע האט אונז געשטעללט!״ —

— „אַה, דאס זייט איהר, הערר
מאָריטץ ריטטענבערג!״ —
האט זיך דער דאָקטאָר אָבגערופען אונד
זיין געזיכט איז רויט געוואָרען פון כעס
— „איהר, וואס איהר בעזיטצט, וויא
מען זאָגט, מיללּיאָנען אונד איהר
ווילט פאר אייערע אינטערגעדריקטע
ברידער קיין פפעניג ניט געבען! ערשט
ניט לאַנג האט איהר אונז אוועקגעשיקט
מיט ליידיגע הענד, אלס מיר זיינען צו
אייך געקומען בעטען אַ נדבה אויף דעם
אקערבויא אונד האַנדווערקער פאָנד,
אונד דאך קאָרטשעט איהר פון זיך אַ
הייסען אידעשען פאַטריאָט, איהר רעדט
אויך פון דער אידעשען פראגע אונד
אידעשען נאַציאָנאַלגעפיהל? אפנים אז
מיט ווערטער זייט איהר מעהר בעל
צדקה, אלס מיט רובּעלם!...״ —

— „ווייל היינטיגע צייטען זיינען
ווערטער, נאך מיין מיינונג, פיעל נויט-
היגער אלס רובעלם!״ — האט איהם דער
אלטער. מאָריטץ ריטטענבערג רוהיג
אונד געלאססען געענטפערט — „מיט

אונזער געלד קענען מיר נאך יעטצט, ליידער, נאָר נישט מאכען, פּילליכט שפּעטער... אָבער מיט ווערטער קענען מיר פיעל, זייער פיעל אויסווירקען. מיר דארפען פריהער אָנגרייטען אז דיא ערד זאלל קענען צונעהמען דיא זריעה, ווען ניט וועט זיא אונז קיינע פּרוכט געבען. מיר מוזען פריהער אונזער פאָלק דיא אויגען עפענען, צו זעהן זייער לאגע, זייא זאללען פערשטיין, אז זייא זיינען אויך מענשען אונד האבען אויך אַ רעכט אויף דעם לעבען. איך האב ניט געגעבען קיין נדבה, זאגט איהר, אויף דעם אקערבויא פאָנד. אָט זייט אזוי גוט אונד ווייזט מיר, וואו איז דיא ערד, וואס מען וויללט אונז פערקויפען אונד וואו זיינען אונזערע פעלדארבייטער? וויפיעל האט איהר אזעלכע אונטער אונז? האט מען אונז ניט מיט געוואלד אָבגעריסען פון דער מוטטער־נאַטור, פון דער ערד אונד מען האט אונז געמאכט פאר קליינע קרעמערלעך, פאַר שיינקערלעך אונד פאר פּאקטוירים? ווייסט איהר פאר וואס? ווייל מען פערגינט אונז ניט אז מיר זאללען האבען א זיכערע לעבענסקוועללע; ווייל מען פירכטעט אז מיר זאללען עססען ברויט צו זאטט! קנאַפּ בעליידיגט מען אונזער הויפען קאלאניסטען, וואס מיר האבען אין א פאר גובערניעס? אונד איהר גלויבט, אז דער פאָנד וועט אונז גליקליך מאכען אונד וועט ענטשיידען דיא אידעישע פראגע, אזוי וויא איהר גלויבט אז דורך אַססימילאַציאָן וועלען מיר גרייכען צום ציעל. אָ, דאס איז נאָר הוילע פהאַנטאַזיע! דיא צייט וועט דיעזע פהאַנטאַסטען ווייזען, וויא נאַרריש עס איז, ווען מען מאכט דיא רעכענונג אָהן דעם ווירטה... נון, לעבט וואָהל, מיינע פריינדע! מיין שוואכער געזונד ערלויבט מיר ניט נאך מעהר אין אייער אנגענעהמע געזעללשאפט צו פערוויילען, איך מוז גיין, זיך עטוואס אויסצורוהען. אונד אייך, הערר גאָלדמאַנן, בעט איך, איהר זאללט מיך אָפט בעזוכען אונד איך וועל מיך פרייען איין ו ו אַ ה ר ע ן אידען בייא מיר אין הויז צו זעהן. היער איז מיין קארטע!"—

ער האט דעם שטודענט דערלאנגט אַ וויזיטענקארטע אונד איז הוסטענדיג אונד קרעכצענדיג מיט זיינע שוואכע אונד אונזיכערע טריטט אַוועקגעגאַנגען.

— „ווער איז דאס דיא אלטע חורבה?"

— האט דיא יונגע דאַמע דעם דאָקטאָר געפרעגט — דאס איז איין עכטע, לעבענדיגע רואינע, עס שמעקט פון איהם אונד זיינע פהילאָזאָפיע אַ גערוך, אַ גערוך וויא פון אַ טרופ!" —

— „דאס איז דער אלטער זאָנדערלינג מאריטץ ריטטענבערג!" — האט דער דאָקטאָר מיט אַ שמייכעל געענטפערט — „מיט דרייא יאהר צוריק האט ער זיך אין אונזער שטאדט בעזעטצט. ווער אונד פון וואַנען ער איז ווייס קיין

נער. ער איז אַהער פון אויסלאַנד גע־קומען אונד האט אין היזיגען קאָממערצ־באַנק אַ גרויסען קאפּיטאל אווקגעלייגט. האט זיך געקויפט אַ שיינע הויז, האט איהר זעהר קאָמפּאָרטאַבעל אויסגע־פּוטצט אונד לעבט זיך איינער אלליין וויא איין אַלטער יונגגעזעללע נאר מיט זיינע ביכער. ער האט קיין פאמיליע, אבער דער פאר אַ רייכע ביבליאָטהעק. ער בעזוכט קיינעם אונד נעהמט קיינע בעזוכע אָן, נאָר דיא מאַדאַם לעווענ־בערג מיט איהר טאכטער בעזוכען איהם מאנכעס מאל. פיללייכט איז נאַדיעשודאַ גריגאָריעוונאַ מיט איהם פערוואנדעט אונד וואָרפט אויס געהיימע נעטצען אום זיין גרויסען פערמעגען צו ערבען. איך בין מיט איהם אלס זיין הויזאַרצט בע־קאַנט, דען ער איז זעהר קריינקליך אונד ליידעט פון איין אַלטען ברוסט־פעהלער. וויא עס ווייזט אויס, ווענט ער זיך שוין דאָ ניט פערזאממען אין אונזער יאַממערטהאל. ער מוז זייער געבילדעט זיין, אָבער זיין יוגענד האט ער געמוזט זייער שטירמיש פערלעבען, דען ער איז פאַר דער צייט אַלט גע־וואָרען. ער איז מעהר ניט וויא אכט אונד פערציג יאהר אלט אונד זעהט אויס וויא אַ מאַנן פון אַכטציג יאָהר!" —

— „עס טהוט מיר לייד, וואס איך האב איהם פריהער ניט געקענט!" — האט זיך גאלדמאנן אָבגערופען — „ער שיינט מיר זייער געבילדעט צו זיין אונד ער טראגט זיין הערץ אויף דעם רעכ־טען פלעק. איך ליעב אימממער אזעלכע זאָנדערלינגע!" —

— „אָ, איהר קענט אייך זייער לייכט מיט איהם בעקענען!" — האט זיך דיא יונגע דאַמע עטוואס שפּיטציג אָבגערו־פען — „ער האט אייך דאָך אזוי העפ־ליך איינגעלאדען. פאר אייך קען דאס פון גרויסע נ ו ט צ ע ן זיין. ער האט קיין יורשים ניט אונד איז אזוי רייך...״ —

— „זיינע ביכער אינטערעססירען מיך מעהר, אלס זיינע באנקנאָטען, מאדאַם!" — האט איהר גאָלדמאנן געענטפערט קאלט אונד האט איהר מיט פעראכטונג זיין רוקען צוגעווענדעט —

## יד

## פאמיליענגעהיימניסע.

אונזער סטודענט גאָלדמאַנן איז פון דאָקטאָר הערמאַנס הויז געגאַנגען אַ היים. וויא איין נאַכטוואַנדלער איז ער געגאַנגען פון איין גאַסס אין דער אנדע־רער, מיט אונזיכערע שריטע, מיטן קאָפּ אויף דער ברוסט. איין וואָלקען פון טיעפען טרויער איז געלעגען אויף זיין געזיכט אונד זיינע ליפּען זיינען געווע־זען פעסט צוזאממענגעשלאָססען, אַזוי וויא ער וואָללט וועלען אונטערדריקען איין שארפען שמערץ פון איינע אינער־ליכע וואונדע. דער געדאַנקען, דאס דיא אידעשע נאַציאָנאַליטעט זינקט פון טאָג צו טאג, דאס זיין פאָלק האט

שוין אין גאַנצען פערלאָרען יענע הייליּ-
גע אונד זיססע האָפפנונגען, וואס הא-
בען יאהרהונדערטע געריענט אַלס שטאַר-
קער צעמענט, אונזער פאלק צו פער-
איינינגען אונד שטאַרק צו מאַכען, אום
אַללע שווערע שלעג פון שיקזאל איבער-
צוטראגען, יענער וואונדערבאַרער צע-
מענט, וואס האט אונזער פאלק גע-
קרוינט מיט דיא שענסטע העלדענקראָנע,
אונד יעטצט איז פון דיעזען הייליגען
גייסט קיין זכר ניט געבליבען, איינע
גרוויזאמע האנד האט אַללע יענע שיינע
פלאַנצען, מיט וועלכע מיר האבען אונז
שטענדיג געציערט, אויסגעריססען אונד
האט בייא אונז פרעמדע געוועקסע איינ-
געפלאַנצט — דיעזער געדאַנקען האט
איהם פערביטטערט זיין לעבען אונד
האט אין זיין יונגע ברוסט וויא איין
גיפטיגער וואָרעם גענריזעט. דיא אידע-
שע געשיכטע איז געוועזען דאס איינצי-
גע בוך, וואס האט איהם פון קינדוויז
אויף פריידען אונד פערגניגען געמאכט,
זיין איינציגער שטאָלץ איז געוועזען,
דאס ער שטאַממט פון דיעזע גרויסע
נאַציאָן, וואס האט איהרע גלענצענדע
מעלות אין קיין צייט אונד דורך קיינע
אומשטענדע ניט פערלאָרען אונד איז
שטענדיג טרייא געבליבען איהר גאַטט
איהר השכלה אונד איהר אייגענע קול-
טור, אונד נון, יעטצט, אלס זיא האַט
שוין פערציג יאַהרהונדערטע אָבגע-
דיענט פאר אַ שיינעם מוסטער אַללע
פעלקער, וואס האבען פון איהר גע-
לערנט דיא שענסטע מדות, וואס האבען
פון איהר ליכט אונד לעבען געשעפט,
יעטצט, ווען זיא איז שוין פיללייכט פיעל
נעהנטער צו דעם גרויסען אונד ערהאַ-
בענעם ציעל, צו וועלכען זיא האט זיך
מיט אַללע איהרע לעבענסקרעפטע גע-
צויגען אונד איז צו איהם געגאַנגען טריטט
פאַר טריטט, פאַללענדיג אונד זיך
וויעדער אויפהייבענדיג, מיט פערוואונ-
דעטע פיסס, מיט צובראָכענע ביינער
אונד צובייזטע גליעדער, יעטצט אין
דער לעטצטער מינוט, לייגט זיא ארויף
איהרע אייגענע הענד אויף זיך אונד
מאָרדעט זיך זעלבסט גאָר אָהן איין
אורזאכע, יענע גרויסע פאָלק, וואס
איז זיננענדיג, וויא צום טאַנץ, געגאַנ-
גען צו דיא שפאנישע אויטאָ־דע־פע
אונד האט זיך געלאָזען ברענען אונד
בראָטען אין דעם העללישען פייער, אום
נאר געטרייא צו בלייבען איהר אידעאַל,
אָפפערט זיך יעטצט מיט אַללע איהרע
היילינגטהימער פאַר איין פאַלשען שיין,
פאר איין פערמיינטליכען גליק, פאר
דעם גענוסס פון דעם אויגענבליק. יע-
דעם בלאַטט פון דער אידעשער גע-
שיכטע, האָט איהם געוויזען דעם ריינעם
טיפּ פון איין וואהרען אידען, אין יעדער
האַנדלונג, אין יעדער טהאַט, האט ער
דערקענט דאס ריינע אידעשע האַרץ,
דעם אידעשען גייסט, דיא אידעשע
ציוויליזאַציאָן, אונד היינט, אַ וויא

יעטצט איז שוין אונמעגליך צו ערקענען דעם אידען, נים אין זיין אינגערליכען אונד ניט אין זיין אייססערליכען לעבען, יעטצט זעהט מען אין דעם אידען אַ קאָמישען געמיש פון אללע נאציאָנען, יעטצט איז ער א לעבערליכע כאָמפּאָזיצ-יאן פון איין אזיאַטישען ווילדען, מיט דעם גלאַנץ פון איין אייראָפּייער, מיט דער נאַטור פון איין אַפּפע (מאָנקי) אללעס אין אללעמען נאָכצומאכען. דער דיספּוט בייא דעם דאָקטאר, האט איהם טיעף אין זיין הערצען געשניטטען ; ער האט יעטצט גאַנץ דייטליך ארויסגעזעהן, וויא וויים זיינע גלויבענסגענאָססען זיינען פעראירדט אונד וויא ווייניג האָפפנונג עס איז דאָ, זייא דיא אויגען צו עפּענען. דיעזע געדאנקען זיינען אין זיין קאָפּ וויא קריכענדע ווערים ארומגעקראָכען אונד האבען איהם זייער טרויעריג געמאַכט, ביז ער איז געקוממען צו דעם הויז, וואָ ער האט מיט זיין מוטטער געוואוינט.

ער האט מיט זיין מוטטער ש ר ה בעוואוינט דרייא קליינע אונד אָרעם מעבעלירטע צימטערן אונד אַ קליינעם קאַבינעט, אום זיך דאָרט אונגעשטערט מיט זיינע ביכער צו בעשעפטיגען. פון דער גאַנצער איינריכטונג אין זייער וואוינונג האט מען גלייך געקענט ארויסזעהן וויא אָרעם אונד וויא געדריקט זייער לאגע איז. דיא מוסטערהאפטע ריינליכקייט אונד אָרדנונג, וועלכע האט אין יעדעם ווינקעל געהעררשט, האט דייטליך געוויזען, דאס דיא ווירטהין פון דיעזער קליינען וואוינונג איז צו אַ פּיעל רייכערן אונד בעקוועמערן לעבען געוואָהנט געוועזען אונד דיעזע אַלטע אָרדנונגסליבע האט דיא שווערע נויטה איינינערמאססען פערדעקט.

גאָלדמאנן איז גלייך אין זיין קליינעם קאַבינעט אַריינגעגאַנגען, אויסגעטאָן זיין הוט אונד האט זיך וויא געבראָכען אפּין זאָפהע אנידערגעוואָרפען. מעהר וויא אַ שטונדע איז ער געלעגען מיט אָפּפענע אויגען אונד האט געשוואומען אין אַ גאַנצען ים פון טיעפע געדאַנקען.

ענדליך האט זיך דיא טהיר פון קאַבינעט אין דער שטילל געעפענט אונד א פרויא פון אונגעפעהר פינף אונד פערציג יאָהר, מיט איין בלייכעס, מאָגערעס געזיכט, געקליידעט אין ביללינע שטאָף, אָבער דאָך ריין אונד זויבער, איז מיט שטיללע טריטט אין דעם צימטער אריינגעגאַנגען.

— „ביזט דוא עס, מוטטער ?“ — האט גאָלדמאנן געפרעגט אונד איז האַסטיג פון זיין לאגער אויפגעשטאנען —

— „איך, מיין קינד !“ — האט איהם דיא מוטטער געענטפערט — „האב איך דיר געשטערט ?“ —

— „ניין, ניין, ליעבע מוטטער !“ — האט זיך גאָלדמאנן אָבגערופען אונד האט איהר אַרומגענומען מיט זיינע שטאַרקע אָרעמם, אונד אַ קוסס גע-

טאָן אין שטערן — „דוא ווייסט דאך, אז ד ו א שטערסט מיר קיינמאל ניט!" —

שרה האָט אַ לאַנגע צייט פאַרשענד איהר זוהן בעטראַכט. אַ וואָלקען פון שווערע זאָרג האט איהר געזיכט פער-דונקעלט.

— „דוא זעהסט זייער שלעכט אויס, מיין זוהן!" — האט זיא צו איהם גע-זאָגט אונד אין איהר ציטטערנדע שטים-מע האבען געקלונגען צוריקגעהאלטענע טרעהרען — „דוא ביזט זייער אנגעגריפ-פען!" —

— „אָ, זאָרג ניט, ליעבע מוטטער!" — האָט ער זיך אָבגערופען אונד האָט זיך בעמיהט צו שמייכלען — „מיר פעהלט גאָטט צו דאַנקען גאָר נישט!" —

— „דוא שטרענגסט דיך צו פיעל אָן, מיין ליעבע קינד!" — האט זיא צו איהם געזאגט אונד האט איהם שווער בעזאָרגט טיעף אין זיינע אויגען אריינ-געקוקט — „אונזער אָרעמע לאַגע צווינגט דיך, זייער פיעל צו ארבייטען. אויסער דיא לעקציאָנען אַללע טאָג אין אוני-ווערזיטעט, מוזט דוא נאך אונטעררריכט געבען אונד אויך אין דער היים מוזט דוא שפעט אין דער נאכט ארבייטען, אום מיט דער פעדער עטוואס צו פער-דיענען..." —

— „מיר איז דאס זייער לייכט!" — האט ער איהר געענטפערט — „דער געדאַנקען, אז איך ארבייט פאר דיר, ליעבע מוטטער, מאַכט מיר מיין אַרבייט זיסס אונד אנגענעהם!" —

— „גאָטט איז מיין עדות, אז איך האב קיינמאל ניט געוואָללט פאללען צו לאסט מיין איינציגעם קינד!" — האט זיא איהם מיט אַ שווערען זיפץ געענטפערט — „איך אונד דיין פאטער עליו השלום, האבען אללע אונזערע קרעפטען אָנגע-ווענדעט, דיר איין גליקליכע אונד זאָרגענפרייע צוקונפט צו בערייטען, נאָר גאָטט האט דאס אנדערש געמאכט. מיר שוואַכע מענשען קענען ניט מלחמה האלטען געגען גאָטטעס וויללען. אָ, יענער שורקע האט אונז רואינירט! ווען ניט ער, וואָללטען מיר יעצט ניט דאר-פען הונגערן אין עלענד אונד נויטה, אונד דוא וואללסט ניט דאַרפען אַרביי-טען טאָג אונד נאכט. נאָר גענוג דער-פון! דוא ווילסט דאך קיינמאלל ניט וויססען יענע טרויעריגע געשיכטע, וואס האט אונז אונגליקליך געמאכט" —

— „האָסט אַ טעות, ליעבע מוט-טער!" — האט זיך גאָלדמאנן אָבגע-רופען — „דאס איז בייא מיר קיין קאפריז, וואס איך וויל יענע געשיכטע ניט וויס-סען. דיא אורזאכע פון דעם איז נאָר דאס, דאס מיר איז אלץ איינס צו מיר זיינען אויף דעם צו אויף יענעם אופן ארעם געוואָרען. גלויב מיר, ליעבע מוטטער, אז איך, פון מיינער זייטע, בעדויער גאר ניט אונזערע פערלאָרענע רייכטהימער. איך בעט נאָר בייא גאָטט, ער זאלל מיר געבען דיא קראפט

מיין ציעל צו עררייכען, דאן זיינען מיר דיא רייכסטע אונד דיא גליקליכסטע מענשען אויף דער וועלט. נאָר איינ-מאל ווילל איך דאָך יענע געשיכטע הערן אונד איך בעט דיר, ליעבע מוט-טער, זעטץ דיך אַנידער אונד דערצייהל מיר דיעזע געשיכטע.

—„פינסטער און ביטטער איז מיר געוועזען אין מיין ערשטע יוגענד צייט, בייא מיינע עלטערן אין הויז"—האט שרה איהר ערצעהלונג אנגעפאנגען, נאכדעם וויא זיא האט זיך געגענאיבער איהר זוהן אויף א שטוהל אַניעדערגעזעצט — „מיין פאטער האט דאמאלס אין אַ קליין שטעד-טיל אין ליטא געוואנט און האט זיך און זיין גרויסע הויזגעזינד מפרנס געוועזען מיט דיא ביטטערע פרנסה פון מלמדות, דיר, מיין ליעב קינד, איז פיעללייכט ניט בעקאַנט דיעזע אונגליקליכע פראָפעסיאָן. זיא פערשאַפפט דעם מענשען קוים זאַטט ברויט און לייגט איהם אריין פאר דער צייט אין קבר. דער גרעסטער אונגליק מיין פאטערס איז געוועזען דער, וואס אללע זיינע קינדער זיינען געוועזען דורכ-אוים מיידלאך, און דאס איז בייא אונז אידען דער גרעסטער אונגליק און בפרט נאך אין היינטיגע צייטען. מיט אינגלאך האט מען וועניג טראָבל, מען ניט זייא לערנען אין א חדר, טויגען זייא ניט צום לערנען, מאכט מען זייא פאר בעלי מלאכות; ניט אזוי אבער איז מיט מיידלאך; זייא היינגען אויף זייערע על-טערנס קארק ביז נאך זייער חתונה. היינט מיט וואס מאַכט מען זייא חתונה? היינ-טיגע צייטען קאָסט דאס דעם אָרעמסטען עטליכע הונדערט רובעל, ווארום אָהן נדן און אָהן גאַרדעראָבע ווילל אפילו אַ וואַס-סערטרעגער קיין מיידעל ניט נעהמען. דאס ליעגט שוין אין אונזער לאגע, וואס איז ליידער אַזעלכע, דאס אָהן געלד קע-נען מיר ניט עקזיסטירען. דער קריסט, אפילו דער אָרעמסטער, האט זיך זיין איי-גענעם שטיקעל ערד און ער דאַרף דאס געלד פיעל וועניגער אלס דער איד, דא-רום זוכט ער קיין נדן ניט בייא זיין פרויא, מיר אבער, אידען, וואס מיר מוזען אונ-זערע פיעלע בעדירפניססע שעפען נאָר פון דעם קליינהאַנדעל אללײן, מוזען מיר האבען געלד. געלד איז דיא דאמפפ-קראַפט אין אונזער לעבענס מאשינע, זיא דרייהט אונזערע רעדער און זיא ברייננט אונז אין בעוועגונג. אָהן דיעזע קראפט שטעהט אונזער מאשינע אונבעוועגליך, וויא טויט".

„מיין פאַטער האט געהאַט זעקס טעכטער און קיין איינציגען זוהן. איך בין געוועזען זיין עלטסטע טאָכטער. פון זיינע מלמדות האט ער קוים פער-דיענט אויף טרוקענעם ברויט, אום אונ-זער הונגער צו שטיללען. כל זמן מיר זיינען נאך געוועזען קליינע קינדער, איז איהם זעהר שלעכט געוועזען, ווייל ער אללײן האט געדארפט פערזארגען מיט ברויט, מיט אַ שוך און מיט אַ

קלייד זיין גרויסע פאמיליע, נאָר אז מיר
זיינען עלטער געווארן און מיר הא-
בען געזעהן, דאס אונזער פאטער קען
אונז ניט מיט אַללעם פערזאָרגען, הא-
בען מיר אָנגעהויבען זוכען מיטטלען,
איהם דיא שווערע לאסט עטוואס לייכ-
טער צו מאַכען. מיר האבען אָנגעהוי-
בען זוכען פערדיענסט. צווייא פון מיינע
שוועסטער זיינען אוועקגעפאָהרען אין אַ
גרויסע שטאָדט און האבען זיך געשטעלט
דיענען, נאך צווייא פון אונז זיינען אין
איין אנדער שטאָדט געוואָרען נייטער-
קעס, איך און נאך איינע פון מיינע
שוועסטער זיינען געבליעבען אין דער
היים בייא דיא עלטערן און האבען גע-
פונען ארבייט אין דער זעלביגער שטעד-
טיל, וואו מיר האבען געוואוינט. זומ-
מער פלעגען מיר גיין אין וואַלד קלייבען
יאַגדעס און שוואמען, און ווינטער
פלעגען מיר פעדערן פליקען און שטרי-
קען זאָקען פאַר ישיבה־בחורים פון אונ-
זער ישיבה. אונזערע קליינע פערדיענס-
טען, צוזאממען מיט אונזער פאטערס
שכר־למוד, זיינען שוין גענוג געוועזען
אונז דאס לעבען עטוואס צו פערגרינ-
גערן און בפרט נאך דאן, ווען אונזער
הויזגעזינד איז בעדייטענד הליינער גע-
וואָרען נאך דעם אַוועקפאָהרען פון אונז
גאַנצע פיער מיילער. מיט דער צייט
האבען מיר מיט אונזערע פערדיענסטען
אזוי ווייט געבראכט, דאס אונזער פא-
טער האט זיך שוין אין גאַנצען אבגע-
זאָגט פון דיא שווערע מלמדות און איז
געוואָרען אַ שמש אין אונזער בית־המדרש
און דער פאר האט איהם קהל ערלויבט
צו גיין אַללע פרייטאג מיט אַ פושקע,
וואס עס פלעגט מאכען צעהן־צוועלף
גילדען אַ וואך. אויסער דעם פלעגט
איהם נאך דערצו מאכען חנוכה־געלד,
פורים־געלד, רגל־געלד און נאך אזעלכע
פעריאָדישע הכנסות".

„דערווייל בין איך שוין אַלט גע-
וואָרען אַ יאָהר צוואנציג און נאך דיא
בעגריפפען פון יענער צייט האב איך
שוין געגאָלטען אין אונזער שטעדטיל
פאר איין אַלטע מויד. מיינע עלטערן
פלעגען אויף מיר קוקען מיט זייערע
טרויעריגע און פערזארגטע אויגען; זייא
האבען געוואוסט אז עס איז שוין לאַנג
צייט מיר חתונה צו מאכען, אָבער מיט
וואס? אונזער גאַנצער קאַפּיטאַל איז
בעשטאַנען אין אַ רובעל צוואַנציג באַאַר,
וואס מיר פלעגען לאזען אויף ווינטער,
אום געגנז צו קויפען, דען דערפון פלע-
גען מיר איבער ווינטער פערדיענען
עטליכע רובעל. פון דעם פאָטערס איינ-
נאהמען האָבען מיר גאָר נישט געקענט
אָבשפּאָרען, און מאכען אַ חתונה דארף
קאָסטען לכל הפחות אַ פאָר הונדערט
רובעל, אַפילו אז מען זאלל שוין מאָן
דעם ערגסטען שידוך, און גאָט ווייס,
ביז וואַנען איך וואָללט מיר אזוי אַוועק-
געזעסען אַ מויד, ווען עס וואָללט זיך
ניט געטראָפען איין אונערוואַרטעטער

צופאַלל, וואס האט מיט איינמאל דיא לאנג אומגעענדערט צום גוטען".

„אין אַ מיטטען ווינטער, אַלס מיר זיינען אללע געזעסען בייא אונזער מאָ-גערען פריהשטיק, האט זיך דיא טהיר געעפינט און עס איז צו אונז אַריינגע-קומען אַ יונגער מענש אין אַ טהייער סויבעל־פעלץ, מיט אַ טהייערע סויבעל־מיטץ אויף זיין קאָפּ. ער איז געוועזען זייער אַ שיינער יונגער מאַנן רייך גע-קליידעט, מיט גאָלדענע בריללען אויף זיינע אויגען און מיט רינגען פון טהייע-רע שטיינער אויף זיינע פינגער. מיר אללע האבען איהם געהאלטען פאַר אַ קריסטען און האבען זיך זייער געוואונ-דערט, וויא קומט ער צו אונז און וואס קען ער בייא אונז זוכען. דער פאָטער איז אויפגעשטאַנען און האט זיין היטעל אַראָבגענומען".

— „טהוט אָן דיא היטעל, פעטער!" — האָט זיך דער יונגער מאַנן מיט אַ שמייכעל אָבגערופען — „איך בין אַזאַ איד וויא איהר. און דוא, לאה, דוא דערקענסט שוין גאָר ניט דיין נעפּפע, דיין שוועסטערס קריינעם זוהן?" —

— „מאיר!" — האט מיין מוטטער אויסגערופען און איז געבליבען זיטצען וויא פאַראַליזירט אויף איהר שטוהל. זיא איז בלייך געוואָרען וויא קרייד און אַללע איהרע גליעדער האבען געציט-טערט וויא אין פיבער —

— „אַהאַ! דוא האסט מיר ערקענט, מוהמינקע!" — האט זיך דער יונגער מאַנן אָבגערופען און האט מיין מוטטער אַרום גענומען און האט איהר בערעקט מיט קוססען. —

— „פון וואנען קימסט דוא, מאיר?"

— האט איהם דיא מוטטער געפרעגט און האט זיך האַסטיג פון זיינע אומאַר-מונגען בעפרייט —

— „איך קום פון אויסלאנד!" — האט איהר מאיר געענטפערט — ...

— „און וואס טהוסט דוא דאָ?" — האט איהם דיא מוטטער ווייטער גע-פרעגט? —

— „איך פאהר קיין פעטערסבורג; איך האב דארטען א שטיקעל געשעפט" —האט ער איהר אויסווייכענדיג גע-ענטפערט — „אָבער זאָג מיר, מוה-מינקע, וואס מאַכסט דוא? וויא גייהט עס דיר? זיינען דאס דיינע טעכטער? אָ, זייער שיינע קינדער! איז דאס דיין עלטערע טאָכטער שרה? וואס? שוין אפשר אַ כלה?" —

— „ניין מאיר!" — האט איהם מיין מוטטער מיט אַ זיפץ געענטפערט — זיא איז נאך קיין כלה, אָבגלייך עס איז שוין ברוך־השם לאנג צייט. ניטאָ מיט וואס! מיט ליידיגע הענד קען מען אַ מיידל ניט חתונה מאַכען. היינטיגע צייטען פערלאַנגט מען נדן און שיינע קליידער דער צו!" —

— „רעדט מען איהר עפּעס שדוכים?"

—און מאיר האט ווייטער געפרעגט

האט זיך אָנגעצונדען אַ טהייערן ציגאַר, וועלכען ער האט ארויסגענומען פון א גאָלדענעם פאָרטסיגאר —

— ,,זייער וויניג !'' — האט איהם דיא מוטטער טרויעריג געענטפערט — ,,דיא שדכנים ווייסען אז בייא אונז איז קיין נדן ניטאָ און זייא וויכען פון אונז, וויא דיא הונגעריגע מייז פון אַ פוסטען שפייזאַלמער !'' —

ער האט ארויסגענומען א גרויסען און עלעגאַנטען פאָרטמאָנע און אַ גרויסען פאַק פאפירגעלט פון איהם אַרויסנעהמענדיג האט ער צו דער מוטטער געזאגט :

— ,,נאַ, נעהם דאס דערוויילע, מוהמינקע ! טוה אַ שדוך מיט שרה'ן, נאָר אַ גוטען, מעגסט אויך צוזאָגען נדן, וויעפיעל מען וועט בעטען, איך וועל געבען אַללעס, נדן, שיינע קליידער און הוצאות־החתונה אויך !'' —

,,מיר אַללע זיינען פון פערוואונדערונג געזעסען וויא פערשטיינערט. מיין פאטער האט ווייט אויפגעריסען זיינע אויגען און זיין מויל איז געבליבען אפפען. אזוי פיעל געלד האבען מיר אין אונזער גאַנצען לעבען ניט געזעהן. אָבער דיא מוטטער איז געבליבען גאנץ רוהיג זיטצען אויף איהר שטוהל. זיא איז נאך בלייכער געוואָרען, איהרע אויגען האבען אין איין אונהיימליכען פייער אויפגעבליטצט און איהר שטיממע האט אין איהר האַלז געציטטערט, אַלס זיא האט אויסגעשריען :"

— ,,בעהאלט פאר דיר דיין געלד, מאיר ! איך וויל פון קיין מענשען קיין הילפע אננעהמען... נישט־קשה, גאָטט איז אַ פאָטער... ער וועט אונז צו שיקען, וואס מיר דארפען !'' —

— ,,לאָה" — האט מיין פאָטער ניט מיט זיין קול אויסגעשריען —

— ,,דוא גייא דיר אין דיין בית המדרש, מיין מאנן, דאס איז ניט ד י י ן געשעפט !" — האט איהם דיא מוטטער רוהיג און קאלט געענטפערט און אין איהרע אויגען איז אַ פעסטע ענטשלאָסענהייט געלעגען —

,,מיין פאטער האט אָבער מיין מוטטערס געדאַנקען ניט פערשטאַנען''.

— ,,לאה, דוא ביזט אַ גזלן ! זעה אונזערע ביטטערע לאַגע !'' — האט זיך מיין פאטער כמעט וויינענדיג אָבגערופען — ,,דוא ביזט דאָך אַ מוטטער. וויא האסטו דאס קיין רחמנות ניט אויף דיינע אייגענע קינדער ? !'' —

— ,,א י ך בין אַ מוטטער און גאָטט איז אַ גאָטט !'' — האט איהם דיא מוטטער געענטפערט — ,,גאָטט וועט אונז צו שיקען און מיר וועלען ניט דארפען אָנקומען צו מענשען...'' —

— ,,אָבער דוא נעהמסט דאך ניט בייא אַ פרעמדען, מוהמינקע !'' — האט זיך מאיר מיט איין אונצופריעדענע מינע־אָבגערופען —

— ,,האב קיין פעראיבעל ניט, מאיר"

האָט איהם די מוטטער געענטפערט,
— „מיר זיינען דאָ אונטער איינענע מענשען און איך מעג דיר אָפּפען זאגען אז איך וועל ניט נעהמען קיין געלד וואס עס זיינען ניט דורך עהרליכקייט ערוואָרבען געוואָרען...“ —

— „אָה, דיינע אַלטע לידעלעך איך קען זייא !“ — האט ער זיך אָבגע-רופען — „אָבער, זאָג מיר, ווער פער-דיענט דאס געלד דורך עהרליכקייט ? אויף יעדען רובעל ליענט אַנגעקלעבט אַ שווערע זינדע. מיינסט דוא אז אונ-זערע סוחרים, אונזערע פאַבריקאַנטשיקעס פערדיענען זייער געלד דורכאוים כשר?“—

— „אָבער דאך ניט אויף אזעלכע אופנים ווי דוא, מאיר !“ — האט איהם די מוטטער געענטפערט — ניט נאָר דיין געלד עקקעלט מיך, מיך עקקעלט אויך אויף דיר צו קוקען. ווייא צו אונז, וואס עס איז פאן דיר געוואָרען ! אז דיינע עלטערן וואללטען פון זייערע קברים אויפשטיין און אויף דיר אַקוק טאָן, וואַללטען זייא פון שאנ-דע צוריק פערקראָכען אין דער ערד!...“—

„מאיר איז האסטיג פון זיין שטוהל אויפגעשטאנען. ער איז געווען בלייך ווייא דער טויט און זיינע אויגען האבען געגליהט ווייא צווייא גליהענדע קוילען“.

— „דוא ביזט אַ נאַרר, אַ שוטה !“ — האט ער זיך אָבגערופען און האט דעם פאַק פאַפּיער־געלד צוריק צוגענומען — „דוא ביזט אַ מוטטער אָהן אַ האַרץ דוא מאכסט דיינע קינדער אונגליקליך אָבער איך זאָג דיר : דוא וועסט חרטה האבען !...“ —

„ער האט דאס ג'עזאגט און איז האַסטיג אַוועקגעגאַנגען קיינעם ניט גרים-סענדיג“.

„דוא קענסט דיר פאָרשטעללען, מיין ליעבע קינד, וואס פאַר אַ סצענע עס האט זיך בייא אונז אין הויז פאָרגע-שטעלט נאך זיין אַוועקגיין. דער פא-טער איז שיער משוגע געוואָרען פאר כעס, ער איז אַרומגעלאָפּען אין שטוב אַהין און אַהער, ער האט געשריען און געלאַרעמט, האָט דער מוטטער געשאָלטען און געזידעלט, האָט אללעס פון טיש אַראָבגעוואָרפען אויף דער ערד און צוטרעטטען מיט די פיסס. די מוטטער איז געזעססען שטילל, מיט פעסט צוזאמען געשלאָסענע ליפּפען און האט זיך אזוי רוהיג און אזוי געלאסען איהר זאָק געשטריקט, אזוי ווייא דיזע גאַנצע וועלט אַרום איהר וואָללט אוים-געשטאָרבען. נאָר צווייא גרויסע טרערן ווייא העללע פעריל האבען זיך איבער איהרע בלייכע באַקען לאַנגזאם אראָב-געגליטצט און זיינען אַראָבגעפאללען אויף איהר שוים. אָ, מיין טהייערע מוטטער, איז געוועזען אַ מערקווירדיגע פרויא מיט איין שטייפען כאַראַקטער, אייזערנעם וויללען און האט איהר שווע-רען שיקזאל ווייא איינע וואַהרע העלדין ערטראגען !“

„אויף מיר האט דיעזער צופאלל דעם שווערסטען איינדרוק געמאכט. אין דער ערשטער מינוט האב איך געמיינט, אז אט איז שוין אסוף צו מיין טרויעריגע לאגע, אז אט איז דיא הימלישע הילפע, אויף וועלכע מיר אללע האבען מיט אזוי פיעל פעסטען גלויבען געהאפט; איך וועל קענען טאן א רעכטען שדוך און וועל דא קענען העלפען מיינע ארעמע עלטערן און מיינע עלענדע שוועסטער. נאר וויא איך האב געזעהן אז דיא מוטטער וויל פון איהר נעפפע דאס געלד אויף קיין פאלל ניט אננעהמען, בין איך געבליבען זיטצען וויא פערשטיינערט, איך האב אפילו געוואוסט, אז דער שוועסטער־קינד איז פון דער גאנצער פאמיליע פערהאסט געוועזען וויא דער טויט, ווייל פון קינדהייט אן האט ער זיך זייער שלעכט אויפגעפיהרט, ער פלעגט אין ווילנא האנדלען מיט גנבים און איז געוועזען א פראפעסיאנעלער קארטענשפיעלער, וואס איז שוין עטליכע מאל געזעסען אין פעכטונג, אבער נאך מיין בעגריף האט דיא מוטטער דאך געדארפט אננעהמען זיין געלד. וואס איז דאס פאר א מין נארישע פהילאזאפהיע? האב איך בייא זיך אין הארצען געטראכט, וואס הארט דאס איהר, אויף וועלכע אופן ער פערדיענט זיין געלד? ער איז שוין גענוג עדעלמוטהיג פון איהם וואס ער וויל אונז אללעמען גליקליך מאכען. פאר וואס איז דאס דיא מוטטער זא נאריש און וויל זיין געלד ניט נעהמען? א, זיא איז א גזלן אויף איהרע אייגענע קינדער!"

„א פאר טעג האט בייא אונז אין הויז אויסגעזעהן וויא א שבעה־שטוב. אללע זיינען ארומגעגאנגען מיט בלייכע און טרויעריגע געזיכטער. קיינער האט ניט גערעדט צו דעם צווייטען. מען האט זיך ניט געזעטצט צום טיש וויא אללע מאל און יעדער איז זיך געוועזען פאר זיך. דער פאטער, וואס איז ענדליך מיעד געווארען שרייענדיג און שילטענדיג, האט זיך אויף גאנצע צווייא טעג אוועקגעזעטצט אין בית־המדרש. מיין אינגערע שוועסטער פלעגט איהם אין דער שטילל אוועקטראגען עסען אין בית־המדרש.

„מעהר וויא א יאהר איז פערגאנגען פון דעם טאג, אין וועלכען מאיר איז בייא אונז געוועזען".

„אין א געוויסען טאג פאר נאכט, איז צו אונז געקומען א דינסטמיידעל און האט צו מיר געזאגט, אז איהר בעל־הבית'טע, דיא מאדאם לעווענבערג האט מיר געבעטען איך זאלל צו איהר קומען..."

— „מאדאם לעווענבערג?"

— האט גאלדמאנן זיין מוטטער האסטיג איבערגעשלאגען — „ענטשולדיג מיר, ליעבע מוטטער, וואס איך שלאג דיר איבער דיינע רייד, אבער זאג מיר, ווער

איז דאס דיא מאַדאַם לעווענבערג ?" — „דאס איז הערץ לעווענ־בערגס צווייטע פרויא, וואס ער האט גענומען פון ווילנא אדער פון קאוונא, דאס ווייס איך ניט ריכטיג!" — האט איהם שרה געענטפערט — „הערץ לעווענבערג איז בייא אונז אין שטעדטיל געוועזען דער גרעסטער גביר, אָבער קיינער האט מיט זייא קיין מגע ומשא ניט געהאַט, ווייל זייא האבען זיך שוין יעמאָלס אויפגעפיהרט אויף דעם קריסט־ליכען אַרט. ער, הערץ לעווענבערג, איז געוועזען אַ גרויסער קאָנטראַקטאָר בייא רעגיערונגס געביידען און פלעגט זיטצען יעהרליך אין פעטערסבורג און זיא, זיין ווייב, האָט געפיהרט איין אויסגעלאַסענעם לעבען, בייא איהר אין הויז האָט געשווינבעלט און געגריבבעלט פון פרעמדע יונגע מענשען, וואס פלע־גען קומען פון דיא ארומיגע שטעדט און פלעגען גאַנצע וואָכען בייא איהר לעבען אין דער גרעסטער אויסגעלאַסענהייט. וואו זייא זיינען היינט ווייס איך ניט, ווארום זייא זיינען זייער רייך געוואָרען און ארויסגעפאָהרען פון אונזער שטעדט־טיל מיט זייער איינציגע טאכטער".

— „און ווייסט דוא ניט, ליעבע מוטטער, וויא הייסט זייער טאָכטער ?" — האט גאָלדמאַנן געפרעגט —

— „טהערעזאַ, אויף אידעש: תרצה" — האט איהם דיא מוטטער גע־ענטפערט — „דאס געדיינק איך גאַנץ ריכטיג, ווארום מיט דיעזען נאמען האט געקאָכט דיא גאַנצע שטעדטיל. דער פאטער, הערץ לעווענבערג, האט דורכ־אויס ניט געוואָללט, אז מען זאלל דיא טאָכטער רופען מיט אַ קריסטליכען נאָמען. עס איז דאמאלס צווישען פא־טער און מוטטער געוועזען אַ קריעג ביז'ן הימעל, אָבער ער האט ניט אויסגעפיהרט. מען האט דאמאלס געטוו געלאַכט אין שטעדטיל. אָבער זאָג מיר, מיין זוהן, ווארום אינטערעססירען דיך דיעזע מענשען ?" —

— „גאָר נישט, ליעבע מוטטער, גאָר נישט, ערצייהל ווייטער!" — האט איהר גאָלדמאַנן רוהיג און געלאססען געענטפערט, אָבער זיין געזיכט און זיינע אויגען האָבען בעקומען איין גאַנץ אנדערן אויסדרוק —

— „מיין מוטטער איז גראַדע צו הויז ניט געוועזען, אלס מאַדאַם לעווענ־בערגס דינסטמיידעל איז מיר געקומען רופען צו איהר מאַדאַם" — האט שרה ווייטער ערצייהלט — „און איך וואס איך האָב געמיינט אז דא האנדעלט זיך עפעס אום אַ שטיקעל פערדיענסט, האָב גאָר קיין שיהות געמאכט און בין אוועק־געגאַנגען צו דער מאַדאַם לעווענבערג. מען האט מיך אריינגעפיהרט צו איהר אין בודאָאר, וואס איז געוועזען פירשט־ליך אויסגעפוצט און איך האב זיא גע־פונען ליעגענדיג אויף אַ טערקישע זאָפהאַ מיט אַ שיינעם נאַכטאַנצוג פון טהייערן

זיידענשטאָף. דאס איז געוועזען אַ יונגע בילדשיינע דאַמע, וואס איך האב אין מיין לעבען איהר גלייכען ניט געזעהן" --

— „זייט איהר דאס ר' שמואל דעם שמש טאָכטער, און איהר הייסט: שרה?"

— האט זיא מיר געפרעגט און האט מיך מיט איהרע שיינע אויגען פון קאָפּ ביז דיא פיסס בעטראכט —

— „דאס בין איך, מאַדאַם!" — האב איך איהר געענטפערט — „וואס דארפט איהר מיך?" —

„דיא מאדאם לעווענבערג איז אויפגעשטאַנען פון זאָפהאַ, איז צוגעגאַנגען צו איין שרייבטיש, האט איהם אויפגעשלאָסען, האט ארויסגענומען אַ גרויסען פערזיעגעלטען פאקעט און מיר איהם דערלאנגענדיג, האט זיא צו מיר געזאגט:

— „דאָס שיינקט אייך מאָריטץ אָדער, וויא ער הייסט בייא אייך, מאיר, אייער מוטטערס נעפע. נעהמט דאס און טהוט אַ גוטען שידוך. אייער מוטטער איז אַ נאַר, וואס זיא וויללן פון איהם קיין הילפע ניט אָננעהמען. ער איז זייער רייך און בייא איהם האָט דאס ביסעל געלד, וואס ער שיינקט אייך גאר קיין בעטרעף ניט. ער וועט אייך אויך נאך אייער חתונה שטיצען!" —

יא טרוימענדיג האב איך דעם פאקעט פון דער מאַדאַם צוגענומען אין דער זעלביגער מינוט בין איך ניט פעהיג געוועזען צו בעטראכטען, וואס איך טהוא. איך בין אזוי צומישט געוועזען, דאס איך האָב פערגעסען, דער מאדאם צו דאנקען און בין מיר פערטראַכט אַוועקגעגאַנגען אַ היים".

„ערשט אַלס איך בין געקומען אַ היים, האט זיך מיר דיא פראגע פאָרגעשטעלט, צו האב איך רעכט געטאָן, וואס איך האב גענומען דאס געלד, פון וועלכע מיין מוטטער האט זיך אזוי ענערגיש ענטזאגט, זאָגאַר מיט פעראכטונג אָבגעווענדעט? און פיללייכט איז דאס טאקי ניט קיין עהרליך פערדיענטע געלד? מיין מוטטער איז דאָך געווים עהרליכער, קליגער און ערפאהרענער אַלס איך, און ווען זיא האט דאס געלד ניט געוואללט צו נעהמען, מיט וועלכען רעכט האב איך עס צוגענומען? איך וועל דאך אַם ענדע מוזען אויסזאָגען דער מוטטער, אז איך האב דאס געלד גענומען, דאס קען דאָך קיין סוד ניט בלייבען, וואס וועט זיא זאגען דער צו?"

„דיא גאַנצע נאַכט האט מיר מיין געוויסען שרעקליך געפלאגט; איך האב קיין אויג ניט געקענט צו שליסען. צווייא פערשיעדענע געפיהלען האבען אין מיר אַ שרעקליכע מלחמה געהאלטען, דער געדאנקען אז מיט דאס געלד קען זיין אַ סוף צו אונזערע צרות און דאס געפיהל דאס איך האב איין אונרעכט בעגאַנגען. ענדליך האב איך מיך בעשלאָסען, מאָרגעז גאַנץ פריה דאס געלד

צו דער מאַדאַם לעווענבערג צוריק צו טראגנען און איהר זאגען, אז איך האב קיין רעכט ניט, אַנצונעהמען דאס, פון וואס מיין מוטטער האט זיך ענטזאגט".

„איך האב ערוואַרט, עס זאָלל טאג ווערן, דען מיינע קאָפּפקיסען, אונטער וועלכע עס איז געלעגען בעהאַלטען יע-נער פאַקעט, האט מיין קאָפּ אָנגעוויי-טאָגט, גלייך וויא איך וואָללט ליעגען אויף אַ שטיין. ענדליך האבען זיך דיא ערשטע זאָננענשטראהלען געוויזען דורך דיא קליינע שייבעלעך פון פענסטער צו מיר אין חדר אריין. האַסטיג האב איך מיך אַראָפּגעכאַפּט פון מיין בעטט און גענומען מיך אָנקליידען. נאָר אין דעם אויגענבליק, אַלס איך האב שוין גע-וואָללט עפענען דיא טיהר, איז מיין מוטטער צו מיר אריין אין צימטער. זיא האט מיך אָנגעקוקט מיט איין שטרייננגען בליק, פון וועלכען אַללע מיינע גליעדער האבען אָנגעפאַנגען צו ציטטערן און האט צו מיר געזאגט:

— „דוא האסט דאס אָנגענומען, שרה, וואס איך האב ניט געוואָללט אָננעהמען. איך קען דיך ניט צווינגען, אז דוא זאָללסט ניט נעהמען דאָס, וואס מען שיינקט דיר; דאס איז דיין זאַך. דוא ביזט בערעכטיגט צו זוכען דיין גליק אויף אַללע וועגען, ווען דיינע עלטערן זיינען ניט אין שטאנד דיר צו העלפען. אָבער איך גלויב ניט אז דיעזעס געלד זאָלל דיר גליק בריינ-גען..." —

— „אָבער פון וואנען ווייסט דוא דאָס, ליעבע מוטטער?" — האב איך איהר מיט גרויס פערוואונדערונג גע-פרעגט און גאר דאס בלוט פון מיין קער-פער איז מיר אריין אין געזיכט — „ווער האט דיר געזאגט, אז איך האב דאס געלד גענומען?" —

— „ע ר האט דאס מיר געשריבען; אָט איז זיין בריעף!" — האט מיר דיא מוטטער געענטפערט און האט מיר דער-לאנגט איין אָפענעם בריעף — „זאָלל זיין אזוי. גיב גאָטט, עס זאָלל זיין צום בעסטען, אָבער..." —

„מעהר האט זיא ניט געקענט אַרויס-ריידען. אַ שטראָם הייסע טהרערן הא-בען איהרע שטיממע ערשטיקט און זיא איז האסטיג ארויסגעגאַנגען פון צימער".

נון איז געווארען אַ קאָך און אַ גע-רודער אין שטעדטיל. מען האט זיך באלד ערוואוסט, אז מיין מוטטערס שוועסטערקינד האט איהר געשיינקט גאַנצע דרייא טויזענד רובעל. וועגען מיין מוטטערס פלימעניק האט מען אין שטעדטיל געאורטהיילט אויף אללע אופנים. איינער האט געזאָגט, אז ער האט געוויס געפונען דיא פראַנצויזישע געלד, וואס נאַפּאלעאָן דער ערשטער האט בעגראָבען ארום אונזער שטעדטיל, אלס ער האט געמוזט פאָן אונז אַנטלוי-פען. דער צווייטער האט געזאגט, אז ער האט געוואונען דיא גרויסע געווינס

אין לאָטטעריייא. דער דריטטער האט געזאגט, אז אַ ניט גוטער טראַגט איהם געלד דורך דעם קוימען. דער פיערטער — אז ער איז איין הויפטמאן פון אַ שייקע מערדער. וויעדער אנדערע האַבען געזאגט, אז ער האנדעלט מיט גנבים און איז אלליין אויך אַ גנב. אין גאַנצען שטעדטיל איז נאָר איין נפש געוועזען וואס האט פון איהם ניט גערעדט און דאס איז געוועזען מיין מוטטער. איך האב פון איהר קיינמאל ניט געהערט, אז זיא זאלל דערמאָנען זיין נאמען ניט צום גוטען און ניט צום שלעכטען. פון יענעם טאָג אָן איז זיא נאך שטיללער געוואָרען און האט אויסגעזעהן, אזוי ויא זיא וואָלט זיך ארומטראָגען מיט איין שווערע, אינגערליכע קראנקהייט.

דיא שדכנים פון שטעדטיל און אומגעגענד, וויא זייא האבען נאר בייא אונז אין הויז ערשמעקט דעם געריך פון געלד, זיינען מיך בעפאללען וויא דיא היישעריקען. מען האט מיר פאָרגעשלאגען אללערלייא פארטייהען און צו לעטצט האט מען מיר געשריבען תנאים מיט אַ שיינעם בחור פון מאָהילעוו. ער איז געוועזען אַ גרויסער קענער אין יענע צייטען, האט געקענט זייער פיעל העברייאיש, רוססיש, דייטש, עטוואס פראנצייז און אַ היבשע ביסעל תלמוד, דערצו האט ער זייער גוט פערשטאנען וואַלדגעשעפט און האט געפיהרט זיין פאטערס האָלצגעשעפטען. אין זעקס מאָנאַטען ארום האט מען אָבגעשפיעלט אונזער חתונה און גלייך נאך דעם זיינען מיר ארוים פאר זיך".

„אונזער גליק איז געשטיגען פון טאָג צו טאָג. אַ יאָהר נאך אונזער חתונה האבען מיר מיט גרויס פרייד געפייערט דיין ערשטען געבורטסטאג, מיין ליבער זוהן, און דיעזער טאָג האט אונז דאָפּפעלטע פרייד געבראכט, דען גראַדע אין דעמזעלביגען טאג, אין וועלכען דוא ביזט געבאָרען געוואָרען, איז אונז מיט דער פאָסט אָנגעקומען א געשאנק פון אונזער פריינד מאיר ריטטענבערג, גאַנצע צעהן טויזענד רובעל. אַללע האבען זיך זייער געפרייט און מען האט אונז געוואונשען גליק, נאָר מיין מוטטער איז געוועזען דיא איינציגע, וואס האט דיעזע פרייליכע נאכריכט בעגעגנעט מיט אַ פינסטערן בליק און איהר שטערן האט זיך צוזאמענגעלייגט אין פינסטערע קנייטשען. איין שווערער זיפץ האט זיך פון איהר ברוסט ארויסגעפרעסט אונד איז שווייגענד אַוועקגעגאנגען אַ היים".

מיר זיינען געוועזען דיא גליקליכסטע פאאר פאָלק אויף דער וועלט! מיר האבען דאמאלס געהאט א קאפיטאל פון אונגעפעהר צוואַנציג טויזענד רובעל און דער צו נאך גוטע איינטרעגליכע געשעפטען. מיינע שוועסטער האב איך פערזאָרגט אויף דער שענסטען ארט: איך האב זייא געגעבען ארענטליכע

און טיכטיגע מענשען פאר מאנען, מיין פאטער האב איך געעפענט אַ קליינעם הויז געשעפט, פון וועלכעם ער איז אים שטאנדרע געוועזען זייער גוט און פריעדליך צו לעבען. אונזערע געשעפ- טען זיינען געגאַנגען פון יאהר צו יאהר בעססער און בעססער. מיר זיינען רייך, זייער רייך געוואָרען. דיר, מיין קינד, האבען מיר אוועקגעשיקט אין ווילנא, אין גימנאַזיום, ווארום דיין פאטער האט דורכאויס געוואָללט, אז דוא זאָללסט שטודירען, אַזוי האבען מיר געלעבט אונגעפעהר אַ יאָהר צוועלף אין גליק און אין פריידען".

„איינעם טאגעס אַרום סוכות, אַלס דיין פאטער איז ערשט ניט לאנג גע- קומען פון כּרייסען, וואו ער האט מיט גרוים ריוח פערקויפט אַ טראַנספּאָרט האָלץ, איז צו אונז געקומען צו גאַסט מאיר ריטטענבערג. מיין מאנן האט איהם דאַמאַלס צום ערשטען מאָל גע- זעהן און איך האב איהם זייט ער איז בייא מיינע עלטערן אין הויז געוועזען מעהר ניט געזעהן. נון קענסט דוא דיר פאָרשטעללען, וואס פאר א טהייערער גאַסט ער איז בייא אונז געוועזען. ער האט דאך אונז גליקליך געמאכט און איהם האבען מיר צו פערדאַנקען אונזער גאנצען פערמעגען, אונזער גאַנצען רייכטהום. איינינע טעג האבען מיר מיט איהם אין גרוים פרייד און פערגניגען פערבראכט. עס איז געווען אַ וואַהרער פערגניגען מיט איהם צו פערברייננגען, ער איז געוועזען זייער געבילדעט, מיט פיעל קענטניסע, האט זייער געלייפיג געשפּראָכען איינינע שפראכען און האט בעזעסען אַ מאסע וועלטקענטניססע, ווייל ער האט זייער פיעל געררייזט, ער האט געלעבט אין ענגלאנד, אין פראנק- רייך, אין איטאַליען, אין אמעריקא און האט אימער געהאַט וואס צו דער- צייהלען פון זיין פיעל בעוועגטען און טהאַטענרייכען לעבען. נאר אין איין פונקט איז ער מיר ניט געפעללען גע- וועזען, דאס וואס ער האט געהאט אַ גרויסע אנטיפּאַטהיע (שנאה) צו דיא פרויען און איז געבליבען אונפערהייראט- העט. ער פלעגט זייער שלעכטע מיי- נונגען זאגען איבער דיא פרויען און האט געזאַגט, אז נאר דעריבער איז שוין שלמה המלך דער גרעסטער פהילאָזאָף, וואס ער האט געזאָגט, אז אונטער טויזענד פרויען איז ניטאָ איינע אַ רעכ- טע. עס קען זיין אז אַ ביטטערע ער- פאהרונג האט איהם געבראכט צו אזא ביטטערע קריטיק, וויא דיא זאך איז ווייס איך ניט, נאָר פון אונז פרויען פלעגט ער מאכען אַש. מיין מאַנן פלעגט מיט איהם איבער דיעזען פונקט זייער פיעל דיספּוטירען, אָבער ער איז גע- בליבען בייא זיין מיינונג".

— „דיא פרויען ליעבען אונז און זיינען אונז געטרייא, כל־זמן זייא וויי- סען אז אונזערע טאַשען זיינען פולל;"

— פלעגט ער אימּמער זאגען — „ווײס דיא פּרוּיא אז מיר האבען עפּעס אין טאַש, שמייכעלט זיא זיך צו אונז וויא אַ קליינע קעצעלע און שפּיעלט זיך מיט אונז, אז עס איז גאָר אַ פערגעניגען; אָבער גלייך וויא זיא ערשמעקט, אז אונזערע טאשען זיינען פּוסט, ווייזט זיא אונז איהרע שארפע נעגעלאך און איהרע שפּיטציגע ציינדעלעך. גלויבט מיר, מיינע ליעבען, אז איך זאג דאס ניט פון קאפּ; מיר האט דאס דיא ביט-טערע פּראַקטיק געלערנט!"—

„מיר האבען איהם געראטהען, ער זאלל הייראטהען, זיך בּעזעטצען אין אונזער שטעדטיל און לעבען מיט אונז צוזאממען, אָבער ער האט דערפון ניט געוואָללט הערען. וואס זיין געשעפט איז און מיט וואס ער האנדעלט, האט ער אונז ניט געזאגט און אז מיר פלע-גען וועגען דעם מאַכען אַ רייד, פלעגט ער אללע מאָל זייער קלוג אין געשיקט אויסווייכען דאס געשפּרעך. ער האט אונז נאָר געזאָגט, אז ער איז זייער רייך און זיינע מיטטלען ערלויבען איהם, אין דער וועלט, זייער פיעל אַרום צו רייזען. דאך האבען מיר אין זיין ווע-זען בעמערקט אַ געוויסען מעלאנכאָלי-שען אויסדרוק און עס פלעגט זיך זייער אָפט טרעפען אז ער פלעגט גאַנצע שטונדען איינער אַלליין אָבזיטצען אין זיין צימּמער שווערמיטהיג און קיין זאך האט איהם דאן ניט געקענט אויפמונ-טערן".

„פאר זיין אוועקפאהרען פון אונז האט ער ביי אונז געמאכט אַ גרויסע אנלייהע. ער האט ביי אונז געליהען זעכציג טויזענד רובעל באַאַר, וואס ער האט געדארפט — וויא ער האט אונז געזאגט — אום צו צאָהלען אַ וועקסעל. זיינע איינענע געלד ליעגען אין ווערטהפּא-פּירען און ער קען זייא יעטצט ניט פער-קויפען איבער דיא ניעדעריגע קורזען. דאס געלד האט ער אונז פערשפּראָכען אבצושיקען אין צוויא וואָכען אַרום. מיר האבען קיין איינציגען אויגענבליק אין איהם ניט געצווייפעלט און מיר האבען איהם געליהען דיא סוממע, דען גראדע דאַמאַלס האבען מיר דאס געלד געהאט אין באַאַר און קיינע נייע גע-שעפטען האבען מיר נאך ניט געמאכט. ער האט זיך מיט אונז זייער פריינדליך געזעגענט און איז זיך אין דעם זעלביגען טאָג אַוועקגעפאָהרען".

„אין אַכט טאָג אַרום נאך זיין אוועקפאָרען האט אונז געטראָפען אַ גרויסעס אונגליק. עס האט אָבגעברענט אונזערער אַ וואַלד, און מיר האבען געהאַט אונגעפעהר צוואַנציג טויזענד רובעל שאדען. מיר האבען דיעזען שא-דען מיט פיעל מוטה ערטראגען, דען מיר זיינען נאך אימּמער גענוג רייך גע-וועזען, אָבער וויא גרױס איז אונזער יאָמער געוועזען, אלס עס זיינען אַוועק-געגאַנגען וואָכען און גאַנצע מאָנאַטע

און מיר האבען פון אונזער פריינד מאיר קיין איינציגע זילבע בעקומען ! אין זיי- נע הענד איז געלעגען אונזער גאַנצעס פערמעגען און זייט ער איז פון אונז אוועקגעפאהרען, האבען מיר פון איהם קיין איינציגען לעבענסצייכען ניט געהאט. שרייבען צו איהם און בעטען, ער יאלל אונז אונזער געלד אָבשיקען, הא- בען מיר ניט געקענט, ווייל מיר הא- בען קיינמאל ניט געוואוסט, וואו ער וואהנט און וואו מען קען איהם געפינען. אונזערע פערצווייפלונג איז געוועזען זייער גרויס און מיר האבען ניט געוואוסט וואס אָנצופאנגען".

— „איך האב דיר געזאגט, מיין טאכטער, אז מאיר'ס געלד וועט דיר קיין גליק בריינגען !" — האט צו מיר מיין מוטטער געזאָגט, אלס איך האב א יהר מיין געדריקטע לאגע געקלאָגט— „אויף זיין געלד רוהט גאָטטעס פלוך... זייא זיינען ניט עהרליך פערדיענט !..."—

„אין אַ מאָנאַט אַרום איז מיין גוטע מוטטער געשטאָרבען".

„אַלס זיא איז אויף איהר שטערבע- לאגער געלעגען, האט זיא מיין האנד גענומען און האט צו מיר מיט אַ שוואַ- כע שטימע געזאגט :

— „זאלל דיר ניט פערדריסען, מיין קינד, וואס יענער שורקע האט דיר דיין פערמעגען גערויבט... דאס איז בלוטיגע געלד... גאָטט וועט דיר שוין העלפען... איך וועל דאָרטען... אין היממעל... פאר איך בעטען !..." —

„עס איז פאָרבייא געגאנגען נאך אַ האַלב יאָהר און מיין פאטער איז אויך געשטאָרבען. אונזער לאגע איז שרעק- ליך געוועזען. אונזער גאַנצען פערמע- גען האבען מיר פערלארען, מיט וואס נייע געשעפטען אָנצופאנגען האבען מיר ניט געהאט און לעבען האט מען גע- דארפט. דוא אלליין, מיין ליבער זוהן, האסט אונז געקאָסט פיער־פינף הונדערט רובעל אַ יאָהר אין ווילנא. מיר האבען ביסלעכווייז אָנגעהויבען צו פערקויפען פון אונזער ווירטהשאפט, אָבער מיין מאנן, וואס האט איינגעזעהן, אז דאס וועט צו קיין צוועק ניט פיהרען, האט אָנגעהויבען זוכען אַ שטעללע. דורך א רעקאָמענדאציע פון איין אַלטען גוטען פריינד, האט ער בעקומען אַ שטעללע אין אַ צוקער פאבריק היער אין ק... פאר הונדערט רובעל מאָנאַטליך. מיר האבען זיך דא אין ק... בעזעטצט, מיר האבען זיך זעהר גוט און בעקוועם איינגעאָר- דענט און געלעבט פריעדליך און שטילל און מיר האבען שוין פערגעסען אונזערע איבערגעטראָגענע ליידען. דיר, מיין קינד וויא דוא ווייסט האבען מיר טראַנס- פאָרטירט אין היעזיגען גימנאזיום און דיינע גלענצענדע פעהיגקייטען און דיינע גרויסע פאָרטשריטטע אין דיא שטודיום איז געוועזען אונזער איינציגע פריידע. אבער ניט לאנג האבען מיר דיזען שטיל- לען אונד פריעדליכען לעבען גענאָססען

פאר פסח האט דיין פאטער געדארפט אַ קליין געשעפט בעזאָרגען אויף דעם אנדערן זייט טייך. יענער טאָג איז געווען זייער ווינדיג און קאַלט און דער טייך האט שוין אין גאַנצען אויסגעגאָסען און האט פערפלייצט אַללע ניעדעריגע גאססען אין יענער געגענד. ער האט געדונגען אַ קליינע לאדקע, אום דעם טייך אַריבער צו פאָהרען און... און אין דרייא שטונדען אַרום האט מען מיר זיין טויטען קערפער געבראכט..."

הייסע טהרערין זיינען געלאָפען איבער איהרע בלייכע באקען. גאָלדמאנן האט איהר מיט טיעפען טרויער צוגעהערט און צווייא גרויסע טהרערן זיינען געהאנגען אויף זיינע שווארצע ברעמען. עטליכע מינוט האט שרה אין דער שטילל געוויינט, דאן האט זיא איהרע טהרערן אבגעווישט און האט ווייטער דערציילט:

„נון האט זיך פאר מיר אָנגעפאנגען יענער שווערער און ביטטערער חיונה קאמפף, וואס פאָרדערט יעדען טאג טויזענדע אפפער. וואָללט איך אלליין געוועזען, וואללט מיך דער אונגליקליכער שלאג אזוי הארט ניט געטראָפען, איך וואָללט שוין מיין עלענד לעבען וויא עס איז ווייטער געשלעפט, אבער מיין הערץ האט מיר געבלוטעט אויף דיר, מיין זוהן, דוא האסט נאך געדארפט מיין שטיטצע און מוטטערליכע האנד. איך האב אונזער הוצאה וויא נאר מעגליך איינגעצויגען און האב דיך געלאָזט ווייטער שטודירען. דיא ביססעל ציערונג און זילבער, וואס זיינען מיר פון דעם גרויסען קראַך געבליבען, האב איך פערווענדעט, דיר דיא מעגליכקייט צו פערשאפפען, דוא זאללסט קענען ענדיגען דאס גימנאַזיום. אָ, וואס פאר האַרטע צייטען איך האב איבערגעלעבט! וועלכע צרות און וועלכע פיין האב איך געמוזט איבערטראגען! וויעפיעל מאל האב איך שוין אין גאנצען פערצווייפעלט און האב ניט געגלויבט אז איך וועל ערלעבען צו זעהן, וויא דוא וועסט אָנקומען אין אוניווערזיטעט! ענדליך, ענדליך נאך לאנגע יאהרען פול טרויער און שמערצען, האב איך ערלעבט דיא גליקליכע שטונדע, ווען דוא ביזט אין אוניווערזיטעט אריינגעטרעטען און פון יענעם טאָג אָן, האבען מיינע צרות איין ענדע גענומען. דוא האסט בעקומען פריוואטלעקציאָנען, האסט אנגעפאנגען צו ארבייטען מיט דיין געשיכטע פעדער און האסט מיר געבראכט דיא ערשטע פריכטע, אויף וועלכע איך האב מיט אזוי פיעל געדולד געוואַרט, צוואר קריינקט עס מיך זעהר צו זעהן, וויא דוא שטריינגסט דיך אָן מיט אַללע דיינע קרעפטען, אום אונזער ברויט צו פערדיענען, אָבער דער זיססער געדאנקען, אז באַלד וועסט דוא שוין דיין שטודיום ענדיגען און וועסט קומען צו איין רוהיגען און פריעדליכען האפען, וואו דוא וועסט זיך שוין קע-

נען אויסרוהען פון דיין לאנגע און שוויע-ריגע רייזע אויף דעם רווישענ־ען און בעוועגליכען לעבענסמעער — דיעזער גע-דאנקען טרייסט מיך און גיסט אין מיין הערצען איין היילענדען באַלזאַם... אָבער גענוג! איך האב דיר דאָ צו פיעל אָנ-געפלוידערט און האב גאר פערגעססען אז דיא צייט פון מיטטאָגעססען איז שוין לאנג אַריבער. אָ, וויא ריכטיג אונזע-רע חכמים האבען געזאגט, אז מיר ווייבער האבען ניין מאָס רייד! קום, מיין קינד, דער טיש איז שוין לאנג געגרייט!“

— „וואַרט נאָך איין אויגענבליק, ליעבע מוטטער!“ — האט זיך גאָלדמאנן אָבגערופען — „איך האב דיר איינע וויכ-טיגע מיטטהיילונג צו מאכען. עס קען זייער לייכט זיין, אז מיר וועלען באלד געפינען דיא שפור פון יענעם מאיר. וועלען מיר איהם געפינען, קען זייער מעגליך זיין, אז ער וועט אונז יעטצט צוריק אַוועקגעבען אונזער געלד, אויב ער איז אים שטאנדע דאס צו טאָן. יע-נע מאדאַם לעווענבערג וואוינט יעטצט היער אין ק... מיט איהר מאנן און מיט זייער איינציגע טאָכטער טהערעזא. מען האלט זייא אין שטאָדט פאר דיא רייכס-טע לייט. ער, פיאָדאָר איוואַניטש — אזוי הייסט ער יעטצט — איז קאמערציען ראטה. זייא פיהרען זיך אויף דעם קריסטליכען אַרט און נאָר וועניגע אין שטאָדט ווייסען זייער אידעשע אבשטאַמ-מונג. זייער טאָכטער טהערעזאַ נעהמט בייא מיר אונטעררריכט. זיא איז איין אויסגעצייכענטעס מעדכען, מיט גלענ-צענדע פעהיגקייטען, מיט אַ געזונדען פערשטאנד און דער צו נאך מיט איין ריינעס, אידעשעס הערץ. זיא הארמאָ-נירט זייער וועניג מיט איהרע נאררישע עלטערן. נאר דאס געהערט ניט צו אונזער געגענשטאנד. איך וועל מיך ווענדען צו דער מאַדאַם לעווענבערג און איהר בעטען, זיא זאלל מיר זאגען, פיללייכט ווייס זיא, וואו עס געפינט זיך יענער מאיר. עס קען זייער מעגליך זיין, דאס זיא ווייס פון איהם, דען וויא דוא ערצייהלסט, איז ער בייא איהר אין הויז געוועזען איין איינגייהער“ —

— „ניט נאָר איין איינגייהער“ — האט איהם שרה איבערגעשלאגען — „אין שטעדטיל האט מען אויף זייא שטארק גערעדט... מען האט בייא אונז געזאָגט, דאס זייא שטייהען אין איין געהיימען ליבעספערהעלטניס הינטער איהר מאַנס רוקען... אנדערע האבען בעהויפטעט, דאס דיעזער ראָמאן איז שוין איין גאַנץ אלטער און דאטירט פון איהר יונגפערצייט אָן. וויעפיעל איך ווייס, פלעגט יענער מאיר זייער פיעל בייא איהר פערקעהרען, ווייל איהר מאנן איז דאס רוב קיין היימישער ניט געוועזען!“ —

— „ווען אזוי“ — האט זיך גאָלדמאנן אָבגערופען — „צווייפפעל איך גאר ניט

אז דיא מאַדאַם לעווענבערג, וויים גאַנץ זיכער וואו יענער מאיר איז. נאר זאג מיר, ליבע מוטטער, ווייסט דוא ניט מאיר'ס פאַמיליענאָממען?„ —

— „פאר וואס זאלל איך ניט וויסען?“ — האט איהם שרה געענטפערט — „מען רופט איהם: מאיר ריטטענבערג. עכשט שפעטער האט ער זיך אַ נאָמען געגע-בען: מאָריטץ ריטטענבערג!“ —

— „וויא? מאָריטץ ריטטענבערג?!“ — האט גאלדמאנן אויסגערופען און איז האסטיג פון זיין שטוהל אויפגעשפרונגען, גלייך וויא ער וואָללט איין עלעקטרישען שלאג בעקומען — „אָ, ווען אזוי, האב איך איהם שוין... זעה נאָר, ליעבע מוטטער!“ —

און האסטיג וויא ער האט נאר גע-קאָנט, מיט ציטטערנדע הענד, האט ער פון זיין בוזענטאַש אַרויסגענוממען זיין נאָטיצבוך, האט פון איהם ארויס-גענוממען יענע וויזיטענקאַרטע, וועלכע דער אַלטער מאָריטץ ריטטענבערג האט איהם היינט געגעבען בייא דעם דאָקטאָר הערדמאנן אין הויז, אלס ער האט איהם איינגעלאדען איהם צו בעזוכען, און האט איהר דערלאנגט זיין מוטטער.

שרה האט מיט גרויס פערוואונדע-רונג דיא קאַרטע בעטראכט, האט אין דער שטילל איבערגעלעזען די אויפשריפט, וואס איז אין שיינע גאָטישע בוכשטא-בען געדרוקט געוועזען אויף דער קאַרטע און האט איהר זוהן געפרעגט:

— „ווער האט דיר דיעזע קאַרטע געגעבען?“ —

— „ער אַלליין!“ — האט איהר גאָלדמאנן פריידיג געענטפערט און האט איהר ערציילט, וויא ער האט זיך היינט מיט דעם מאָריטץ ריטטענבערג בעגעג-נעט און בעקאנט געמאכט בייא דעם דאקטאר הערדמאנן אין הויז, וואס ער האט איבער איהם געהערט ריידענדיג און וויא דיזער האט איהם געבעטען, ער זאלל איהם עפטער בעזוכען —

— „און וואס דארפען מיר יעטצט טאָן?“ — האט איהם שרה געפרעגט —

— „יעטצט דארפען מיר געדולדיג אָבוואַרטען, ליבע מוטטער!“ — האט איהר גאלדמאנן געענטפערט — „פריהער מוז איך מיט איהם גוט בעקאנט ווע-רען און פאָרזיכטיג נאכפאָרשען, מיר זאללען וויססען, וואס עם טהוט זיך מיט איהם. וויא איך האב געהערט, בעזוכט איהם דיא מאַדאַם לעווענבערג זייער אָפט; געוויס ווארפט זיא אוים נעטצען, אום זיין גרויסען פערמעגען צו בעקומען, ווארום ער איז זייער קראנק און וויא דער דאקטאר הערדמאן זאָגט, קען ער לאנג ניט לעבען. מיר מוזען זייער פארזיכטיג האנדלען. דיא הויפט-זאכע איז, אז דיא מאדאם לעווענבערג זאלל פון אונזער עקסיסטענץ ניט וויס-סען. נאכהער וועט אונז שוין דיא צייט אלליין לערנען וואס צו טאָן!“ —

— „גוט, מיין קינד!“ — האט זיך

שרה אָבגערופען און איהרע פערוויינטע אויגען האבען אין פרייד אויפגעשטראהלט — „עס קען נאך זיין, אז גאטט וועט זיך צו מיינע עלטערע יאהרען אויף אונז ערבאַרמען. יעטצט מיין קינד, עסען! זאָג מיר נאר, ווען דיינקסט דוא איהם צו מאכען דיין ערשטען בעזוך?" —

— „מאָרגען, אָדער איבערמאָרגען, ליבע מוטטער!" — האט איהר גאלד-מאנן געענטפערט און איז מיט זיין מוטטער געגאנגען אין דעם קליינעם עססצימממער, וואו דער טיש איז שוין געשטאנען געגרייט און דיא דינסטמיידעל האט שוין אויף זייא מיט אונגעדולד און מיט פינסטערע בליקען געוואַרט —

טו

# טהערעזא.

דיא גאַנצע נאכט נאך דעם באלל, האט טהערעזאַ ניט געקענט קיין אויג צו שליסען. דיא סצענע מיט זוויעראָ-ווען, זיין ליבעסערקלערונג, זיין שרעק, אלס ער האט פון איהר געהערט, דאס זיא איז איין אידעש קינד, אונד איהר מוטטערס פלוצלונגעס קראנק ווערן, דאס אללעס האט אויף איהר אזא שטארקען איינדרוק געמאכט, דאס זיא איז אריינגעקומען צו זיך אין איהר צימממער וויא צו מישט. זיא האט קיין ליכט ניט אָנגעצונדען, האט זיך ניט ענטקליידעט און איז לאנג געשטאנען בייא דעם אפפענעם פענסטער און אַראָפּ-געקוקט אויף דער פוסטער גאסס. אין דער פינסטער און מיט זיך אלליין, איז איהר פיעל לייכטער געוועזען און דאָ האט זיא געקענט גאנץ אונגעשטערט איהרע צומישטע געדאנקען ברייגען אין אָרדנונג.

זיא האט פון קינדווייז אויף פיינד געהאט דעם גערוישפאָללען לעבען. זיא איז געוועזען שטילל און פריערליך פון נאַטור און האט ליעב געהאט דיא איינזאמקייט. אין דער איינזאַמקייט האט זיא געלעבט מיט איהרע אייגענע גע-דאנקען און געפיהלען. זיא האט דיא איינזאמקייט בענוטצט, וואס מעהר פון יענע וויסענשאפטליכע אוצרות צו זאמ-מעלען, וואס זיינען דעם מענשען נעמ-היג וויא דיא לופט צום אטהמען. אויף דיא גאַנצע עלענאַנטע וועלט, וואס האט איהר פון אללע זייטען אַרומגערינגעלט, האט זיא געקוקט וויא אויף פאָפקעס און האט געזוכט מיט אַללע מעגליכקיי-טען, וואס ווייטער זיך פון איהר צו האלטען. זיא האט איינגעזעהן, אז יע-נע עלעגאַנטע און אויסגעפוצטע וועלט, קען איהר גאָר נישט געבען. מיט ווידער-וויללען פלעגט זיא מאכען וויזיטען אין יענע אריסטאָקראַטישע הייזער, וואוהין איהר מוטטער האט איהר געפיהרט און בעקאנט געמאכט, זעלבסט אין דער היים פלעגט זיא זיך זייער לאנגווייל׳ען אין דיא שטענדיגע געזעללשאפטען, וועלכע איהר מוטטער האט ארום זיך

כמעט יעדען טאג צוזא[illegible]נגעקליבען. טהערעזא פלעגט אללע כ[illegible]לען אָנ-ווענדען, זיך אין דער גע[illegible]לשאפט אונבעמערקבאר צו מאַכען און איים צו ווייכען יעדע בעריהרונג מיט דיא געכט. איבער הויפט האט זיא זייער געהאַססט יענע קאַוואַליערען, וואס האבען איהר אַרומגעפלאַטטערט וויא פלעדערמייז. זיא האט זייא געפונען אהן זיטטען און אהן חאַראַקטער. עס האט איהר גע-עקעלט פון זייערע פוסטע קאָמפלימענ-טען, פון זייער קריכערישע אונטער-טהעניגקייט, פון זייער נאַרישע עטיקעט-טע און פון זייער נארישען שטאָלץ. זיא האט געפונען, אז קיין רעכטע ער-ציעהונג האט קיינער פון זייא ניט גע-נאָססען, זיא האבען אַם מייסטען קיין בילדונג ניט געהאַט; מען האט זייא נאָר אויסגעלערנט וויא א פערד אין אַ צירק, צו שיינען אין געזעללשאפט און צו זיין עכטע סאַלאָנהעלדען. דער אינשזינער זוויעראָוו איז ניט בעססער געוועזען פאר זייא אללעמען און מיט זיין שטענדיגעם קריכען איהר אין דיא אויגען און מיט זיין ארומפלאטערן אַרום איהר, האט ער איהר נאך מעהר אלס צוגעגעסען.

אויך צו איהרע עלטערן האט זיא מערקווירדיגערווייזע קיין עכטע סימ-פאַטהיע ניט געפיהלט. אויף איהר פאָ-טער האט זיא געקוקט וויא אויף אַ וואַקס־פיגור אהן געפיהלען, אָהן לע-בען און אָהן אייגענעם וויללען, זיין טהון און ווירקען איז נאר אויף קאָמאנדא פון זיין הערשזיכטיגע פרויא, וואס רעגיערט איבער איהם וויא דער מאשי-ניסט איבער דעם לאָקאָמאָטיוו. דעם איינציגען צייכען פון זיין אייגענעם לעבען און אייגענעם וויללען זעהט מען נאר אין זיין געלדגייציגקייט. זיין גאַנ-צער לעבענסציעל איז בעשטאַנען נאר אין דעם, הויפענס פאן טויזענדער צו-זאממען צו שאררען און מיט שטוממען פערדרוס צו צוזעהן, וויא זיין אריסטאָק-ראַטישע פרויא פערשווענדעט דיא טוי-זענדער אויף בעללער קאָנצערטען און קאָסטבאַרע מאָדעזאַכען. איהר מוטטער האט זיא געהאלטען פאר איינע העכסט פערדאָרבענע פרויא, וואס האט דיא מאַכקע פון עכטע ווייבליכקייט פון זיך אַראָבגעוואָרפען און לעבט אין דער וועלט וויא איינע אַקטריססע, אום יעדען טאָג אין איינע נייע ראָללע אויפצוטרעטען. שוין דער אומשטאנד אלליין, וואס איהר מוטטער היט אזוי שטרייננ דיא מאָדע, גלייך וויא זיא וואָללט זיין איין אבטצעהנ-יעהריגעם מעדכען, איז איהר זעהר שטארק ניט געפעללען געוועזען און האט יעדעס מאָל מיט גרויס פעראכטונג אויף איהר געקוקט, ווען זיא פלעגט ערשיי-נען אין געזעללשאפט אין טיעף דעקאָל-טירטע קליידער און מיט געפארבטע באקען. מעהר פאר אללעם האט איהר געקריינקט וואס איהר מוטטער פערליי-קענט זייער אידעשע אבשטאממונג און

זייער נאציאָנאַליטעט און איהר קאָמי-
שען קארמשען פון זיך אַ קריסטין. זיא
פלעגט זייער וויניג פערברייננגען מיט
איהרע עלטערן און האט קיינמאל קיין
געדולד ניט געהאַט זיך מיט זייא עט-
וואס לייננגער צו אונטערהאלטען. איהרע
עלטערן האבען אין זייער קורצזיכטיג-
קייט ניט געזעהן דיא ווירקליכע אור-
זאכע פון איהר צוריקהאלטונג, זייא
האבען איהר געהאלטען פאר איין מע-
לאַנכאָלישע נאטור, וועלכע וועט זיך
ענדערן, ווען זיא וועט אריינטרעטען
אין דער פריילינבער אַריכטאָקראַטישער
געזעללשאפט, אָבער טהערעזא האט
מיט אללע מעגליכקייטען געזוכט, זיך
פון יענער געזעללשאפט אויסצושלי-
סען און פלעגט איהר צייט פערברייננגען
אין איהר צימער מיט לעזען, אָדער
אין דעם גרויסען גאָרטען, וואס האט
געהערט צו זייער הויז, מיט איינער
האנדארביים. דיא איבעריגע צייט פלעגט
זיא זיך זייער לאנגווייילען, ווייל זיא
האט קיין איינציגען מענשען ניט געהאט
ארום זיך, מיט וועמען זיא זאלל קע-
נען פערברייננגען איינע שטונדע וויא עס
דיא יוגענד ליעבט.

דער איינציגער ליכטיגער פונקט,
וואס האט איהר אויפמערקזאמקייט
אויפגעוועקט און האט איהר זייער לעב-
האַפט אינטערעססירט, איז געוועזען דער
שטודענט איסאַאק גאָלדמאנן. זיין אויס-
געצייכענטער חאראַקטער, זיין גראַדע
האַלטונג, זיין עדעלער שטאָלץ, וויא
אויך זיין געזונדער פערשטאנד, זיין
טיעפע בילדונג, האבען אין דער ערש-
טער מינוט פון זייער בעקאננטשאפט,
אויף איהר איין טיעפען איינדרוק גע-
מאכט. שפעטער, אַלס זיא האט זיך
מיט איהם נאך מעהר בעקאַננט געמאכט,
האט זיך יענע סימפאַטהיע אין נאך איין
וואַרמערן געפיהל אומגעוואנדעלט.

„וויא גאַנץ אַנדערם איז ער געשאפ-
פען!“ האט זיא זיך געטראכט. „וואס
פאר אַ גרויסער קאָנטראַסט עס איז
צווישען איהם און צווישען יענע יונגע
קאַוואליערן. וואס פלאַטטערן איהר
אַרום וויא זומער פייגלאך! וויא פוסט,
וויא לאַנגווייליג זיינען יענע און וויא
אינטערעססאַנט איז ער! וויא גאַנץ
אַנדערם קלינגט זיין טאָן, ווען ער רעדט
מיט איהר אין וועלכע ערהאבענע גע-
דאנקען ענטוויקקעלט ער אין זיין גע-
שפרעך!“.

מעהר אלס אַללעס האט זיא אין
איהם געליעבט זיין ריינע אירעשע הערץ,
דעם ריינעם מענשענפריינד און דעם
עכטען אירעשען פאַטריאָטען. ער האט
אין איהר דיעזען געפיהל אויפגעוועקט
און פון דאמאלס אָן, האט זיא זיך גע-
פיהלט וויא נייא געבאָרען. זיא האט
אויף דער וועלט און אייף דאס לעבען
מיט גאַנץ אנדערע אויגען אָנגעפאַנגען
צו קוקען און האט דעם יודענטהום, וואס
ער איז איהר ביז יעטצט גאַנץ פרעמד

געוועזען, גאַנץ אנדערס בעטראכט. דיא אידעשע געשיכטע פון דער אלטען און נייען צייט, דיא גאנצע אידעשע ליטע-ראַטור, איז געוועזען איהר הויפּטשטו-יום און דא האבען זיך ערשט איהרע אויגען געעפענט. זיא האט שוין גע-וואוסט, פון וואנען עס שטאַממען אונ-זערע אלטע און נייע וואונדען, פון וואַנען עס שטאַממען אונזערע פעהלערן און אונזער טרויעריגע לאגע צווישען אללע איבעריגע פעלקער און איהר ריי-נעס, מענשענפריינדליכעס הערץ האט געבלוטעט. דיא אידעשע פראגע איז געוועזען דיא הויפּט־טהעמא, איבער וואס זיא האט מיט גאלדמאנען גע-שפּראָכען שטונדענלאנג, זייא האבען זיך גאָר ניט ארומגעזעהן, וויא דיעזעס געפיהל האט זייא איינגער און איינגער צוזאממען געקניפּט און מיט שרעקען האט זיא זיך אין אַ געוויסען טאָג ארום געזעהן, דאס זיא פיהלט צו גאָלדמא-נען אַזאַ געפיהל, וואס בעדייטעט פיעל מעהר אלס איינפאַכע פריינדשאפט. מיט אונגעדולד פלעגט זיא יעדען מאָרגען ערווארטען דיא שטונדע, ווען ער פלעגט קומען, פלעגט איהר יונגעס הערץ אָנ-הייבען שטאַרקער צו קלאפּען, איהרע אויגען פלעגען בעקומען איין אנדער גלאנץ איהרע ראָזענרויטע באקען פלעגען זיך נאך טיעפער פאַרבען; פלעגט ער זיך אָבער עטוואס פערזאמען, פלעגט זיא ווערן זעהר אונגעדולדיג. זעלבסט-פערשטענדליך, האט זיא דיעזען געפיהל טיעף אין איהר האַרצען בעגראָבען און האט זיך געמאַטערט מיט אַללע קרעפ-טען רוהיג און צוריקהאַלטענד צו שיינען. דען זיא האט גאנץ גוט געוואוסט, דאס איהרע עלטערן וועלען קיינמאל ניט צו-שטימען איהר צו פערהייראטהען מיט אַ אָרעמען שטודענטען און דער צו נאך מיט אַ אידען.

אויך יעטצט, אלס זיא איז גע-שטאנען בייא דעם אָפּפענעם פענסטער און האט שטום און שווייגענד געקוקט אויף דעם נאכט־הימעל און אויף דיא מיללִיאָנען גאָלדענע שטערן, וואס זיינען וויא קליינע ברילליאַנטען צוזייט געווע-זען אויף דעם טיעפבלויען פאָרהאַנג, האָט איהר גאָלדמאַנס געזיכט ארומגע-שוועבט. זיא האט אין איהרע טיעפע געדאנקען גאָר פערגעססען, דאס איהר מוטטער ליעגט יעטצט שווער קראנק אין איהר שלאָפצימער און דער דאָקטאָר הערמאַנן טרעטט פון איהר לאגער ניט אָב. זיא האט זיך פערגעססען, דאס זיא, אַלס טאָכטער, האט נאך איינמאל ניט נאכגעפרעגט נאך איהר מוטטערס בעפינדען. איהרע געדאנקען זיינען בע-שעפטיגט געוועזען מיט דעם, וואס איהר מוטטער האט איהר געזאַגט, אז זיא וועט גאָלדמאַנען פון איהר הויז אבשאפפען. מיט שרעקען האט זיא זיך געפרעגט: „וואס וועט פון מיר ווערען, אז גאָלדמאנן וועט מוזען אונזער הויז

פערלאָזען און איך וועל איהם שוין
פיללייכט קיינמאל ניט זעהן?" איין
פראָסט איז איהר אריבערגעלאָפּען אין
אַללע גליעדער און איהרע אויגען האָ-
בען זיך אָנגעפיללט מיט טהרערן.
יעטצט האט זיא שוין גאנץ דייטליך
פערשטאנען, וואס גאלדמאנן איז פאר
איהר. יעטצט האט זיא געפונען דעם
ריכטיגען נאמען צו יענעם געפיהל,
וועלכען זיא האט ביז יעטצט ניט גע-
וואוסט וויא אָנצורופען. יעטצט האט
זיא זיך ערוואוסט אז זיא ליעבט איהם.
איהרע טהרערן האבען אָנגעהויבען
שטארקער צו פליסען, און יעדער
טהרער האט, וויא איין געטטליכער
טהוי איהר פערוואונדעטעס הערץ
ערקוויקט און איהר אָטהעם איז געוואָ-
רען פרייער און לייכטער.

אין דיעזע געדאנקען פערטיעפט,
האט זיא גאר ניט בעמערקט וויא דיא
שטונדען איינע נאך דיא אנדערע פליהען
אין דעם תהום דער אייביגקייט. ערשט
אלס דיא שטערן האבען אנגעהויבען
ביסלאכוויז צו פערשווינדען און אין
מזרח זייט האט זיך דער הימעל אנ-
געהויבען צו פארבען מיט יענע ליבליכע
ראָזאַ פארב, וועלכע זאָגט אָן דאס דיא
הערשאפט פון דער אללבעלעבענדען
זוהן איז שוין נאהענט, אַט דאמאלס האט
זיא זיך דערמאנט, דאס זיא האט דיא
גאַנצע נאכט ניט געשלאָפען, האַלב
ענטקליידעט האט זיא זיך אויף איהר
בעטט ארויפגעוואָרפען און זיא האט
שטארק איינגעשלאָפען.

אָבער אויך אין איהר שלאָף האט
זיא קיין רוהע געפונען. דיא זעלביגע
געדאנקען, וואס האָבען איהר דיא גאנ-
צע נאכט געמאַטטערט, האבען איהר
אויך אין שלאָף אללערלייא פאַרביגע
בילדער פאָרגעשטעללט און האבען איהר
מיט זייערע קאָנטראַסטען שטארק גע-
קוועלט; יענער זוויעראָוו, מיט זיינע
שמאַכטענדע בליקען, מיט זיין ליידענ-
שאפטליכעס געזיכט, און גאלדמאנן מיט
זיינע רוהיגע, עטוואס מעלאַנכאָלישע
אויגען און מיט זיין שיינעם, אינטעל-
ליגענטען געזיכט, האבען ביידע צו
איהר זייערע הענד אויסגעשטרעקט, ביי-
דע האבען פון איהר קיין אויג ניט אראב-
גענומען; זוויעראָוו האט אויף איהר
געקוקט מיט גליהענדע בליקען, מיט
וועלכע איין בלוטדורסטיגער טיגער קוקט
אויף איין אונשולדיגעס אפפער און
גאלדמאנן — וויא איינער וואס בעטראכ-
טעט איין הייליגעס בילד מיט פרומע
בעגייסטערונג.

האלב ערשראָקען האט זיא זיך אויפ-
געכאפט פון איהר האלבען שלאָף. אין
איהר שלאָפציממער האבען זיך דיא גאָל-
דענע שטראהלען געשפיעלט מיטן דיק-
קען טעפפיך, וואס איז אויסגעשפרייט
געוועזען אויף דער ערד. עס איז שוין
געוועזען אַרום עלף אוהר. האסטיג האט
זיא זיך גענומען אָנקליידען, ווארום

זיא האט זיך דערמאָנט, דאס פון נעכטין האט זיא איהר קראנקע מוטטער ניט בעזוכט. זיא איז שוין פערטיג געוועזען דעם צימטער צו פערלאזען, אלס אין דעם זעלביגען אויגענבליק האט זיא דערהערט, וויא דיא טיהר פון דעם קליינעם סאלאָן האט זיך געעפינט און איהר פאַטער איז אריין צו איהר אין צימטער.

ער האט אויסגעזעהן זייער פערזאָרגט. זיין געזיכט איז געוועזען בלייך און ניט אויסגעשלאפען, זיינע האאר אין גרעסטער אונאָרדנונג און ארום זיינע אויגען רונקעלבלויע ר ע ד ע ר. ער האט נאך געטראגען זיינע נעכטיגע באַלל קליידער, און אן דעם שוואר-צען פראַק מיט דער ווייסער האלז-בינדע, האט מען לייכט געקענט פער-שטיין, דאס פון נעכטען אָן, האט ער נאך קיין אויג ניט צוגעמאכט.

— „וואס מאכט דיא מוטטער?“ — האט זיא איהם האסטיג אויף ריין אידעש געפרעגט, ווארום ווען נאַדיעזשדא גרי-גאָריעווּנאַ האט זייא ניט געהערט, האָ-בען זייא צווישען זיך אידעש געשפראָ-כען —

— „פאַר אַ פאאר מינוטען האט זיא איינגעשלאָפען“ — האט ער איהר גע-ענטפערט און האט זיך אנידערגעזעטצט — „אָבער דוא האסט אויך ניט געשלאָ-פען, טהערעזאַ, דוא זעהסט אוים זעהר אנגעגריפפען!“ —

— „מיר פעהלט גאר נישט, ליעבער פאטער!“ — האט זיא זיך אָבגערופען — ואס איז אייגענטליך דער מוטטער? וואס זאגט דער דאָקטאָר הערמאַנן?“ —

— „דער דאקטאר רופט עס אָן: „כפאַזמען“ — האט פיאָדאָר איוואַניטש געענטפערט — „און ער האט איהר פער-ארדענט איניגע טעג צו היטען איהר צימטער און אויסצומיידען אַללע קער-פערליכע און גייסטיגע אנשטרענגונג. נאָר איך בין זייער בעזאָרגט איבער איהר, ווארום איך קען איהר כאראק-טער, דאס זיא וועט ניט רוהען און ראַסטען, ביז זיא וועט איהר פלאן דורכ-פיהרען, און דאס וועט איהר קאסטען זייער פיעל געזונד!“ —

— „וועלכען פלאן מיינסט דוא, ליע-בער פאטער?“ —

אין דיא גרעסטע פערלעגענהייט האט פיאָדאָר איוואַניטש איניגע מינו-טען געשוויגען. איהם איז שווער געווע-זען זיין טאָכטער צו זאגען פון יענעם פלאַן, וועלכען איהר מוטטער האט פאר איהר אויסגעשפונען. ער האט אין זיין הערצען קיינמאל ניט דאצו מסכים געוועזען, דאס זיין טאָכטער זאלל חתונה האָבען מיט אַ קריסטען, נאָר ער איז צו שוואך געוועזען געגען דעם פעסטען וויללען פון זיין פרויא צו שטרייטען. ענדליך האט ער געענטפערט:

— „דיא מוטטער ווילל דורכאוים אז דוא זאָללסט מיט זוויעראָווען חתונה

האבען; זיא געפינט אז דאס איז פאר דיר א גלענצענדע פארטהייא!" —

— „און דוא, ליעבער פאטער?" — האט איהם טהערעזא געפרעגט גאנץ רוהיג — „און דוא ווילסט אויך, אז איך זאלל חתונה האבען מיט זוויערא־ ווען?" —

אַזאַ דירעקטע פראגע האט ער ניט ערווארטעט. ער איז נאך מעהר צומישט געווארען.

— „איך . . . איך געפין . . . ." — האט ער שטאמלענדיג געענטפערט — „הער צו, מיין קינד! מיר לעבען היינט אין אזא צייט.... היינטיגע ציוויליזאציאָן.... אַללע פעלקער זיינען גלייך.... אידען, קריסטען, מוזולמעננער...... גאטט איז דאך דער זעלבינער......" —

מעהר האט ער ניט געקענט אַרויס־ שטאַמלען. זיין צונג איז וויא איינגע־ פראָרען געוואָרען. ער האט אראָבגע־ לאָזען דיא אויגען און האט געשוויגען.

— „אָבער איך בעט דיר, ליעבער פאטער" — האט זיך טהערעזא האסטיג אָבגערופען — „צו וואס דארפען מיר דאָ דיא פהילאָזאָפהיע? וואס האט דיא ציוויליזאציאן צו חתונה האבען? ענט־ פער מיר ביזט דוא מסכים צו דעם, אדער ניט?" —

פיאָדאָר איוואַניטש איזט אויפגע־ שטאנען און האט אָנגעהייבען אַרום צו גיין אין צימער אַהין און אַהער. טהע־ רעזאַ האט איהם מיט אונרוהיגע בליקען נאכגעקוקט. ענדליך איז ער צו איהר צוגעגאנגען, האט איהר אָנגענומען פארן האנד און מיט אַ שטיממע, אין וועלכע עס האבען געקלונגען בעהאַלטע־ נע טהרערן, האט ער געענטפערט:

— „איך פערשטייא אין אזעלכע זא־ כען גאָר נישט, מיין קינד. היינטיגע צייטען דיינקען אונזערע אידען גאַנץ אנדערס וויא אַמאָל. איך ווייס ניט צו איז דאס בעססער אדער ערגער. דיין מוטטער האט אזוי בעשלאָסען און אזוי מוז עס בלייבען. אנדערש קען דאס ניט זיין, אויב דוא ווילסט ניט אז דיין מוטטער זאלל א יונגע פון דער וועלט גיין. דוא קעננסט דאך איהר נאַטור און דיר איז אויך בעקאנט איהר שוואכע געזונד. מיט איהר קען מען פיעל ניט שטרייטען. איך, פון מיין זייט, וואָללט געווים בעסער וועלן, אז דוא זאָללסט הייראטהען אַ אידען, וויא גאָטט האט געבאָטען. מיר זיינען, גאָטט צו דאנ־ קען, אין אַזאַ לאַגע, דאס מיר קענען פאר דיר אויסזוכען דעם בעסטען. נאָר גיין געגען דעם וויללען פון דיין מוט־ טער, איז אונמעגליך, זיא וועט דאס ניט איבערטראַגען און מיר וועלן איהר פאר דער צייט פערליערען!" —

אין טהערעזעס געזיכט האבען זיך דיא פאַרבען געביטען. יעדעס וואָרט האט איהר הערץ וויא א גיפטיגער פייל פערוואונדעט. זיא האט שוין איהר פאטער לאנג געקענט פאר איין שוואַכען

פאַנטאָפפעלמאַנן, וואס האט קיין שטאָלץ, קיין איינענליעבע און קיין איגענעם וויללען און טאַנצט נאך דעם ליעד, וואס זיין ווייב זינגט איהם, אָבער אז אין אזאַ וויכטיגען פונקט זאלל ער אזוי שוואַך און וויללענלאָז זיין, האט זיא קיינמאָל ניט געגלויבט און דאס האט איהר זייער געקריינקט. זיא האט איהם מיט פעראַכטונג אָנגעקוקט, אלס זיא האט איהם געענטפערט:

— „און איך זאָג דיר, פּאָטער, דאס איך וועל קיינמאל מיט אַ קריסטען ניט הייראטהען. עס מעג מיר קאָסטען מיין לעבען, פון מיין איבערצייגונג וועל איך קיין איינציגען טריטט ניט אָבטרעטטען. דיא מוטטער וועט פון דיעם ניט שטאַרבען, גלויב מיר, מענסט איהר דאס זאגען!“ —

— „טהערעזאַ!“ — האט פּיאָדאָר איוואַנימש כמעט וויינענדיג אויסגעשריען — „דוא מאַכסט אונז אונגליקליך! דוא רואינירסט אונז אין גאַנצען...“ —

אין דעמזעלביגען אויגענבליק האט זיך דיא טהיר געעפענט און דער שטודענט גאָלדמאַנן איז אריין אין צימטער.

פון טהערעזעס ברוסט האט זיך ארויסגעריסען אַ קליינער געשרייא. זיא איז געוואָרען בלייך וויא ליינוואַנד און זיא האט איניגע סעקונדען מיט צושראָקענע בליקקען אויף דעם שטודענט גע-קוקט. דערווייל איז פּיאָדאָר איוואנימש האסטיג אוועקגעגאַנגען.

— „ענטשולדיגט מיר, פריילין לע-וועננבערג, ווען איך האב אייך געשטערט“ — האט זיך גאָלדמאַנן אָבגערופען — „אָבער יעטצט איז ריכטיג דיא צייט פון דער לעקציאָן!“ —

— טהערעזאַ האט זיך געשווינד געפאסט. עטליכע מינוטען האט זיא מיט זיך אלליין מלחמה געהאַלטען און דאַן האט זיא איהם ענטשלאָססען גע-ענטפערט:

— „מיט אייער קומען, הערר גאָלד-מאַנן, האט איהר מיך פון אַ שרעקליכע לאגע בעפרייט. אָ, הערר גאָלדמאַנן! איך בין דיא אונגליקליכסטע אויף דער וועלט. דיא וועלט איז פאר מיר אַ גרוי-סעס געפענגנים און איך בין איינע אונ-גליקליכע געפאַנגענע. איך בין עלענד, איך האב קיין איינציגען פריינד, קיין איינציגעס הערץ, וואס זאלל מיט מיר מיטפיהלען. איך האב קיין איינציגען פערטרויטען, פאר וועמען איך זאלל קענען מיין לייד אויס וויינען...“ —

זיא האט זיך האסטיג אָבגעקעהרט, האט פערדעקט איהר געזיכט מיט איהר באַטטיסטטוך און האט אָנגעפאַנגען בימ-טערליך צו וויינען.

גאָלדמאַנן האט זיך שטארק ערשראָ-קען, אַללע זיינע גליעדער האבען גע-ציטטערט וויא פון פיעבער. ער האט פערשטאַנען אַז דאָ שפּיעלט זיך אָב אַ פאַמיליענדראַמאַ, אָבער מיט וואס קען ער דאָ העלפען? ער איז דאָך אלליין

אַזוי עלענד, אַזוי אָרעם און מיטטעל-לאָז. נאָר דיא לעטצטע ווערטער טהערעזעס, דאס זיא האט קיין איינציגען פריינד, קיין איינציגעם טרייעם הערץ, פאַר וועלכע זיא זאלל קענען איהרע פערבאָרגענע ליידען אויסזאגען, דאָס האט איהם פערדראָססען. איז ער דען ניט איהר בעסטער פריינד? איז ער דען ניט בערייט זיין גאַנצען לעבען פאר איהר צו אָפּפערן? איז זיא דען ניט דער איינציגער פונקט, אַרום וועלכען עס דרייהען זיך אַללע זיינע געדאַנקען אללע זיינע געפיהלען? געהערט דען ניט צו איהר זיין הערץ, זייט ער האט איהר צום ערשטען מאָל געזעהן? ער האט זיינע הייססע געפיהלען טיעף אין זיין הערצען בעגראָבען, ער האט קיינמאָל ניט געוואַגט יענע געדאַנקען ארויס צו ריידען. ער האט גאַנץ דייטליך געזעהן דעם טיעפען אָבגרונד, וואס ליעגט צווישען זייא. ער איין ארעמער שטודענט, וואס קוועלט זיך זיין טרוקענעס ברויט צו פערדיענען. זיא, דיא איינציגע טאָכטער פון א מילליאָנער! אָבער איהר העלפען, ביישטיין, ראַטהען, דאס איז דאך וואס אַנדערס. ער מוז איהר דאך צום ווייניגסטען זאגען, דאס ער איז איהר אַ פריינד, אַ טרייער פריינד, וואס איז בערייט אללעם מקריב צו זיין פאר איהר. זיא קען איהם דאך ניט פערוועהרען איהרער אַ פריינד צו זיין, און פיללייכט קען ער איהר העלפען. אָ, וואס פאר אַ זיססער גליק, פאַר איהר צו טאָן און ווירקען! דיעזע געדאנקען זיינען מיט דיא געשווינדיגקייט פון אַ בליטץ דורך זיין קאפ דורכגעפלויגען. ער איז צו איהר צוגעגאַנגען, האט איהר אָנגענומען פאַרן האנד און האט געזאָגט:

— „פריילייך לעווענבערג! צוערשט מוזט איהר אייך בערוהיגען. עס מעג זיין, וואס עס ווילל, איך בין בערייט אייך צו העלפען; עס מעג מיר קאָסטען מיין לעבען... ווען איהר זאָגט, דאס איהר האט ניט קיין טרייעס הערץ אויף דער וועלט, האט איהר פערגעססען איין איינציגען, וואס איז העכסט גליקליך, זיך פאר אייער פריינד צו רעכענען... איך בין יענער איינציגער און נאך גליקליכער וועל איך זיין, ווען איך וועל אייך קענען העלפען!...“ —

טהערעזא האט איהם אייניגע סעקונדען מיט איהרע פערוויינטע אויגען אנגעקוקט. הימלישע פריידע האט זיך אין איהר געזיכט אויסגעמאָלט. און זיא האט זיין האנד הערצליך געדריקט.

— „אָ, איך האב מיך ניט געאיררט, הערר גאָלדמאנן!“ — האט זיא פריידיג אויסגערופען — „איהר זייט מיינער דער בעסטער, דער טרייעסטער פריינד! איך האב שוין דאס לאנג בעמערקט, אייך קען איך אללעס פערטרויען, איהר וועט מיר געוויס ראטהען און העלפען...“

דיא טהיר האט זיך אין דיעזען אוי-

גענבליק געעפענט און אינע פין נאַר-יעושראַ גריגאָריעוונאַס קאַמערמערכענס איז אריין אין צימער און האט דעם שטודענט דערלאַנגט אַ קליינעם בילעט. גאלדמאַנן האט דעם בילעט האסטיג איבערגעלעזען און איז געבליבען שטיין וויא פערשטיינערט, דאן האט ער צו דער קאַמערמערכען געזאגט:

— „זאָגט אייער מאַדאַם, אז איך וועל איהר פאַרזאג פאָלגען. פון דיזען אויגענבליק אָן, וועט מיין פוסס איהר הויז ניט בעטרעטען. זיא פערלאַנגט דאס און איך וועל געהאָרכען!" —

. דיא קאַמערמערכען האט זיך שטומם פערנייגט און איז אַוועקגעגאַנגען.

— „מיין גאָטט, וואס איז דאס!" — האט מהערעזא אויסגערופען און איז בלייך געווארען וויא קאלך —

— „אייער מוטטער פערלאַנגט איך זאלל אייער הויז פערלאָזען" — האט איהר גאלדמאַנן געענטפערט און האט איהר דערלאַנגט איהר מוטטערס בילעט

— „זיא געפינט פאר איהר הויז זייער קאָמפּראָמעטטירענד, דאס איין א י - ד ע ש ע ר שטודענט אונטערריכטעט איהר טאָכטער!" —

— „אָ, איך האב שוין דאס נאָך געסטערן געוואוסט!" — האט זיך טהע-רעזא אָבגערופען און איהר שטיממע האט פון אויפרעגונג געציטטערט — פערצייהעט איהר, בעסטער הערר גאלדמאַנן, זיא איז, ליידער, אזוי גע-זאננען און איהר וועט זיא ניט איבער-מאכען. נאר מ י ר שיידען זיך ניט. מיר בלייבען דיא זעלביגע פריינד. איי-ניגע טעג מוזען מיר לאזען דיא זאך, וויא זיא איז. דיא צייט וועט מיך לער-נען וואס צו טאָן. איך האב מיט אייך איבער זייער איין וויכטיגען געגענשטאנד צו ריידען און דאַרף אייער קלוגען און פריינדליכען ראטה. גיט מיר אייער אדרעססע, איך זאלל קענען אייך שרייבען. נאך איין מאָל, הערר גאָלד-מאנן, איך בעט אייך אום אייער פריינד-שאפט און גלויבט מיר, אז איך וועל וויססען וויא איהר צו שעטצען!..." —

גאלדמאַנן האט איהר געגעבען זיין קארטע און איז מיט איין טרוירעריגעם הערץ אַוועקגעגאַנגען. איין לאנגער שמערצליכער בליק, אין וועלכען עס האט זיך אָבגעשפּיעגעלט אַ גאַנצע וועלט פון ליעבע האט איהם בעגלייטעט —

מ״ז.

## מאָריטץ ריטטענבערג.

אויף אַ ווייכען, זיידענעם פאָטעל, אין אַ גרויסען און ליכטיגען צימער, אויסגעפוטצט מיט פירשטליכער פּראַכט, זיטצט מאָריטץ שרייבענדיג ביים טיש, בעדעקט מיט ביכער און פּאַפּיערען. וויא עס האט אויסגעזעהן, איז איהם דאס שרייבען זעהר שווער געוועזען, דען כמעט אללע צעהן מינוט האט ער געמוזט דיא פעדער אַוועקלייגען און אָבציהען זיין אָטהעם, אָדער אַ שמאַר-

קער הוסט האט איהם געצוואונגען, זיין ארבייט צו אונטערברעכען. דאך האט ער אַללע זיינע קרעפטען אָנגעשטריינגט, ווייטער צו שרייבען, אום דעם בריעף, וואס ער האט אָנגעפאנגען צו ענדיגען.

ער האט אויסגעזעהן וויא א מאַנן פון אַכטציג יאהר. זיינע האר זיינען ווייס געוועזען וויא מילך, זיין געזיכט צורונצעלט, באמת איז ער פיעל אינגער געוועזען אלס ער האט אויסגעזעהן, נאָר מאַנכע שווערע שיקזאַלען און ביטטערע ערלעבניססע האבען איהם פאַר דער צייט אַלט געמאכט. זיין אויג האט נאך איהר יוגענדליכען גלאַנץ נים פערלאָרען; אויך יעטצט האט זיא נאך געקענט אויפבליטצען אין ווילדע ליידענשאפט און מוטה וואס איז געוועזען א לעבענדיגער קאנטראסט צו זיין אַלטען און געברעכליכען קערפער. נאר איין איינציגער בליק אויף זיין בלייבעס, איינגעפאַללענעס און אבגעלעבטעס געזיכט, זיינע דארע, ציטטערנדיגע גליעדער האט בעלעהרט, דאס דיעזער מענש האט צו פיעל געגאָסען פון דער פערבאָטענער פרוכט, דאס ער האט דעם גאנצען בעכער פון ליידענשאפט ביז אויף דעם לעטצטען טראָפען אויסגעטרונקען און דאס זיין אויסגעלאסענער לעבען האט איהם פאר דער צייט זאָ אלט געמאכט, אז ער האט אין דעם עלעגאַנט אויסגעפוטצטען צימער אויסגעזעהן, וויא איין שרעקענסביילד (סטראַשידלע) אין איין שיינעם בלומענגאָרטען.

א שטארקער הוסט האט ווידער זיין שרייבען געשטערט. האסטיג האט ער א וואָרף געטאָן דיא פעדער, האט זיך אויפגעהאָצט פון פאָטעל און האט מיט זיין מאַשענטוך פערדעקט זיין מויל. ער איז בלייך געווארען וויא דער טויט, האט אָנגעפאַנגען צו ציטטערן מיט אללע זיינע גליעדער און א קאַלטער שווייס האט פלוצלונג בעדעקט זיין שטערן. איניגע מינוטען האט זיין הוסט אנגעהאלטען און אלס ער האט דיא טוך פון זיין מויל צוגענומען, איז זיא אין איניגע שטעללען בעדעקט געוועזען מיט גרויסע און קליינע בלוטפלעקען.

— „שלעכט, זייער שלעכט, עס גייט שוין צו ענדע!" — האט ער זיך מיט איין שוואַכע און הייזעריגע שטיממע אָבגערופען — „דיא נאַטור פערלאַנגט איהר רעכט. דיא מאַשינע ה ט צו פיעל געארבייט; זיא איז אַלט און געברעכליך. דאָ פעהלט שוין אַ רעדעלע און דאָרטען — א שרייפעלע. איין גליעד שטאַרבט נאך דעם אנדערן אב. דער דאמפפקעסעל ארבייט נאך; אָבער באַלד וועט אויסזידען דאס לעטצטע וואַססער און דיא מאַשינע וועט בלייבען שטילל און אינבעוועגליך... יאַ איך בין שוין נאָהענט צו דער ערקלערונג פון דעם רעטענים, וואס מיר רופען אן ל ע ב ע ן!" —

— „אַ שרעקליך איז דער פּתרון פון דעם לעבענס חלום! שרעקליך. דער אויפוואכען פון דיזען לאנגען און זיססען טרוים!... זיסס שמעקט אונז דער גיפט פון דעם לעבען! מיר טרינקען זייא מיט וואָהלגעפאללען, מיר שלאָגען אונז פאַר יעדען טראָפּען, מיר רייסען דעם גיפטיגען בעכער איינער פון אנדערן; מיר טרינקען דיא גיפט, מיר ווערן בע-רוישט און מיר זעהען אין רויש דעם גן־עדן. ניכטערן מיר זיך אוים — פער-שווינדען פון אונז אללע יענע הימלי-שע בילדער, און מיר זעהען וויא נאַ-ריש, וויא לעכערליך מיר זיינען געוועז-ען. אין אונזער לעבענס בוך שרייבען מיר גרויסע ציפפער, גרויסע צאהלען, נאך אַ גרויסע ציפער צו אונזער קאפּי-טאל, און מיר פיהלען אונז גליקליך; פלוטצלונג קומט דער לעטצטער אוי-גענבליק, מאַכט איין שטריך אונטער אונזערע ציפפער און ווייזט אונז אלס סך־הכל אַ גרויסען נולל..." —

— „נאך שרעקליכער איז צו זעהן, וויא דער פּאָרהאַנג פאַללט פלוטצלונג ארונטער און פערדעקט דיא סצענע איידער יענע שיינע, הערליכע און העכסט אינטערעססאנטע דראַמאַ האט זיך געענדיגט... מיין גאנצעס לעבען איז געוועזען איין אייביגע מלחמה מיט דעם שיקזאַל. מיט גרוים מאַטערנעם און טויט שרעקענים האב איך געקלעט-טערט פון איין סטאַפּעל דעם גליקס צום צווייטען, און יעטצט, אז איך שטעה שוין אויף דעם לעטצטען שטאַפּעל און וויל מיך אברוהען, קומט דער מלאך־המות און גיט מיר אזאַ שטויס, אז איך מוז אַראָבפאללען און צוברעכען אַללע מיינע גלידער. אָ, שרעקליך איז צו זעהן, וויא דאס שיף, וואס האט יאָה-רעלאנג מלחמה געהאלטען מיט דעם גרויסען, שטירמישען ים, ערטרינקט זיך גראדע אין דעם אויגענבליק, ווען זיא איז שוין נאָהענט פון ברעג!..." —

— „איך בין רייך, שטיינרייך, איך בעזיטץ מיללּיאָנען. מיין גאנצען לעבען האב איך דעם נאַרישען מעטאלל, דאס געלד, געווידמעט. יעדער פון מיינען אימפּעריאַלען האט געהערט דעם לעטצ-טען זיפץ פון איין אונגליקליכען שטער-בענדען, יעדע פון מיינע באַנקנאָטטען, איז דורכגעווייקט מיט דעם בלוט פון איין אונשולדיגעם אָפּפער, וואס איז אין מיינע הענד אריינגעפאללען... איך האב געחאפּט און געזאמעלט, מיך האט ניט געהאַרט אויף וועלכער אַרט און ווייזע, צו דורך גזלה, צו דורך רציחה. איך האב אזוי פיעל צוזאמענגעשאַררט, וואס האט געקענט הונדערטער אַרעמע און הונגעריגע פאַמיליען זאַטט מאַכען, נאר מיר אלליין קענען מיינע מיללּיאָנען ניט זאַטט מאכען. זייא קענען מיר דעם קליינסטען טרייסט ניט געבען, זייא קע-נען מיר קיין איינציגע גליקליכע שטונדע ניט פערשאפפען. איך האב אויפגעזאַ-

מעלט גאַנצע בערג גאָלד, אבער וואס פערמעגן איך יעטצט? טיעפע הערצענס האונדען. פינסטערע חרטה, אייביגע זעלענפיין, און דעם נאָהענטען טויט פאר דיא אויגען!" —

— "און פאר וועמען האב איך גע-זאממעלט? פאר וועמען האב איך גע-גנב'ט, גענזול'ט, געמאָרדעט און גע-שלאכטעט וויא איין רייסענדער וואָלף, וויא איין בלוטדירסטיגער טיגער? ווע-מען וועלן מיינע מילליאָנען בלייבען? וועמען וועל איך מיט זייא גליקליך מא-כען? איך שטאַרב און אין מיין שטערב-שטונדע האב איך אפילו ניט דעם קליי-נעם טרייסט, דאס מיין לאנג יאָהריגע מיהע וועט אין רעכטע הענד אריינפאַל-לען. ווער וועט מיר אין דיא לעטצ-טע מינוט מ'ינע אויגען צודריקען? מ א ט ל ע ג ו ר ל א נ ד? אָ, זיא וועט זיך איילען דאס צו טאן, כדי זיא זאלל קענען וואס גיכער מיין פערמעגען בעקומען! זאלל איך מיינע מילליאָנען מיין מאכטער טהערעזא אָבזאָגען? אָבער זיא איז צו שטאָלץ און צו עדעל פון אַ ווילדפרעמדען אַזאַ גרויסע מתנה אָנצונעהמען. זיא ווייס דאך ניט אז א י ך בין איהר פאָטער. איך קען איהר דאס ניט זאגען. איך קען ניט דעם גיפטיגען פייל אין איהר ריינעס, אונ-שולדיגעס הערץ אַריינשיססען!" —

— "איין אַנדערער אויף מיין אָרט וואָלט דעם גרויסען קאַפּיטאַל פער-וואנדען אויף צדקה. וויעפיעל מאָל האב איך שוין געוואָללט בויען קראַנקענהייזער פאר אָרעמע קראַנקע, שולען, האַנד-ווערקער שילען, אָבער דאס טאָן, הייסט: מאַכען נאך מעהר בעטרינגער אויף דער וועלט. וויא וויינינ קומט אָן דעם אָרעמאַן פון דיא גרויסע קאַפּיטאַלען, וואס דיא רייכע בעלי־צדקה זיינען פאר זייא מנדב! דיא גרויסע נדבות שלינגען איין דיא פאָרשטעהער, דיא משגיחים, דיא גבאים, דיא קרומע רוקענס, וואס טהוען אלץ כלומרשט פון מצוה וועגען. זייא אלליין נעהמען צו דיא בעסטע חלקים. זייא עסען דיא פלייש און דעם אָרעמאן ווארפען זייא צו אַ מאָגערן ביינדיל!" —

— "אָבער, וואס טהוט מען פאָרט מיט אזוי פיעל טויזענדער? אָבזאָגען דאס דער מאַטלע גורלאנד? בעצאהלען איהר פאר איהר ליעבע צו מיר מיט מיינע מילליאָנען? ליעבט זיא דען מיך ווירקליך? עקסעסטידט דען איבערהויפט וואהרע ליעבע אויף דער וועלט? איז דאס ניט איין פוסטער קלאנג פון אַ שוואַכע סטרונע אין אונזער הערצען? איז דען ניט דיא ליעבע איינע פון יענע פהאַנטאַזיענבילדער, וואס דער אָפּיומ-רויכערער זעהט בשעת ער איז בערוישט? וויעפיעל פרויען האבען מיט דיא הייליגסטע שבועות, מיט הייסע טהרערן אויף זייערע שיינע אויגען זייער אייביגע ליעבע צו מיר פערזיכערט כל זמן איך האב אויף זייא געהאָנעלט מיט גאָלד

און פון הינטען האבען זייא מיר אַ צונג אויסגעשטעקט! און דיא זעלביגע צוי־בערין, דיא מאַטלע גורלאַנד, וואס ציעהט איהר צו מיר? ניט דיא זעל־ביגע קראפט, וואס אַ מאָל — מיין געלד? און יעטצט, ווען איך בין שוין אַ לעבענדיגע חורבה, וואס ציעהט איהר צו מיר? זיא איז דאך נאך אזוי בליהענד שיין, אזוי פריש און לעבענסמוטהיג און דער צו אלליין מילליאָנערין! קען זיא דען ניט געפינען וועמען צו ליעבען אויסער מיך? אָ, איך קען זייא, דיא שלאנגע! איך זעה איהר דורך און דורך דיא פאַלשע. אבער איינע געהיי־מע מאכט ציעהט מיך דאך צו איהר, דאס לעטצטע ביססעל מאַגנעטיזם פון מיין שטערבענדעם הערץ ציהט מיך צו איהר; און פיללייכט איז דאס נאר דער־פאר, וואס זיא איז דיא מוטטער פון מיין איינציגעם קינד!" —

— „און וויא מוז מיין הערץ בלוטען צו זעהען, וואס זיא האט פון מיין קינד געמאכט! זיא האט איהר אויפגעצויגען אויף יענע פאַלשע טהעאָריע, וואס היינ־טיגע נאַרישע פהילאָזאָפהען האבען אויסגעקלערט. וואס האט זיא פון איהר געמאכט? איין אויסגעפוצטע פופפע, וואס קען ריידען, זינגען, טאַנצען, שפיעלען און מאַכען אַללערלייא גרי־מאססען. זיא בעמיהט זיך מיט אללע מעגליכקייטען יעדען איידעלען געפיהל, יעדע מענשליכע רעגונג, אין איהר הערצען צו ערשטיקען און צולעמצט, ווייל זיא איהר גאָר פאַר אַ קריסטען אַוועקגעבען, פערקויפען פאַר דעם נאַ־רישען שיין, וואס מיר מענשען רופען דאס אָן: כבוד. אָ, וויא שרעקליך איז עס צו האבען אַ קינד און ניט קע־נען עס גליקליך מאכען נאך דעם איינגע־נעם וויללען!" —

— „אָבער צו שפעט איז מיין חרטה, ביז יעטצט בין איך געוועזען בערוישט, און אין מיין שכרות האב איך מיך גאָר ניט אַרומגעזעהן, אז עס וועט קומען אַ צייט, ווען איך וועל דאַרפען האבען איין איינגענעם מענשען אַרום מיר. אָ, וואָללט איך יעטצט צום וויינינגסטען האבען מיין מיהמעם טאָכ־טער, יענע אונגליקליכע שרה, בייא מיר! מיט וועלכע פריידען וואָללט איך איהר און איהרע קינדער אַוועקגעגעבען מיין גאַנצען רייכטהום פאַר יענעם הוי־פען געלד, וואס איך האב בייא איהר צוגענומען! אין איהרע הענד וואָללט מיין פערמעגען איין גאַנץ אנדערע בע־דייטונג האבען; זיא וואָללט מיין קאַ־פיטאַל ניט אויסבריינגען אויף בעללער, אויף מאַסקעראַדען, קאָנצערטען און מאָדעזאַכען, פיללייכט וואָללטען אנדע־רע אָרעמע און בעדירפטיגע פון איהם אויך עטוואס געניססען. אָבער וואס העלפט עס! אַללע מיינע מיהע און מאַטערנעם איהר אויף צו זוכען זיינען אומזיסט, געווים געפינט זיא זיך שוין

ניט מעהר אונטער דיא לעבענדיגע
און איך וועל ניט קענען גוט מאכען
דעם גרויסען פעהלער, וועלכען איך
בין בעגאַנגען, אלס איך האב בייא
איהר איהר פערמעגען אויף אַ״אַ שענד-
ליכער אַרט גערויבט! ..“ —

אין דעם לאַנגען קאָררידאָר האט
דיא שנורגלאָקע אָנגעפאַנגען צו קלינ-
גען. באלד איז דער קאָממערדיענער
אריינגעקומען און האט דעם שטודענט
איסאַאק גאָלדמאַנן אָנגעמעלדעט.

וויא דורך אַ צויבער זיינען דיא
פינסטערע וואָלקענס און דער טרויערי-
גער אויסדרוק פון מאָריטץ ריטטענבערגס
געזיכט פערשוואונדען געוואָרען, אלס
ער האט זיין קאַממערדיענער געהייסען
דעם שטודענט צו זיך אריינפיהרען.

— „דער גאָלדמאַנן שיינט מיר איין
אויסגעצייכענטער יונגער מענש צו זיין“
— האט ער צו זיך געזאָגט אַלס דער
קאמערדינער איז ארויסגעגאַנגען — „ער
איז נאך ניט פערדאָרבען געוואָרען פון
היינטיגע פערקעהרטע געזעללשאפט.
זיינע בעגריפפע און זיין בליק אויף דער
וועלט זיינען ריין, און קלוג. אונטער
אונזער היינטיגע יוגענד איז דאס אַ זעל-
טענהייט. איך מוז איהם צו מיר צוציעהען,
ער קען מיר מיינע לעטצטע טעג אַנ-
גענעהמער מאַכען. פיללייכט וועלען
מיר ביידע וואס עס איז קענען טאָן
פאר אונזער אונגליקליכע פאָלק, איך
האב אימער אַזעלכען געזוכט און מיר
שיינט אז אין איהם האב איך געפונען
דעם רעכטען“ —

אַלס גאָלדמאַנן איז אריין אין צימער
האט ער זיך ערשראָקען פון דעם שלעכ-
טען אויסזעהן דעם אלטען. אין דיא
פאאר טעג וואס ער האט איהם ניט גע-
זעהן, האט זיך מאָריטץ זייער שטאַרק
געענדערט. זיין געזיכט האט בעקומען
יענע דורכזיכטיגע בלייכקייט און יענעם
קראַנקהאַפטען אויסדרוק, וואס ווייזט
גאנץ דייטליך, אַז דער נאָהנטער טויט
האָט שוין זיין אונבעגרענצטע העררר-
שאפט בעקומען איבער זיין אָפפער.

מאָריטץ ריטטענבערג האט איהם
זייער פריינדליך און הערצליך בעגריסט,
האט איהם געדאנקט, דאס ער האט
זיין וואָרט געהאלטען און צו איהם גע-
זאגט:

— „איינענטליך, יונגער פריינד, וועט
אייך מיין געזעללשאפט גאנץ ווייניג
אַמוזירען. איך בין שוין, וויא איהר זעהט,
אַ קאַנדידאַט פיר יענער וועלט. מיינע
טעג זיינען געצעהלטע. פיללייכט אַ
מאָנאַט, אפשר צוויא, פיעל וועל איך
אייך ניט לאַנגווייליגען. נאָר איך דאַרף
אייער מיטהילפע האבען צו אַ וויכטיגען
ענין און נאָר וועגען דעם האב איך אייך
צו מיר איינגעלאַדען. איך ווילל וואס
עס איז טאָן פאר אונזער אָרעמע אונד
אונגליקליכע פאָלק און איך דאַרף דערצו
האבען אַ קלוגען אונד א געשיקטען אַס-
סיסטענט. אין אייך, יונגער פריינד,
גלויב איך א זעלכען געפונען צו האבען

אונד איהר ווערט מיר אייער מיטווירקונג ניט ענטזאַגען. איך וויס, איהר בעזיטצט אַ ריינעס, אידעשעס הערץ! היינטיגע צייטען איז דאס, לײַדער, בײַ אונז אַ זעלטענהייט. ריינע אידעשע הערצער דאַרפען מיר מיט ליבע זוכען!"—

גאָלדמאַנן האט אויף איהם מיט דער גרעסטער איבערראַשונג און פערוואונ-דערונג געקוקט. נאָך זיין מוטטערס רייד האט ער פון איהם אַ זעלבע עדלע געפיהלען, אַזעלכע מענשענפריינדליכע רעגונגען ניט ערוואַרטעט. ער האט איהם זיך פאָרגעשטעללט אלס אייזען העכסט לידערליכען און פערדאָרבענען מענשען און האט נאָך זיין מוטטערס שילדערונג פון איהם ניט ערוואַרטעט אַזעלכע רייד.

מאָריטץ ריטטענבערג האט זיין איבערראַשונג בעמערקט און האט צו איהם ווייטער געזאגט:

—„אייך וואונדערט, פיללייכט, הערר גאָלדמאַנן, וואס איין גאַנץ אונבעקאַנ-טער מענש, וועלכען איהר זעהט ערשט דעם צווייטען מאָל אין אייער לעבען, נעהמט זיך די פרייהייט מיט אייך, אַלס מיט איינעם אַלטען בעקאַננטען צו ריידען, אָבער מיר דאכט זיך, אז וואו עס האנדעלט זיך אום דעם שיקזאַל פון אַ גאַנצע נאַציאָן, דאָרט דאַרף מען ניט היטען יענע שטריינגע עטיקעטטע און מען דאַרף ניט האבען קיין נעהנ-טערע בעקאַנטשאפט. דער גוטער צוועק, דער ערהאַבענער ציעל, צו וועלכען עס שטרעבען צווייא מענשען, קניפפט זייא צוזאמען מיט דעם שטאַרקסטען באַנד. מיר זיינען שוין פון דער נאַטור דיא בעסטע פריינד, ווייל אונז בעלעבט איין רעיון, איין וויללען. אונזער אָרעמע פאָלק דאַרף יעטצט האבען שטאַרקע הענד, וואס זאללען פאר איהם אַרביי-טען. איך וויל מיינע לעטצטע טעג פאר איהם אָפּפערן און איהר, יונגער פריינד, מוזט מיר אין דעם מיט אייער יונגע קראַפט, מיט אייערן שאַרפערן זינן אונטערשטיטצען!"—

—„אָבער וואס קענען מיר אין אונ-זער שוואכהייט און אין אונזער הילפ-לאָזיגקייט טאָן?"— האט איהם גאָלד-מאַנן געפרעגט זיך זעטצענדיג —„איהר מוזט דאך וויסען, הערר ריטטענבערג, אז איין שוואַלבע קען קיין זוממער ניט מאכען!"—

—„אָבער איין איינציגער קערנדיל מאַכט אויסוואַקסען אַ גאַנצען זאַנג מיט פיעל קערנער!"— האט איהם מאָריטץ ריטטענבערג געענטפערט —„מיר דאַר-פען נאָר אונטער אונזער פאָלק פער-זייען דיא פרוכטבארע קערנער פון זעלבסטהילפע און מיט דער צייט וועלן אונז יענע קערנער גוטע פרוכט געבען"—

—„אָ, דאס איז אַ שווערע אַרבייט, מיין הערר!"— האט זיך גאָלדמאַנן מיט אַ שווערען זיפץ אָבגערופען — „אום אַזעלכע קערנער צו פערזייען, איז נאָך דיא פעלד ניט פאַרטיג. דיא פעלדר

איז, לײדער, אין דעם משך פון צוויא טויזענד יאָהר זייער שטאַרק פערלאָזען געוואָרען. קיינער האט זיך װעגען איהר ניט געקימערט, קיינער האט איהר ניט ארומגעצאַמט, דאס ווילדע חיות זאללען אויף איהר ניט טרעטען, זיא איז פולל מיט שטיינער, ווילדע געוועקסע האבען איהר בעדעקט. איהר האט דאך געהערט בייא דעם דאָקטאָר העררמאַנן, וואס פאר אַ ליעד אונזערע ברידער זינגען. זייא ערוואַרטען דיא גאולה שלמה פון דער ציוויליזאַציאָן, זייא בויען אַ נ י י ע ם ט ה ו ר ע ם פ ו ן ב ב ל, זייער איינציגער ציעל איז דיא אַססימילאַציאָן. פיללייכט זיינען זייא גערעכט, אפשר וועט אונז טאַקי דיא ציוויליזאַציאָן אויסלייזען פון אונזערע אַלטע און נייע צרות. פיללייכט וועלן טאקי דיא פעלקער קומען צו אַזאַ גראַד פון מענשענליעבע, דאס זייא וועלן איינזעהן, אז מיר זיינען אויך מענשען, מיר מוזען האבען מענשענרעכטע מיט אַללעמען גלייך און מאן מוז אונז געבען אונזער חלק אין לעבען" —

— „דאס איז אַ פאלשער חלום, ליעבער פריינד!" — האט איהם מאָריטץ ריטטענבערג לעבהאפט געענטפערט — „ווער וויים נאך וויא איך, וויא ווייניג מיר קענען אויף דער ציוויליזאַציאָן רעכענען. איך האב פון מיין פריהעסטען יוגענד אָן נאָכגעהאַנגען דיעזען זיססען טרוים. איך האב מיך געבילדעט און ציוויליזירט דאַן, ווען פאר דער בילדונג זיינען נאך אַללע אונזערע טהירען פערשלאססען געוועזען, דאַן, ווען אונזערע אידען האבען אויף איהר געקוקט וויא אויף וואהרע געטצענדיענסט. איך האב מיך פון דעם יודענטהום אין גאנצען אָבגעזאָגט. איך האב מעהר וויא אַ העלפט פון מיין לעבען אין אויסלאנד פערבראכט. איך פלעג יאָהרענלאנג פערברייננגען אין בערלין, פאַריז, וויען, לאָנדאָן און האָב עטלאכע יאָהר געלעבט אין אמעריקא. צווייא מאָל האב איך מיין רעליגיאָן געביטען. איך האב נאָר אונטער קריסטען געלעבט און אונטער דיא גרעסטע געבילדעטע לייט, אָבער איבעראלל, האב איך קיין ליעבע ניט געפונען, איבעראלל האט מען מיך פעראַכטעט, קיינער האט מיר ניט געוואָללט פערצייהען דיא גרויסע זינדע, פון אידעשע עלטערן געבאָרען צו זיין. מען האט מיך נאָר אלס אונגעבעטענעם גאַסט געדולדעט, זאָגאַר פריינדליך בעהאנדעלט, אָבער בייא יעדער געלעגענהייט האט מען מיר גאַנץ דייטליך געלאָזט פיהלען, אַז איך בין נ אָ ר אַ ג א ס ט ניט מעהר. דאס האט מיך געלערנט, דאס דיא וואַהרע ציוויליזאַציאָן, וואס גאָטט אלליין האט אונז געלערנט דורך זיין הייליגען שפרוך: ואהבת לרעך כמוך (ליעב דיין מיטמענשען וויא דיך זעלבסט) עקסיסטירט ניט. היינטיגע ציוויליזאַציאָן איז נור גע-

גרינדעט אויף עגאָאיזמוס, יעדער קוקט נאָר אויף זיך אלליין און וויא איין איינ-צעלנער מענש קען האבען אייגענליעבע, אזוי קען אויך אַ גאַנצע פאָלק האבען איהר נאַציאָנאַלען עגאָאיזם״ —

— „איך וויים דאס זייער גוט, הערר ריטטענבערג !“ — האט איהם גאלדמאנן געענטפערט — „אין דעמזעלביגען זינן האב איך שוין פיעל מאָל צו מיין פאָלק געשפראָכען, אָבער קיינער וויללט מיך ניט פערשטיין. אונזער גרעסטע צרה איז, וואס אינזערע ברידער זיינען מיט בלינדהייט געשלאגען !“ —

— „דרום איז אונזער אויפגאַבע אונ-זער פאַלק דיא אויגען צו עפענען“ — האט זיך מאָריטץ ריטטענבערג אבגערו-פען — „מיר מוזען אונזערע ברידער אויפקלערן און בעווייזען, אז זייא זיינען פעראירט. אונזערע אידען האבען אַללע מאָל און אין אַללע צייטען געהאט א גרויסע נייגונג צו געטצענדיענסט; פאַר-צייטען זיינען אונזערע געטצען געוועזען פון האָלץ, שטיין, אייזען און גאָלד, היינט איז דיא אַססימילאַציאָן אונזער גאָטטהייט. אָבער וויא וויינינג דיא אס-סימילאַציאן קען אונז העלפען, וויא ווי-ניג מיר קענען אויף דער ציוויליזאַציאָן פון דיא פעלקער בויען, בעווייזט אונז דיא נייע מהעאָריע, וואס האט זיך אויסגעבוים איהרע נעסטער צווישען אללע קלאססען פון דער געבילדעטער און געלעהרטער וועלט. דארפען מיר בויען אויף בילדונג, אויף ציוויליזאַציאָן און מענשענליעבע, ווען אַזעלכע פיין געבילדעטע, געלעהרטע און העכסט ציוויליזירטע מענשען, וויא דיא וועלט בעריהמטע פראָפעסאָרען ד י ר י נ ג און ר ע נ אַ ן , וואס לייכטען וויא צווייא גרויסע שטערן אין אונזער גע-בילדעטער וועלט, קיינען אנגעשטעקט ווערן פון דעם אנטיסעמיטיזמוס ? ד י-ר י נ ג זאָגט אין זיין ווערק איבער דיא אידען : „דיא קליינע אידעשע פאָלק, וואס האט זיך אין אַלטערטהום אויסגע-צייכענט מיט איהר רויבערישען גייסט און מיט איהר עגאָאיזמוס, האט זיך וויא פאַראַזיטען איינגעגעסען אין דעם לייב פון דיא איבעריגע פעלקער פון יעמאָלט אָן, זייט זיא האט פערלאָרען איהר פאָ-ליטישע זעלבסטשטענדיגקייט און האט איהר גייסט פערברייטעט איבער דער גאַנצער ערדע. ביסלעכווייז האבען דיא אידען צווישען אללע פעלקער גענומען שפיעלען דיא גרעסטע ראללע אין מסחור. חוץ דעם זיינען זייא געוואָרען דיא בעלי בתים איבער דיא פרעססע און זאגען דיא גרעסטע דעה אין אַללע פראגען פון דער וועלט, ווייל זייא זיינען דיא רעדאַקטאָרען און דיא קאררעספאנדענ-טען פון דיא גרעסטע צייטונגען ; אויף דעם בעקלאגט מען זיך אין דייטשלאנד, עסטרייך, פראנקרייך און אין גאַנץ אייראָפאַ. דורך דעם, וואס דיא אידען האבען דיא מעדעצין איינגענומען אין

זייערע הענד, איז דיא מעדיצין געוואָ-
רען אַ מין האַנדעל, אָבער קיין וויסענ-
שאפט און זייא עקספּלאָאַטירען מיט דער
מעדיצינישע קונסט, אזוי וויא מיט דעם
האנדעל" א. ז. וו.

רענאַן זאָגט: „דיא פיינדשאפט פון דיא
אַלטע פעלקער צו דיא אידען איז געווען א
אללגעמיינע. אויב דיא אַלטע פעלקער
האבען אויך צו קריסטען געהאַט אַ שנאה
און זייא האבען זייא רודף געוועזען, איז
דאס געוועזען פון גאַנץ אנדערע אור-
זאכען. דיא אידען אומעטום פערלאנ-
גען, מען זאלל זייא געבען גלייכע רעכ-
טע, און אין גרונד מאַטערן זייא זיך
זייערע אייגענע געזעטצע צו בע-
האלטען; זייא פערלאנגען פון דיא
פעלקער פּריווילעגיומס און פאָררעכטע
און וויללען קיין אנטהייל נעהמען אין
דעם געבייא פון דער מענשליכער גע-
זעללשאפט, וואס נאר דורך דעם קען
איין פאָלק פערדיענען גלייכע רעכטע.
איין אויסלענדער קען מען נאָר
דאן ליידען אין אַ פרעמדע לאנד,
ווען דער אויסלענדער מאכט זיך ניט
לעסטיג אין לאנד. עס איז דאך ווירק-
ליך אַ העזה צו פערלאנגען אַ חלק
אין דאס הויז, וועלכעס מע האט ניט
געהאָלפען בויען..." אָט דאס זיינען דיא
מיינונגען פון היינטיגע געלעהרטע, וואס
שטייהען אויף דער העכסטער שטופּע
פון ציוויליזאציאָן. דיזע מיינונג האט
מען פון אונז אין דיא אקאַדעמיעס,
אין דיא פּאַרלאַמענטען, מיט דיזער
מיינונג טראָגען זיך אַרום מיניסטאָרען,
דיפּלאָמאטען און הערשענדע פירשטען,
היינט וואס קענען מיר שוין האפּפען פון
אַזאַ אַרט ציוויליזאַציאָן, וואס איז גע-
בוט אויף דעם ניעדריגסטען עגאָאיזמוס?
וואס קען דיא אססימילאציאן העלפען,
ווען דיא פעלקער בעטראכטען דיזע
נייגונג פון אונזער זייט אלס איינע
שווערע זינדע, ווען זייא בעטראכטען
דעם גאַנצען עלעמענט אלס איינע גע-
פעהרליכע קראנקהייט, פון וועלכע זיזא
זוכען לויז צו ווערן? ניין, מיין פריינד,
גענוג אונז צו גלויבען אין חלומות!
מעהר וויא אַכטצעהן דורות האבען מיר
געהאפּפט אויף דיא געטטליכע זונן,
וואס וועט דיא גאנצע וועלט בעלייכ-
טען. דיא זונן איז אויפגעגאַנגען, אָבער
נים פאר אונז. וואס מעהר שטראהלען
זיא פערברייטעט ארום זיך, וואַרפט
זיא אַלס מעהר שאטטען ארום אונז,
דען דאס איז דאך איין אייביגעס נאַ-
טורגעזעטץ, דאס וואו עס איז מעהר
ליכט, געפינט זיך מעהר שאַטטען. מיר
טאָרען נים זוכען אונזער ישועה בייא
פרעמדע, מיר מוזען איהר זוכען בייא
אונז זעלבסט. נאָר פון אונז אלליין קען
קומען אונזער רעטטונג, מיר מוזען
טרויען אונזער אייגענע קראפט, אונזער
אייגענע ווירקען און שאפפען!" —

— „אָבער וואס קענען מיר טאָן,

אונזער פערשלאָפענע פאָלק פון איהר האַרטען שלאָף אויף צו וועקען?״ — האט איהם גאָלדמאַנן געפרעגט — „איך בין בערייט צו טאָן אַללעס, וואס איהר וועט פון מיר פערלאַנגען. מיין גאַנצע קראַפט און מיין גאַנצען לעבען בין איך בערייט פאר מיין אונגליקליכע פאָלק אוועק צו געבען!״ —

— „מיר דאַרפען פיר אונזער הייליגע אידעע פראָפּאַגאַנדירען!״ — האט איהם מאָריטץ ריטטענבערג געענטפערט — „מיר מוזען זוכען אַזעלכע מענשען, וואס דיינקען און פיהלען גלייך מיט אונז און זיך מיט זייא פעראייניגען. איך גלויב, אז אין יעדער שטאָדט און שטעדטיל, וועלען מיר געפינען איניגע, וואס דיינקען וויא מיר און וואס וועלען מיט פריידע צו אונז צושטיין. מיר מוזען אונז אַללע אין איין קערפער פעראייניגען, וויא אונזערע ברידער, דיא אַסימילאַטאָרען און דאַן איז אונזער ערשטע אויפגאַבע, אונזער הייליגען רעיון אונטער אונזער יוגענד צו פערפלאַנצען. דיא מיטטלען דער צו זיינען: ביכער, בראָשיורען און צייטשריפטען, וואס מיר וועלען ארויסגעבען אין אונזער גייסט און נאך אונזער פרינציפּ. און כדי דאס פאָלק זאלל זייא לעזען, וועלען מיר פאַר אונזערע צייטונגען און ביכער קיין געלד נים נעהמען. איך וועל אייך געלד געבען וויעפיעל איהר וועט בעדאַרפען און איהר זאָללט זעהן, אז אין קורצען זאָללען אונזערע בעסטע שרייבער און שריפטשטעללער זיך נעהמען צו דער ארבייט, קיין געלד זאָללט איהר ניט שוינען, איך בין גענוג רייך. דיא הויפטזאַכע איז, אז מיר זאללען אונזער מוטה' ניט פערלירען און ארבייטען אויף אונזער בנין מיט געדולד און אויסדויער, ביז מיר וועלען עררייכען אונזער ציעל. קיין אידעע אין דער וועלט האט איהר ציעל אין איין טאָג עררייכט, מאַנכע האבען גאַנצע יאהרהונדערטען אין דער שטילל געארבייט און געווירקט ביז זייא זיינען געקומען צום רעזולטאַט״ —

— „אָ, מיין האָכפערעהערטער העררריטטענבערג!״ — האט זיך גאָלדמאַנן מיט בעגייסטערונג אָבגערופען און האט איהם זייער וואַרעם זיין האנד געדריקט — „וואס פאַר א ריינע, אידעשע הערץ איהר האט! וויא ריכטיג איהר האט מיינע געדאנקען געטראָפען! דאס איז מיין אלטער פּלאַן, מיט וועלכען איך טראָג מיך שוין לאנג אַרום און ליידער האב איך איהם ניט געקענט אויספיהרען, ווייל מיר האבען דיא מיטטלען דער צו געפעהלט. איך בין זיכער אז מיר וועלען אויספיהרען! איך זעה שוין אונזער גאָלדענע צוקונפט. אָ, וויא גאַנץ אנדערם האב איך אייך געדעכענט נאך דיא רייד פון מיין מוטטער!...״ —

ער האט זיך זעלבסט איבערגעשלאגען, ווארום ער האט איינגעזעהן, דאס ער האט אין זיין בעגייסטערונג צו פי

ארוים גערעדט. ער האט דעם געשפּרעך געוואָללט געבען איין אַנדערווענדונג, אבער עס איז שוין צו שפּעט געוועזען. דער אַלטער מאָריטץ ריטטענבערג האט מיט פערוואונדערונג אויף איהם אַ קוק געטאָן און האט איהם געפּרעגט:

— „אייער מוטטער האט מיט אייך איבער מיר גערעדט? ווער איז אייער מוטטער? וואס האט זיא אייך וועגען מיר געזאגט? פון וואַנען קען מיך אייער מוטטער?“ —

— „מיין מוטטער האט געגוג אור-זאכע וועגען אייך קיין גוטע מיינונג צו האבען, הערר ריטטענבערג!“ — האט איהם גאָלדמאַנן גאַנץ געלאסען געענט-פערט — „איהר האט איהר אַמאָל זייער אינאָרענטליך בעהאַנדעלט. איהר האט איהר מיט איהר פאמיליע העכסט אונ-גליקליך געמאכט...“ —

— „איך האב אייער מוטטער העכסט אונגליקליך געמאכט?“ — האט איהם מאָריטץ ריטטענבערג האסטיג געפרעגט און אין זיין געזיכט האבען זיך אַללע פאַרבען פון שרעק אויסגעמאָלט — „ווער איז אייער מוטטער? וויא הייסט זיא?“ —

— „שרה — דיא טאָכטער פון אייער לייבליבע מוהמע לאה!“ — האט איהם דער שטודענט געענטפערט און האט זיין פעסטען בליק פון מאָריטצעס גע-זיכט נים אַראָבגענומען, אום דיא ווירקונג פון זיין מיטטהיילונג צו זעהן —

— „שרה? מיין מוהמעס טאָכ-טער?“ — האט מאָריטץ ריטטענבערג אויסגעשריען מיט איין הייזעריגער שטים-מע און זיין בלייכעס געזיכט איז נאך בלייכער געווארען — און איהר — און דוא ביזט איהר קליינער זוהן יצחק? איסטאַק? אָ, וואונדער גאָטטעס! איז עס דען מעגליך, אז מיינע לעטצטע טעג זאללען בעלוכטען ווערען מיט דעם וואַרעמען און בעלעבענדען שיין פון איינע גליקליכע זאָננע! איז עס דען מעגליך, אז איך זאלל נאך קענען פער-ריכטען דעם גרויסען פעהלער, וועלכען איך האב בעגאַנגען אָן מיין איינענע בלוט און פלייש, יעטצט ווען איך שטייא שוין ביים אָפענעם קבר? אָ, מיין ליעב קינד! זאָג מיר, וואו איז דיין גוטע מוטטער, פיהר מיך צו איהר, אויף דיא קניע וועל איך איהר בעטען, זיא זאלל מיר פערצייהען אַללע יסורים און אללע ליידען, וואס איך האב איהר אָנגעמאַכט, פיהר מיך צו איהר און איך וועל איהר איהרע טהרערן אָבווישען!...“ —

— „מיין מוטטער וואוינט היער אין ק... פון יענער צייט אָן זיינט מיר הא-בען אונזער פערמעגען פערלאָרען“ — האט איהם גאָלדמאַנן געענטפערט — „מיינע עלטערן האבען זיך היער געמווט בעזעטצען און זוכען זייער לעבענסמיט-טעל. אין אַ האַלב יאָהר אַרום איז מיין פאטער אין היעזיגען טייך ערטרונקען געוואָרען און מיר זיינען געבליבען אין

דער גרעסטער נויטה. יעטצט לעבען מיר ביידע פון מיינע פערדיענסטען. איך גיב פריוואַט אונטעררכט און ארבייט מיט מיין פעדער פאר איינעגע רעדאַקצ־יאָנען" —

— „לאָמיר קיין אויגענבליק ניט פערלירען, מיין ליעב קינד!" — האט זיך מאַריטץ ריטטענבערג אָבגערופען און איז פון זיין שטוהל האסטיג אויפ־געשטאנען — „איך מוז צוריק גוט מאַ־כען, וואס איך האב אמאָל פערדאָרבען. איך מוז מיך איילען, דען דיא צייט קען מיר קורץ ווערן... איך פיהל, וויא דיא קאַלטע האַנד פון דעם טויט לייגט זיך שוין אויף מיין הערץ... אָ, גאָטט איז מיין עדות, אַז איך האב אַללע מיטטלען אַנגעווענדעט אויפצוזוכען יענע אונגליקליכע שרה, אבער אללע מיינע נאכפארשונגען זיינען אומזיסט געוועזען! זייא אַזוי גוט, מיין קינד, קלינג אָן און הייס מיין קאַמער דיענער ער זאלל הייסען מיין קערעדש איינשפאננען; מיר מוזען גלייך צו דיין מוטטער פאָה־רען!" —

— „בערוהיגט אייך, מיין בעסטער פריינד!" — האט איהם גאָלדמאַנן גע־ענטפערט — „עס איז ניטא וואס זיך צו איילען. איהר זייט אזוי אויפגערעגט און דאס קען אייך שאדען צו אייער גע־זונד. איהר זייט דאך אזוי שוואַך, איהר מוזט אייך אויסרוהען און נייע קרעפ־טען זאַממלען. איך וועל שוין מיט מיין מוטטער צו אייך קומען, נאָר בערוהיגט אייך!" —

— „אָ, מיינע קרעפטען זיינען שוין צו ענדע!" — האט זיך מאריטץ ריט־טענבערג אבגערופען און האט זיך צוריק אראָבגעלאזען אויף זיין שטוהל — „איך בעט דיר, מיין קינד, ברייננ מיר דיין מוטטער. זאָג איהר, אז איך וויל אללעס ווייעדער גוט מאַכען. ווירק אוים בייא איהר, זיא זאלל מיר פערצייהען מיין גרויסען פערברעכען. איהר פער־צייהונג וועט מיר מיין שטערבעשטונדע פיעל גרינגער מאכען!" —

— „מיין מוטטער איז אַ גוטע פרוי, מיט איין גוטעם הערץ" — האט איהם גאלדמאַנן געענטפערט — „זיא וועט אייך געווים פערצייהען, נאָר בערוהיגט אייך, יעדע אויפרעגונג שאדעט אייך געווים!" —

— „שטילל און איינגעבויגען, וויא איין געבראָכענער בוים, איז מאָריטץ ריטטענבערג אויף זיין שטוהל געזעססען און הייסע טהרערן זיינען איבער זיינע באקען געלאָפען. איינינע מינוט איז ער געזעסען אונבעוועגליך, דאן האט ער גאלדמאַנען געפ־עגט:

— "ווייס דיין מוטטער אז דיא מאַ־דאַם לעווענבערג וואוינט אויך דאָ? איז זיא מיט איהר בעקאַננט?" —

— "דאס האב איך איהר ערשט מיט אַפּאָר טעג צוריק ענטדעקט" — האט איהם גאלדמאַנן געענטפערהם —

— „און דו קענסט איהר, דיא מאַ-
דאַם לעווענבערג?“ — האט איהם מאָ-
ריטץ ריטטענבערג מיט פערוואונדערונג
געפרעגט —

— „איך האב איהר מאָכטער איי-
ניגע מאָנאַט אונטערריכט געגעבען“ —
האט איהם גאָלדמאַנן געענטפערט און
איינע העללע פלאַממע האט פלוצלונג
זיין געזיכט אָנגעצונדען — „ערשט געס-
טערן האב איך אויפגעהערט איהר לעקצ-
יאָנען צו געבען...“ —

„דוא האסט טהערעזען אונטעררי-
כטעט?“ — האט איהם מאָריטץ ריטטענ-
בערג נאך מעהר פערוואונדערט געפרעגט
— „און פאר וואס האסט דוא איהר
אויפגעהערט לעקציאָנען צו געבען?“ —

— „ווייל... ווייל איהר מוטטער...
האט מיר פערבאָטען, איהר הויז צו בע-
זוכען“ — האט גאָלדמאַנן שטאַממלענ-
דיג געענטפערט און האט זיינע אויגען
אַראָפּגעלאָזען —

מאָריטץ ריטטענבערג האט זיין רויט
ווערן און זיין פערלעגענהייט בעמערקט.
אונענדליכע פריידע האט אין זיינע אוי-
גען אויפגעלוכטן און איין קוים בע-
מערקבאַרער שמייכעלע האט זיך אויף
זיינע ליפפען געשפיעלט.

— „אַה, איך פערשטייא שוין, מיין
קינד!“ — האט ער זיך אָבגערופען און
דאם גאָלדמאַנען אנגענומען ביים ארעם
— „דיא קלוגע מאַדאַם לעווענבערג
האט געוויס בעמערקט, אז דער אָרע-
מער שטודענט קוקט צו פיעל אויף
איהר רייכער טאָכטער און דאס
שמעקט איהר ניט זייער גוט!“ —

— „דורכאויס ניט, מיין הערר!“
— האט איהם גאָלדמאַנן האסטיג גע-
ענטפערט און איז נאך רויטער געוואָרען
— „דיא מאַדאַם לעווענבערג קען מיר
דאס ניט חושד זיין. איך האב קיינמאל
געהאט אַזעלכע נאַררישע געדאנקען.
איך ווייס גאַנץ גוט מיין לאגע און דיא
לאגע פון פריילייין טהערעזא לעווענבערג.
איך, צום ווייניגסטען, האב דער מאַ-
דאַם לעווענבערג קיין אורזאכע געגעבען
מיך אזוי גראָב צו בעהאנדלען!“ —

— „אָ, איך פערשטייא שוין, איך
פערשטייא שוין, וואס דא טהוט זיך“
האט זיך מאָריטץ ריטטענבערג אָבגערו-
פען — „מיר איז שוין אללעס קלאָר.
אָבער נאָר געדולד, מיין ליעב קינד,
דיא זאַך וועט זיך שוין ערקלערן. לאָז
מיך נאָר האנדלען, איך וועל שוין ווים-
סען וואס צו טאן. אָ, איך זעה שוין,
אז דא ווירקט גאטטעס האַנד! ער ווילל
אַז אַללע טהיילען זאללען בעפריעדיגט
ווערען...“ —

גאָלדמאַנן האט אויף איהם מיט
בעפרעמדונג געקוקט.

— „איך פערשטייא ווירקליך ניט,
וואס איהר מיינט דערמיט, הערר ריט-
טענבערג!“ — האט ער צו איהם גע-
זאגט —

— „דיא זאך איז גאַנץ איינפאַך!“

— האט איהם מאריטץ ריטטענבערג גע-
ענטפערט — „דוא, מיין ליעב קינד,
דוא ליעבסט דיא שיינע טהערעזא און
דאס איז גאר קיין וואונדער ניט, ווארום
זיא איז דאך אַ וואהרער ענגעל, און
איהר שטאָלצע מוטטער וויללֿ דערפון ניט
וויססען...“ —

— „אבער, אום גאטטעס וויללען!
פון וואס שליעססט איהר דאס?“ —
האט זיך גאלדמאן אבגערופען און זיינע
באקען האבען געגליהט וויא צווייא אויפ-
געבליהטע ראָזען —

— „אָ, מיין קינד! מיר אַלטע
זיינען זעהר פראַקטיש אין אַזעלכע ענינים“
— האט איהם דער אלטער געענטפערט
— „גלויב מיר, אז אין ליבעסזאכען בין
איך זייער געניט. איך געפין דאס גאנץ
אין דער אָרדנונג, אז אזעלכע צווייא
כאראַקטערן וויא דוא, מיין קינד און
טהערעזא, זאללען זיך ליעבען. איהר
זייט וויא געבארען איינער פאר דעם אנ-
דערן. אָבער דיא מאַדאַם לעווענבערג
בעטראַכט דיא זאך מיט גאנץ אנדערע
אויגען און דאס איז וויעדער גאנץ אין
דער ארדנונג. זיא איז אַנדערש געזאנ-
גען און דער צו אַ מיללִיאָנערין. אבער
פערליר ניט דיין האפפנונג, איך וועל
דיא זאך נעהמען אין מיין האַנד. איך
בעזיטץ דיא מיטטלען, דיא מאַדאַם
לעווענבערג צו צווינגען! — יעטצט גייא
מיין קינד און ברייננ מיר מאָרגען דיין
מוטטער, אבער מיט איהר פערצייהונג
צוזאמען. איך מוז יעטצט אלליין בליי-
בען און אויסרוהען. מיין הערץ קען
מיט איינמאל אזוי פיעל גליק ניט פער-
טראגען!...“

האַלב צומישט איז גאלדמאנן אוועק-
געגאנגען פון דעם אַלטען מאריטץ ריט-
טענבערג. ערשט יעטצט האט ער אין
זיין ברוסט געפיהלט דיא ליעבע צו טהע-
רעזאַ לעווענבערג, וואס האט ביז יעצט
אין זיין הערצען געשלומערט, דיעזעס
געפיהל האט איהם מיט טיעפען שמערץ
ערפיללט. ווייל ער האט געזעהן וויא
טיעף, וויא שרעקליך דער אבגרונד
איז, וואס שיידעט איהם פון איהר און
וויא ווייניג האפפנונג ער האט אויף
אַזא גליק. אין מאריטץ ריטטענבערגס
רייד האט ער ניט געגלויבט, ווייל ער
האט ניט געוואוסט מיט וועלכע מיטלען
וועט ער קענען טהערעזעס מוטטער
צווינגען, זיא זאלל צו זייער פערבינ-
דונג איינווילליגען, דאך האט ער בע-
שלאססען, טהערעזען אויפצוזוכען און
איהר זיינע ליעבע ערקלערן.

יז.

נאך גאָלדמאנס אַוועק גיין איז דער
אלטער מאָריטץ ריטטענבערג עטליכע
מינוט ארומגעגאַנגען אין זיין קאַבינעט
אַהין און אַהער פערטיעפט אין שווערע
געדאַנקען. אויף זיינע בלייכע באקען
האט זיך געוויזען אַ מאַטע רויטקייט
און זיינע אויגען האבען בעקומען איי
גאנץ אנדערן גלאַנץ. דיא שווערע טרויער

וואלקען זיינען פון זיין געזיכט פער-
שוואונדען געוואָרען און אויף זיינע בליי-
כע ליפפען האט געשוועבט אַ גליקליכער
שמייכעל.

— „דאס איז דער רוהיגער ברעג, צו וועלכעם מיין שיף שווימט צו נאך דעם לאנגען שטורם !" — האט ער צו זיך אלליין געזאגט — „יאָהרענלאנג האט מיין שוואכעס שיף מלחמה געהאלטען מיט דיא שרעקליכע וועללען אין מיט-טען ים, יעדען אויגענבליק האב איך געמיינט, אז זיא גייהט אונטער איידער איך וועל צו קומען צום ברעג, דער ווילדער שטורם האט מיך אומגעוואָרפען אַהין און אהער, נון איז דער שטורם שטילל געוואָרען און מיין האַלבצובראָ-כענע שיף קומט צום פריעדליכען האַ-פען. וויא זיסס איז דאס געפיהל גליק-ליך צו זיין אין דער לעטצטער מינוט פון לעבען ! אָבער נאך זיססער איז דער געדאַנקען, דאס אַנדערע זיינען דורך אונז גליקליך געוואָרען. וויא הימליש איז דער געדאַנקען, צוויא ליעבענדע הערצער צו פעראייניגען ! גאלדמאנן און טהערעזע ! ביידע פערבונדען מיט דעם הייליגען באַנד פון ליעבע, און דורך וועמען ? דורך מיר ! איז דאס ניט דיא שענסטע טהאט פון מיין גאַנ-צען לעבען ? איז דאס ניט דער גרעס-טער טרייסט פאר דעם שווערען זינדער אין זיין לעטצטען אויגענבליק ! קען זיך איין אונגליקליכער פאטער בעססער ווינשען ? א, איך וועל אללע מיינע קרעפטען אַנווענדען, דיא זאך דורכצו-פיהרען ! מיט דעם וועלען ביידע פאר-מייען ערפרייט און בעלאהנט ווערען : דיא אונגליקליכע שרה, פאר דיא צרות וואס איך האב איהר געטאָן און מיין איינציגע טאָכטער טהערעזא וואס וועט בעקומען דעם בעסטען, דעם עדעלס-טען מענשען פאר אַ מאַנן. איך ווייס אז דיא זאך וועט אפילו שווער צו גיין, איך וועל דאָ מוזען מיט מאַטלען אַ שווערען קאמפף דורכקעמפפען, אָבער, איך בעזיטץ דיא מיטטלען איהר צו צווינגען. איז דיא זאך אָבגעטאָן, קען איך רוהיג שטארבען מיט דעם זיססען געפיהל, אז איך האב ניט אומזיסט גע-לעבט אויף דער וועלט און דאס מיין לעטצטע טהאַט איז געוועזען אַ גוטע !..."

אין דיעזעם אויגענבליק האט דיא שנורגלאָקע אין קאָררידאָר ווידער אָנ-געפאַנגען האַסטיג צו קלינגען ; מאָריטץ ריטטענבערג האט דערהערט האסטיגע טריטט אין פאדערצימממער, דיא טהיר פון זיין קאבינעט האט זיך האסטיג גע-עפענט און גלייך וויא אַ באָמבע איז נאדיעזשדא גריגאריעוונא אריינגעפלאצט צו איהם אין צימממער און מיט אויסגע-ברייטעטע אָרעמס איז זיא צו איהם צו-געפלויגען, האט איהם מיט גרויס פייער אומארמט און האט איהם ארויפגעדריקט א ז׳יסען קוסס אויף זיינע בלייכע ליפפען.

דיא ווירקונג פון דעם קוסס איז גע-

וועזען איינע וואונדערליכע אויף דעם אַלטען, האַלב אָבגעשטאָרבענעם ליעבהאבער. נאך האט אין זיין אַלטען, פערדאַררטע ברוסט געברענט אַ קליינער פונק פון זיינע פריהערדיגע ליידענשאַפטען און דיא בעריהרונג פון נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונאַס ליפּפּען האט דיעזען פונקען אין איין גאנצען בראַנד אומגעוואנדעלט. זיין געזיכט האט זיך מיט איינמאל בעלעבט, זיינע אויגען האבען פלוצלונג בעקומען איין יוגענדליכען גלאַנץ, וויא דורך צויבער זיינען מיט איינמאל פערשוואונדען געוואָרען יענע גרויסאַרטיגע פלאַנען און יענע ערהאבענע אידעען, וואס האבען איהם ערשט ניט לאנג אזוי לעבהאפט בעשעפטיגט. ער האט געציטטערט וויא אַ בלאַטט מיט אללע זיינע גליעדער אַלס ער האט נאַדיעזשדא גריגאָריעוונעס שיינע געשטאַלט געהאלטען פעסט צוגעדריקט צו זיך.

— „מאָריטץ! מיין טהייערער מאָריטץ! וואס מאַכסט דוא? וויא גייהט עס דיר?“ — האט זיא זיך אָבגערופען און איהרע ווייכע שטיממע האט געקלונגען וויא ריינער זילבער — „אָ, דיא פאָר טעג וואס איך בין קראנק געוועזען, האבען מיר אויסגעדאכט וויא איינע עוויגקייט! האסט דוא געבּיינקט נאך מיר?“ —

— „וואס פאר אַ פראגע, מיין גוטע, ליעבע מאַטלע! צו האב איך געבּיינקט נאך דיר? ניין, איך האַב ניט געבּיינקט, דען אין דיא טעג, אין וועלכע איך זעה דיך ניט, שטארבען אין מיר אָב אללע מענשליכע געפיהלען. מיין בלוט ווערט פערגליווערט, מיין הערץ בלייבט שטיין שטילל און אונבעוועגליך. וויא יענע מאַשינע, וועלכע עס פעהלט דער דאמפף; דאן ווייס איך ניט פון ליעבע, פון האסס, פון פרייד און פון טרויער. דאן בין איך אַ שטיק קאַלטער מאַרמאָר אָהן גייסט און אָהן לעבען. נאר דוא, מיין איינציגע, דוא בלאזט אין מיר אַריין דעם לעבענסגייסט, ווען איך קוק אין דיינע שיינע אויגען לעבט מיין גאנצער קערפּער אויף. אָבער, זאָג מיר, וואס מאכט אונזער טהערעזא? פאר וואס איז זיא מיט דיר צו מיר ניט געקומען?“ —

אַ וואָלקען פון טיעפען פעראַכטונג און פיינדשאפט איז איבער איהר שטראהלענדעס געזיכט איבערגעפלויגען. זיא האט מיט איהר האנד געמאכט אַ קליינע בעוועגונג פון לאנגווייליע. וויא עס האט אויסגעזעהן, איז איהר דיא ליעבע פון דעם געבּרעכליכען אַלטען שוין פון האַלז געקראָכען; אָבער זיא האט זיך בעהערשט און מיט אַ צוקערזיססען שמייכעלע אויף איהרע רויטע און זאַפטיגע ליפּפּען, האט זיא צו איהם געזאָגט:

— „אָבער מיר שיינט, מיין ליעבער מאָריטץ, אז דיר גייהט גוט; דוא זעהסט פיעל בעססער אויס!“ —

— „איך ווייס, מיין ליעב קינד, איך זעה אוים פרעכטיג!“ — האט איהר מאָריטץ ריטטענבערג געענטפערט און איין אויסדרוק פון שפּאָטט און פון ביטטערן הומאָר האט זיך אויף זיינע ליפּפען געוויעזען, ווארום נאַדיעזשדא גריגאָריעוונעס שמייכלונג איז איהם דורכאוים ניט געפעללען געוואָרען -- „דיא זונן פאַר איהר אונטערגאַנג זעהט אוים טויזענד מאָל שענער, טויזענד מאָל רייצענדער אַלס דעם גאַנצען טאָג... אָבער, וואס קוקסט דוא מיך אָן מיט אזעלכע פערוואונדערטע אויגען, מיין ליעבע מאַטלע? גלויב מיר, איך האב מיך קיינמאל אין מיין גאַנצען לעבען ניט געפיהלט אזוי מונטער, אזוי פריש וויא יעטצט, אַלס דער לעטצטער אַקט פון מיין לעבענסקאָמעדיאַ פאנגט זיך אָן. אַך, וויא זיסס, וויא בעצויבערנד דער אָרקעסטער שפּיעלט! אָט לעשען זיך שוין אוים דיא לאָמפּען איינע נאָך דיא אַנדערע... אָט פערשווינדען דיא אַקטיאָרען און דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַרונטער!...“ —

— „מאָריטץ, דוא שרעקסט מיך, הער אויף, אום גאָטטעס וויללען!“ — האט נאַדיעזשדא גריגאָריעוונא אויסגערופען און האט איהם האסטיג פאַר זיינע ביידע הענד אָנגענומען — וואס איז דאס פאַר רייד? וואס פאַר פינסטערע געדאַנקען טראָגסט דוא אין דיין הערצען? ניין, טויזענד מאָל ניין! דוא ביזט נאָך שטאַרק, דוא ווערסט נאָך לאַנגע, זייער לאַנגע לעבען!“ —

— „אָ, מיין ליעב קינד, אומזיסט איז דיין טרייסט!“ — האט ער איהר געענטפערט. ער האט זיינע הענד לאַנגזאם פון איהרע בעפרייט, איז אויפגעשטאַנען און האט אַנגעפאַנגען ארום צו גיין אין צימער הין און צוריק — „איך בין שוין אין מיין רעכענונג פיעל קלערער אַלס אַנדערע. איך שפּיר שוין גאַנץ גוט, וויא דיא קאַלטע האַנד פון דעם טויט לייגט זיך אויף מיין הערצען. מיינע טעג זיינען געציילטע און איך שטייה שוין אויף דעם בריקעל, וואס ליעגט צווישען דיעזע און יענע וועלט. נאָר איינס דריקט מיך נאָך און רויבט פון מיר דיא לעטצטע רוה: מיר ווילט זיך שטאַרבען מיט אַביסעל אָרדנונג. איך בעזיטץ, וויא דוא ווייסט, אַ גרויסען קאַפּיטאַל און איך מוז איהם נאָך פאַר מיין טויט אין רעכטע הענד איבערגעבען....“ —

ער האט ניט בעמערקט דעם אונהיימליכען פייער, וואס האט אין איהרע אויגען אויפגעבליטצט, אַלס ער האט וועגען זיין פערמעגען גערעדט. גאַנץ רוהיג, אזוי וויא זיין פערמעגען וואללט איהר גאָר ניט אינטערעססירען, האט זיא צו איהם געזאגט:

— „אָ, דוא האסט נאָך צייט דערצו! דוא האסט נאָך צייט מיט אַ רו-

היגען קאָפּ און מיט א רוהיגען זינן דיא זאך איינצואָרדנען. זעה, איך בעט דיך, מאַטער מיך ניט מיט אַזעלכע פינסטע-רע געדאנקען; פארשטער מיר ניט דיא זיססע שטונדען, וואס איך פערברייננג דאָ מיט דיר צוזאממען. שלאָג דיר ארויס דעם טויט פון זינען. קום אהער, זעטץ דיך אַנידער און לאָמיר פון עטוואס אַנ-דערם ריידען !"

— „ניין !" — האט ער איהר געענט-פערט אין צימער הערומגייהענדיג — „מיר בלייבט נאך זייער אַ קורצע צייט און איך מוז איהר בענוטצען. מיין גאַנ-צער לעבען איז געוועזען א גרויסער פעהלער, אַ לאַנגע קייט, פון פערשיע-דענע עבירות און פערברעכען. נון, וויל איך מיינע לעטצטע אויגענבליקען אַנ-ווענדען, אום דאס גוט צו מאכען, וואס קען גוט ווערען. איך וויל מיין איינ-ציגעם קינד, אונזער טאָכטער טהערעזאַ פעריזאָרגען, זיא זאלל קענען גליקליך לעבען און דוא, מיין ליעבע מאַטלע, דוא מוזט מיר דער צו העלפען !" —

וויא דורך וואונדער האבען זיך נאַדיעזשדא גריגאריעוונאַס אויגען פלוצ-לונג מיט טהרערן געפיללט. זיא האט מיט איהר זיידענע טאַשענטוך איהר גע-זיכט פערדעקט און האט אָנגעהויבען צו וויינען און חליפען אויפען קול. קיין אקטריססע אין דער וועלט, וואללט פאר איהר בעססער ניט שפיעלען איהר ראָללע.

— „אָ, גאטט מיין גאטט !" — האט זיא געחליפעט און גערָאַממערט — „איז דאס טאקי אמת ? מוז איך דען טאקי מיין איינציגען פריינד, מיין איינציגען געליעבטען פערליערען ?......" —

— „הער אויף צו וויינען, מיין טהייע-רע, מיין ליעבע מאַטלע !" — האט ער זיך אָבגערופען און האט זיך לעבען איהר אויף דער זאָפהאַ אנידערגעזעטצט — „מיט דיין וויינען מאכסט דוא מיר מיין הערץ נאך שווערער. אום מ־ך איז שוין ניטא וואס צו וויינען, איך קען שוין מיין שיקזאל ניט ענטגיין. איך האב מיר מיין אייגענעם לעבען פערגיפטעט, נון מ:ז איך אַראָב גיין פון דער ביהנע... אָבער איך מוז פאַרהער אונזער קינד פערזארגען. איך וויל איהר אין רעכטע הענד..." —

אַ שטארקער הוסט האט פלוצלינג זיין שטיממע דערשטיקט. ער איז געפאללען אויפן זאָפהא און האט מיט זיין טאַשענ-טוך זיין מויל פערדעקט, פון וועלכען עס האט זיך ווידער געוויזען אַ שטראָם בלוט.

— „בלוט !... בלוט !... מיין גאָטט !..." —

האט נאדיעזשדא גריגאריעוונא אויסגע-שריען און איז פון איהר זיטץ האַסטיג אויפגעשפרונגען — „בלוט !... ערבארעם דיך גאטט !... ער שטאַרבט !..." —

— „ניין, מיין ליעבע !" — האט ער איהר מיט אַ שוואכע און הייזעריגע שטיממע געענטפערט — „איך שטארב נאך ניט, דאס איז נאך ניט דער טויט,

דאס זיינען נאר זיינע קוואַרטיער־מיטער, עס וועט ניט לאנג דויערן און ער אַליין וועט שוין אויך קומען... דרום מוז איך מיך בע־אײלען אונזער קינד צו פערזאָרגען" —

— „און גראדע וועגען דעם בין איך היינט צו דיר געקומען, מאָריטץ!" — האט זיא זיך אָבגערופען און האט זיך ווידער אַנידער געזעטצט — „איך וואללט שוין אויך וועלען אונזער קינד פערזארגט און איהר אוועקגעבען אַין רעכטע הענד. גראדע יעטצט מאכט זיך פאר איהר אַ גליקליכער שדוך. איהר ליעבט דער בעריהמטער אינשזיגער זוויערא֗וו און ער האט מיר שוין געמאכט אַ פאָרשלאַג. צים אונגליק ווילל טהע־רעזא פון איהם ניט וויססען, דאַרום ווילל איך דיך בעטען, אז דוא זאללסט מיט איהר וועגען דעם ריידען און איהר קלאָר מאכען, וואס פאר אַ גליק דאס איז פאר איהר" —

— „מאַטלע!" — האט מאָריטץ ריט־טענבערג אויסגערופען — „איך קען דאס ווירקליך ניט גלויבען, אז דוא מיינסט אין ערנסט אונזער קינד פאר אַ קריס־טען אַוועק צו געבען. אייניגע מאָל האב איך עס פון דיר געהערט און האב אללע מאָל געמיינט, אז דוא מאַכסט שפּאַס. נון זעה איך, אז אללע מיינע רייד, וואס איך האב מיט דיר גערעדט וועגען דעם געגענשטאנד זיינען פערלאָרען. מעהר ווילל איך מיט דיר וועגען דעם ניט דיספוטירען, ערשטענס, ווייל איך האב שוין מעהר קיין קרעפטען ניט דער צו און צווייטענס, ווייל איך וויים, אז מיינע רייד וועלען אויף דיר גאר נישט ווירקען. נאר זאגען זאג איך דיר קורץ און בינדיג, אז אומזיסט איז דיין מיה, דוא וועסט דאס בייא מיר ניט אויספיה־רען, ניט מיט גוטען און ניט מיט בייזען. וויא לאנג איך האב נאך אין מיין קערפער אַ פונק פון לעבען, וועל איך ניט צוגעבען, אז מיין טאָכטער זאלל הייראטהען מיט אַ קריסטען!" —

נאַדיעזשדאַ גריגאָריעוונא האט זיך פון זאָפהאַ האסטיג אויפגעהויבען און האט איהם אייניגע סעקונדען מיט פינס־טערע בליקען אָנגעקוקט.

— „דוא וועסט מיר פון מיינע פרינ־ציפּען ניט אָבברינגען, מאָריטץ!" — האט זיא זיך אָבגערופען און אין איהר שטיממע האט זיך געהערט אַ צוריק־געהאַלטענער צאָרן — „איך בין שוין גאָטט צו דאנקען, אזוי וויים ציווילעזירט, דאס איך וועל ניט צושטימען, מיין טאָכ־טער זאלל הערײנפאללען אין דעם אידע־שען שמוטץ. דאס פאסט ניט פאר אונזער נאמען און פאר אונזער לאגע. מיר פראָגרעססיסטען מוזען זיך בע־פרייען פון דעם בלאָטיגען יודענטהום, אויב מיר ווילען, אז מען זאלל אונז רעכענען פאר מענשען!" —

— „און דוא מיינסט, אז ווען דער איד וועקסעלט זיין רעליגיאָן, ווערט ער

שוין פערררכענט פאר אַ מענשען ?״ — האט איהר מאָריטץ ריטטענבערג גע־פרעגט — „דוא האָסט אַ גרויסען טעות ! אַזעלכען פעראַכטעט מען נאָך מעהר. נאָר צו וואס זאלל איך מיר ווייטער אריין לאָזען אין לאַנגע געשפּרעכען וועגען דעם ? איך וויים, אז איך וועל דיר ניט איבערמאכען, דארום זאג איך דיר מיין לעטצטעם וואָרט : איך וועל ניט צולאַ־זען, אז מיין טאָכטער זאלל הייראטהען מיט אַ קריסטען. זיא וועט חתונה הא־בען מיט א אידען. אונטער אונזערע אי־דען געפינען זיך זייער אָרענטליכע און טיכטיגע לייט, וואס וועלען איהר גליק־ליך מאכען, און דאס מוז געשעהן וואס צום גיכסטען, ווארום איך פיהל, אז מיינע טעג זיינען צו ענדע״ —

— „ניין, מאָריטץ, דאס וועסט דוא בייא מיר ניט אויספיהרען !״ — האט זיא זיך אָבגערופען — „איך וועל טאָן וואס אי י ך וויל ! איך בין אַ מוטטער !״ —

— „און איך בין אַ פאָטער !״ האט ער איהר זייער געלאסען געענטפערט — „איך האב אויך אַ דעה, וואו עס האנ־דעלט זיך אום דיא צוקונפט פון מיין קינד״ —

— „אָבער אהן מיין צושטיממונג קענסט דוא גאר נישט מאכען״ — האט זיא זיך אָבגערופען — „דיא ערשטע דעה האב איך. טהערעזע וועט וועגען דעם בייא דיר גאר ניט פרעגען. זיא קען דיך גאָר ניט אַלס פּ אָ ט ע ר . זיא רעכענט דיך נאר פאַ־ איין אלטען בע־קאננטען פון אונזער פאמיליע״ —

— „זיא דארף בייא קיינעם קיין דעה ניט פרעגען״ — האט ער געענטפערט — „זיא האט איהר אייגענעם וויללען און איהרע אייגענע געפיהלען. זיא וועט טאָן דאס, וואס איהר פערנונפט וועט איהר דיקטירען !״ —

— „דאס איז אזוי דער שטייגער בייא א י י ך אידען״ — האט זיא גע־שריען און האט געבערענט פון צאָרן — „בייא דעם אידעשען פעבעל אַיז היינט געוואָרען אָ מאָדע, דאס דיא קינדער פרעגען ניט קיין דעה בייא זייערע על־טערן אין שדוכים, אַבער ב י י א א ו נ ז איז, גאטט צו דאנקען, ניט אזוי. בייא אונז טהוט אַ קינד אָהן דיא עלטערנס וויססען גאָר נישט. טהערעזאַ וויים וואס זיא איז שולדיג אונזער שטאנד און אונזער נאָמען און וועט מיר געוויס פאלגען. זיא איז גאַנץ געגוג געבילדעט און וויים גאנץ גוט וואס דיא צייט און דיא ציוויליזירטע וועלט פאָרדערט פון איהר !״ —

מאריטץ ריטטענבערג האט זיך שוין מעהר ניט געקענט איינהאלטען. זיין בלוט האט אין איהם געקאָכט און זיין קראנקע ברוסט איז שיער צושפּרונגען געוואָרען פון פערדרוסס. ער איז אויפ־געשטאַנען פון זאָפהאַ און האט צו איהר מיט איין דאָננערשטיממע געזאגט :

— „אָ, דוא פאלשע, דוא ניעדער־

טרעכטיגע פרויא! דוא האָסט אויך דיא פרעכהייט דעם יורענטהום צו בעליידי-גען! וויא קענסט דוא דיך דאס פער-געסען, ווער דוא ביסט און פון וואַנען דוא שטאממסט! האסט דוא פערגעסען יענע מאַטלע גורלאנד, ישראל דעם שענקערס טאָכטער פון ווילנא? האסט דוא פערגעסען אונזער ערשטע בעקאנט-שאפט און וואס דוא ביזט מיר געוועזען פאר דיין חתונה מיט הערצעל לעווענ-בערג? געדיינקסט דוא שוין מעהר ניט, וואס דוא ביזט מיר געוועזען נאָך דיין חתונה? ווער האט דיך גליקליך גע-מאכט? ווער האט דיר געגעבען גאַנצע הויפענס גאָלד? איך בין געוועזען אַ קאַרטיאָזשניק, איך האב מיך ארומגע-שלעפט אין דער גאַנצער וועלט און האב אָבגעטאָן אללע ניעדערטרעכטיגקייטען נאָר פון דיינעטוועגען. איך האב ביזאָ מיין מוהמעם טאָכטער איהר גאנצען פערמעגען אַוועקגערויבט און האב עס דיר אַוועק געגעבען. איך האב יענע אונגליקליכע אין דעם גרעסטען עלענד און נויטה געבראכט, נאָר פון דיינטווע-גען. פון דיינטוועגען בין איך געוואָרן אַ טיגער, אַ מערדער, אַ טייפעל. נון, זייא וויסען, אז גאטט האט זיך ער-בארמט, ער האט מיר געוויזען, וואו יענע שרה איז. איך האב איהר געפונען און איהר וועל איך מיין גאנצען פערמע-גען אָבזאָגען, איהר און איהר זוהן. געגוג גרויס זיינען זיינע חסדים, אז ער האט מיר איהר צוגעשיקט נאָך אין מיינע לעטצטע טעג, איך וואלל קענען אויס-גלייכען יענע שווערע זינד און דאס מאכט מיר דיא גרעסטע פריידען, דאס מאכט מיר מיין טויט פיעל גרינגער, ווארום דער איינציגער געדאנקען, דאס מיין פערמעגען וועט אריינפאללען אין דיינע הענד, איז מיר שוין שווערער געוועזען אלס דער טויט. מיין ניט, אז איך האב אין דיר און דיין ליעבע גע-גלויבט; איך האב אללע מאָל געוואוסט אז דיין קוק איז נאָר מיין געלד. ביז אַהער האב איך מיך געלאָזט נאַרען, ווייל איך האב קיין ברירה ניט געהאַט, אָבער יעטצט, אז גאטט האט מיר צו-געשיקט מיינע רעכטע יורשים, ווילל איך פון דיר ניט וויסען. עס איז דאך ווירקליך שרעקליך צו הערן אז מאַטלע דעם שיינקערס טאָכטער, וואס איז ער-צויגען און אויפגעוואכסען אין קיך, רעדט אויך פון ציוויליזאַציאָן און פראָ-גרעסס! זיא האט אויך וואס אויסצו-זעטצען אף אונז אידען און שעמט זיך מיט איהר אידעשער אבשטאממונג! ווילסטו דיך טויפען, זאָ קענסט דוא עס טאָהן, קיינער וועט דיר ניט פער-וועהרען, אָבער אויף מיין קינד האסט דוא גאר קיין דעה ניט. פאר מיין קינד האב איך שוין געזאָרגט. איך האב פאר איהר געפונען אַ גליקליכע פּארטייא. מיין שרה'ס זוהן, דער שטודענט וועל-כען דוא האסט אזוי גראָב פון דיין שטוב

פערט־יעבען, וועט מיין טאָכטערס מאַנן זיין. ער איז דער ריכטיגער, וואס וועט איהר גליקליך מאכען. אזוי וועט דאס זיין און קיינער קען מיר אין דעם ניט שטערן!" —

ער האט זייער האסטיג און אבגעבראכען געשפראכען, ווייל דער אָטהעם האט איהם פון אויפרעגונג און פון כעס געפעהלט. נאדיעזשדא גריגאָר־יעוונאַ האט איהם מיט גרויסע אויגען אָנגעקוקט און איהר געזיכט איז בלייך געוואָרן וויא קאַלך. דיא נאכריכט, דאס יענע שרה האט זיך געפונען און דאס גאלדמאנן איז איהר זוהן, האט איהר פלוצלונג וויא אַ דונער איינגעשלאגען. זיא האט שוין גוט פערשטאַנען, אז דעם אלטענס פערמעגען, אויף וועלכען זיא האט אַזאַ לאַנגע צייט געוואַרט, וועט שוין אין איהרע הענד ניט פאללען. אָבער זיא האט נאך געהאָפט דאס איהרע מאכט, וואס זיא האט אויף איהם אין דיא לעטצטע פינף אונד צוואנציג יאהר אויסגעאיבט, יענע מאכט, מיט וועלכע זיא האט איבער איהם אַללע מאָל גע־הערשט, וועט אויך זיין פעסטען וויללען ברעכען. דארום האט זיא איהם גאנץ רוהיג געענטפערט:

— „מעגסט דיין פערמעגען אוועק־שיינקען וועמען דוא ווילסט, מאָריטץ, אבער אזוי לאנג וויא איך לעב, וועט טהערעזא ניט חתונה האבען מיט יענעם שלעפער. איהר מאנן מוז זיין נאר וויע־ראָוו און קיין אַנדערער! קיינער האט מיר אַ דעה צו זאָגען אף מיין קינד!" —

— „אָ, דער צו האב איך מיטטלען, מאטלע!" — האט ער איהר געענטפערט — „איך וויעל מיין רעכט פאָרדערן דורך דאס געזעטץ און מיר וועלען זעהן, ווער פון אונז ביידען וועט אויספיהרען!" —

— „און מיט וואס קעננסט דוא בע־ווייזען, אז טהערעזא איז דיין טאָכ־טער?" — האט זיא איהם געפרעגט און האט אויף איהם געקוקט מיט גיפטיגע בליקען — „ווער וועט דיר גלויבען? וואו זיינען דייגע בעווייזע?" —

— „דאס מאכט מיר ווייניג זארגען" — האט ער איהר געענטפערט — „בייא מיר ליעגען אללע דיינע בריעף אויפבע־וואהרט. יענע בריעף בעווייזען גאנץ דייטליך, אַז טהערעזא איז מיין טאָכ־טער און איך האב פאָטטערערעכט אויף איהר. אָבער יעטצט, מאַטלע, בעט איך דיר, גייא אַ היים און לאָז מיך אלליין, איך דארף מיר אויסרוהען און מיינע געדאנקען אָרדנען. נאָר דאס מוז איך דיר נאך זאָגען, אז איך ווילל ניט, עס זאלל קומען צו איין אָפענעם סקאַנ־דאל. בעססער ווילליגע איין צו מיין פלאַן. גלויב מיר, אז קיין בעססערן שדוך אלס מיט גאָלדמאנן, וועט טהערעזא ניט טאָן. בעדיינק אז זיא איז דיין איינצי־געס קינד און אונזער ביידענס שולדיג־קייט איז, איהר גליקליך צו מאכען!" —

— „איך האב מיך גאר ניט וואס

צו בעדיינקען" — האט זיא איהם גע-
ענטפערט און איז אויפגעשטאַנען —
„בייא מיר איז דיא זאך בעשלאָסען :
טהערעזאַ מוז חתונה האבען מיט
זוויעראָוען, ווען ניט וועט זיא קיינמאל
ניט חתונה האבען !" — דאמיט איז זיא
האַסטיג צו היטצט און מיט אויגען פול
כעס אוועקגעגאַנגען.

## יח

## פערבונדען

עס איז געוועזען איין פרישער און
הערדליכער פריהילינגס-אבענד. דיא
זונן האט שאן געהאלטען אין אונטערגייין
און האט נאך פון ווייטען געשיקט איהרע
פורפורנע שטראהלען צום אַבשיעד פון
דער גרויסען שטאדט ק..., וועלכע זיא
האט דעם גאַנצען טאג בעלוכטען און
געוואַרעמט. דיא פענסטער פון אללע
צימערן אין לעווענבערגס הויז זיינען אָפּ-
פען געוועזען און אַ פרישער ווינד האט
זיך געשפיעלט מיט דיא שווערע זיידע-
נע גאַרדינען, ער האט זייא געוויעגט
אַהין און אַהער און האט אריינגעדרונ-
גען אין דיא צימערן, אום אָבצוקיהלען
דיא הייססע געזיכטער פון דיא פיעלע
געסט, וואס האבען זיך פערזאממעלט
בייא נאַדיעשדאַ גריגאָריעוונאַ, אום זיך
צו אונטערהאלטען, עססען, טרינקען
און שפיעלען אין קארטען. נאדיעשדא
האט זיך אויך דיעזען אבענד געמאַט-
טערט, צו זיין פריילִיך און מונטער,
אבגלייך איהר ברוסט איז פערקלעמט
געוועזען פון שווערע זאָרגען און שמער-
צען. דער קאָנפליקט מיט דעם אַלטען
מאָריטץ ריטטענבערג האט איהר זייער
געקריינקט, ערשטענס, ווייל דורך דעם
האט זיא געקענט פערליערען דיא גרוי-
סע ירושה, אויף וועלכע זיא האט אזוי
פיעל יאָהרען געשארפט דיא ציין און צו
ליעב וועלכע זיא האט אזוי לאנג גע-
מוזט שפיעלען קאָמעדיאַ מיט מאָריטצן
און צווייטענס האט זיא זייער מורא גע-
האט פאר איין עפפענטליכען סקאַנדאַל ;
ווען זיא וועט ניט איינווילליגען צו זיינע
פלאַנען, וועט ער גאָר עפפענטליך זיינע
רעכטע אלס פאטער אויף טהערעזען
גילטיג מאכען, דאן וועט זיא האבען
דיא גרעסטע שאנדע. דיא וועלט וועט
זיך דערוויסען, ווער זיא איז און ווער
עס איז דער אייגענטליכער פאטער פון
איהר טאכטער. זיא וועט פאר דער
וועלט איהרע אויגען ניט קענען ווייזען,
איהר מאנן און אללע איהרע בעקאַנטע
וועללען זיך פון איהר מיט פעראכטונג
אָבווענדען. אָבער זיא האט זיך ניט
געוואללט אונטער געבען און האט גע-
האָפפט אז: סוף כל סוף וועט זיא טהע-
רעזען דאך איינריידען מיט זוויעראָוועזן
חתונה צו האבען. זיא וועט זיך מאַ-
טערן דיא זאַך וואס צום גיכסטען אבצו-
מאכען און ווען דיא זאך וועט שוין זיין
אָבגעמאַכט, וועט דער אלטער ריטטענ-
בערג מוזען שווייגען.

צום גליק פיר מאטלען האט זיך

געמאכט, דאס זוויעראוו האט וויעדער אנגעפאנגען איהר הויז צו בעזוכען. זיא האט זיך פון איין בעקאַנטען דערוואוסט אז זוויעראָוו ווילל אַ גרויסע סומע געלד לייהען. זיא האט איהם געשריעבען אַ קאַרטע, דאס זיא ווילל איהם דיא כומע לייהען און ער איז גענוג אונפערשעמט געוועזען נאך יענער סצענע בייא איהר אויף דעם באלל צו קומען און בייא איהר דיא עטליכע טויזענד רובעל צו לייהען. בייא דיעזער געלעגענהייט איז דער פריעדען איבער א נייס געשלאסען געוואָרען און זיא האט איהם גאנץ דייטליך געלאזט ערקענען, וועלכע אב-זיכטען זיא האט מיט איהם און מיט איהר טאכטער. זוויעראָוו, וואס האט אויף קיין זאך אויסער אויף געלד ניט געקוקט, האט גאנץ גוט געוואוסט, אז קיין בעססערע פארטייא וועט ער ניט מאכען, ווייל טהערעזע איז דאך דיא איינציגע ערבין פון אַ גרויסען פערמעגען, זא האט ער ער מאַטלען געענטפערט, ער רעכענט דאס פאר אַ גליק, נאָר צום אונגליק, איז טהערעזא קאלט צו איהם און דער צו נאך האלט זיא פעסט צו איהר גלוי-בען און וועט זיך קיינמאל געוויס ניט ענטשליסען איהר רעליגיאָן צו בייטען, דארויף האט איהם נאַדיעשודא געענט-פערט, דאס דיא ליעבע וועט שוין מיט דער צייט קומען פון זיך אלליין, פיל-לייכט איז איהר צוריקהאלטונג פון איהם נאָר דעריבער, וואס זיא קען איהם נאך צו ווייניג און דאס וואס עס געהערט צו דער רעליגיאָן, ווייס זיא גאנץ גוט, אז טהערעזאַ וועט גאָר קיין איינווענ-דונגען ניט מאכען און וועט אַנגעהמען דעם קריסטליכען גלויבען מיט ביידע הענד. זוויעראָוו האט זיך געלאזט איינ-ריידען און האט געגלויבט, און אויף דיעזער אַרט זיינען זייא וויעדער שלום געוואָרען און ער האט וויעדער אנגע-פאנגען איהר הויז צו בעזוכען. אבער גראדע היינט איז ער ניט געקומען. ער האט איהר דורך זיין לאקייא געשיקט זאגען, דאס דרינגענדע געשעפטען האל-טען איהם אָב פון קומען.

טהערעזא האט מיט גרויס אונרוהע אין מיט פערוואונדערונג געקוקט אויף דעם נייעם פריעדען, וואס איהר מוט-טער האט מיט זוויעראָווען געשלאססען און האט פערשטאנען, אז איהר מוט-טער האט איהר אַלטען פלאַן נאך ניט אויפגעגעבען און זיא ארבייט אין דער שטילל, דאס דיא פארטייא זאלל גע-שלאסען ווערען. זיא האט געגלייבט, אז נאך יענע סצענע און נאך יענע בע-ליידיגונג אויף דעם באַלל, וועט שוין דערפון מעהר קיין רייד ניט זיין און נון זיינען איהרע עלטערן אזוי גאריש, איהם נאך יענער גראָבער בעליידיגונג אין זייער הויז אויפצונעהמען און ער איז אזוי אונפערשעמט, זיינע אויגען צו ווייזען אין אַ הויז, וועלכע ער האט אזוי גראָב בעליידיגט. איהר לאגע איז

געוועזען שרעקליך. זיא האט ניט גע-
וואוסט וואס צו טאן און וואס פאר איין
עצה זיא זאלל זיך געבען. זיא האט
ניט געהאט קיין פריינד, קיין בעקאנג-
טען און קיין פערטרויטען, צו וועלכען
זיא זאלל זיך אין איהר געדריקטע לאגע
ווענדען, מעהר ניט וויא דעם א י י ן
גאָלדמאנגען און צו איהם האט זיא זיך
אין איהר ביטטערע פערצווייפלונג געמוזט
ווענדען. זיא האט איהם אין דער פריה
דורך פאסט געשיקט אַ קאַרטע און איהם
געבעטען, ער זאלל בייא נאכט, אום
ניין איהר, קומען צו זייא אין גאָרטען,
וואו זיא וועט איהם ערווארטען און נון
האט זיא מיט גרויס אונגעדולד דיא
שטינדע ערווארטעט, דען זיא האט זיך
בעשלאסען איהם גאנץ אָפפען איהר
לאגע פאָרצושטעללען איז בייא איהם
איין ראַטה פרעגען. זיא האט זיך בייא
איהר מוטטער ענטשולדיגט, דאס זיא
קען אין היינטיגען טהעע־אבענד קיין
אַנטהייל נעהמען, ווייל זיא פיהלט זיך
עטוואס אונוואהל און זיא איז אין איהר
צימטער געבליבען. נאַריעשזדא גריגאָר-
יעוונאַ האט דיעזע נאכריכט פון טהע-
רעזעס קאַממערמעדכען גלייכגילטיג צו-
גענומען, ווייל זיא האט געוואוסט אז
וויעראָוו וועט היינטיגען אבענד ניט קו-
מען און אז ער וועט ניט זיין האט איהר
טהערעזעס אבוועזענהייט גאר ניט גע-
הארט.

אום האלב ניין אוהר איז גאָלדמאנן
צוגעגאַנגען צו לעווענבערגס הויז. גאַנץ
אונבעמערקט איז ער דורכגעגאַנגען דעם
גרויסען און שטיללען הויף און איז דורך
דיא קליינע טיהרעלע אריינגעגאנגען
אין גאַרטען. דיעזער גאַרטען איז זייער
שיין און פרעכטיג איינגעאָרדנעט מיט
לאנגע און שאַטטיגע אַללעען, מיט בע-
סיעטקעס אדער לויבען פון צווייגען און
בלומען און מיט קליינע פאָנטאנען. טהע-
רעזא איז פון קינדרוויים אויף אַ גרויסע
פריינדין פון בלומען געוועזען און האט
דעם גארטען געמאכט פאר אַ קליינעם
גן־עדן. זיא פלעגט אין איהם פערברייג-
גען איניגע שטונדען טעגליך מיט א
בוך אדער מיט איינער האַנדארבייט און
פלעגט זיך פיהלען גליקליך און צופרידען,
ווען זיא פלעגט זיך אַנידערזועטצען אין
אַ שאַטטען אויף א גרינע באַנק פון גראָז
און לאָזען איהר יונגע פאַנטאַזיע אום-
וואַנדערן אין גאַנץ אנדערע וועלטען,
וואו זיא האט נאר גליק און זוננענשיין
ארום זיך געזעהן. דיא בלומען זיינען
איהרע איינציגע און טרייעסטע פריינדינען
געוועזען; מיט זייא פלעגט זיא ריידען
וויא מיט געליעבטע פערוואַנדטע און
פאר זייא פלעגט זיא איהר הערץ אויס-
שיטטען. אויך אים ווינטער פלעגט זיא
אין איהם מאַנכע שטונדען פערוויילען
און דאָ האט זיא זיך פיעל גליקליכער
געפיהלט אלס אין איהר מוטטערס רייב-
געפוטצטע סאַלאָנען.

דיא זונן איז שוין לאנג אונטערגע-

גאַנגען און דיא נאַכט האט איהרע שוואַרצע פליגלען אויף דער גאַנצער וועלט אויסגעברייטעט. העלל און ליכטיג איז דער מאָנד (לבנה) וויא אַ קיילעכדיגער זילבערנער בעקין געשטאנען אין דעם טיפבלויען הימעל און זיינע מאַטטע, ברויליכע שטראהלען האבען וויא מיט פליסענדען זילבער בעגאָסען דיא צווייגען פון דיא בוימלעך, וואס האבען זיך ערשט ניט לאנג אין זייערע גרינע בלעטטער אָנגעקליידעט. איין זאַנפטער און שטיללער ווינד האט בעוועגט דיא יונגע בלעטטעלאך און זייא האבען אין דער שטילל גערוישט, גלייך וויא זייא וואָלטען זיך איינעם דעם אנדערן געהיימניסספאָללע געשיכטען ערצייהלען. אין מיטטען גאָרטען האט גערוישט פון א שטיינערנעם פאָנטאן א לאנגער שטראהל וואססער מעלאָדיש און בעצויבערנד וויא א ווייך קלינגענדע מוזיק. אין דעם וואססערשטראהל האבען זיך דיא מאָנדשטראהלען אָבגעשפיעלט און זיינע איינציגע טראָפּענס האבען געפינקעלט וויא עכטע בריללאנטען.

גאָלדמאַנן האט זיך אויף א שטיינערנע באַנק אונטער אַ דיקען און צווייגענרייכען בוים אַנידערגעזעטצט און האט זיין זאָרגענשווערען קאָפּ אויף זיין האנד אָנגעשפאַרט. דיא שטיללע און וואַרעמע נאַכט, דער טיעפבלויער הימעל מיט זיינע מילליאָרדען פינקעלדיגע שטערן און דיא גאַנצע העררליכקייט פון דער נאַטור, וואס האט ערשט אויפגעוואַכט פון דעם ערשטען קוסס דעם פריהלינגס, האבען זיין טרויעריגעס הערץ גאַנץ ווייניג בעריהרט. אין דיא לעצטע עטליכע טעג האט זיין הערץ זייער שטאַרק געליטטען פון דיא ערייגניססע, וואס האָבען פלוצלונג אין זיין שטיללען און פריעדליכען לעבען וויא איין שטורם אריינגעבראָכען. זיין מוטטערס לעבענסגעשיכטע, טהערעזעס מוטטער מיט איהר ביללעט, מיט וועלכען זיא האט איהם אזוי גראָב און גאָר אָהן איין אורזאַכע פון איהר הויז פערוויעזען, טהערעזעס ווערטער, מיט וועלכע זיא האט איהם אזוי איניג און ליידענשאַפטליך געבעטען. ער זאלל איהר פון איין אונגליק שיטצען. מאָריטץ ריטטענבערגס דייטליכע ווינקע אויף זיין ליעבע צו טהערעזען און אויף דיא מעגליכקייט איינער פערבינדונג צווישען איהם און איהר און צולעצט טהערעזעס בריעף, מיט וועלכען זיא האט איהם איינגעלאדען, ער זאלל איהר היינט בייא נאַכט געבען איין געהיימען בעזוך אין איהר גאָרטען—דאס אללעס האבען זיינע געדאנקען זייער שטארק בעשעפטיגט און האבען איהם פערזעטצט אין א געוויססע אונרוהע. וואס פאר איין אונגליק קען טהערעזען פאָרשטיין? האט ער זיך געפרעגט. וועלכע געפאהר איז זיא אויסגעזעצט? און ווארום ווענדעט זיא זיך גראדע צו מיר איך זאלל איהר ביישטיין מיט

ראטה און הילפע? עס מוז דאָך ווירק-
ליך וואס אייסעראָרדענטליכעס זיין, ווען
אזא מעדכען וויא טהערעזא, מיט אזוי
פיל בילדונג, מיט פיינע זיטטען, האט
זיך ענטשלאסען בייא איהם איין גאַנץ
פרעמדען מענשען, איינע געהיימע צו-
זאמענקונפט צו בעטען, ער האט גע-
ציטטערט בייא דעם געדאנקען, דאס
טהערעזאַ שטייט פאר איינע געפאהר,
פון וועלכע ער וועט איהר פיללייכט
ניט קעננען רעטטען און דאך איז איהם
דיעזע געהיימע צוזאמענקונפט וויער או-
נגנעהם געוועזען. איין זיססעס געפיהל
האט זיין ברוסט דורכגעצויגען בייא
דעם געדאנקען, אז ער וועט מיט טהע-
רעזען איינע שטונדע גאַנץ אלליין און
אונגעשטערט פערברייננגען. אָ, דיא
שיינע טהערעזא! זיא איז געוועזען זיין
פערקערפערטער אידעאַל; איהר בילד
האט ער טיעף אין זיין הערצען געטראָ-
גען און זיא איז געוועזען דער לעבענ-
דיגער מיטטעלפונקט, אַרום וועלכען
זיין גאַנצעס עקסיסטענץ האט זיך גע-
דרייהט, גלייך וויא דיא פלאנעטען דריי-
הען זיך אַרום דער זונן. אַבער דער
טיעפער אבגרונד וואס ליעגט צווישען
איהם און איהר! איהם האט געשווינ-
דעלט ווען ער האט זיין לאגע אין דער
וועלט מיט דעם איהריגען פערגליכען. ער,
דער ארעמער שטודענט, וואס פער-
דיענט קוים זיין ברויט און זיא דיא איינ-
ציגע ערבין פון אַ מילליאָנער. דיעזע
געדאנקען האבען איהם שרעקליך גע-
מאטטערט אַלס ער איז געזעסען אויף
יער שטיינערנער באַנק און האט
טהערעזען ערוואַרטעט.

— „ניין, איך קען געגען זיך זעלבסט
ניט מלחמה האלטען; דער געפיהל איז
פיל שטאַרקער פאר מיר!“ — האט ער
צו זיך זעלבסט געזאגט — „איך האב מיט
יענעם געפיהל גענוג געשטריטטען, איך
האב מיינע בעסטע שטרייטקרעפטע אויף
דעם קאמפף־פלאטץ געשטעלט: מיין
פערשטאנד, מיין בערעכנונג און מיין
געוויסען, אָבער זייא ווייכען אללע פאר
יענע שטארקע מאכט. זיא האט מיך
אין גאנצען בעזיעגט, מיך געפאנגען
גענומען און אין שווערע קייטען גע-
שמידט, אָבער, וויא זאַנפט, וויא ליעב-
ליך דיעזע קייטען דריקקען מיך. אָ,
מיט וועלכען פערגעניגען וואללט איך
זייא מיין גאַנצען לעבען טראָגען!...“ —

— „אָ, איך קען שוין מעהר ניט
מלחמה האלטען, איך מוז זיך איהר
ענטדעקקען, איך מוז איהר זאגען, וויא
גרויס, וויא גרענצלאָז מיין ליעבע איז
צו איהר. איך קען אָהן איהר ניט לע-
בען, ניט עקסעסטירען, אָהן איהר איז
מיר דאס לעבען און דיא גאַנצע וועלט
נאר אַ וויכטער חלום, אַ נולל! — זיא
איז דער אינ...“ —

פלוצלונג האבען זיך דיא ווערטער
פון זיינע ליפפען אָבגעריסען. ער האט
געהערט טריטט און איינע פרויענגע-

שטאַלט, אין שווארצע קליידער, האט זיך בעווענט גראדע אין דערזעלביגער ריכטונג, וואו ער איז געזעססען. עס וואר טהערעזא.

ער האט זיך האסטיג פון דער שטיינערנער באַנק אויפגעהויבען. זיין הערץ האט איהם געקלאפט וויא מיט האַמערס. ער האט געוואוסט אז ער לעבט יעטצט אין דעם וויכטיגען מאָמענט, וואס וועט בעשליסען זיין שיקזאַל אויף דעם גאַנצען לעבען. ער האט אויפגעזאמעלט אללע זיינע גייסטיגע און קערפערליכע קרעפטען, דיא זאך מיט מוטה ביז צו ענדע צו פיהרען.

טהערעזאַ איז צו איהם צוגעגאַנגען און האט איהם איהרעביידע הענד דערלאנגט. ער האט געפיהלט וויא איהרע הענד ציטטערן און ווען ניט דיא וואָלקענס, וואס האבען גראדע אין דעם אויגענבליק פערדעקט דיא לבנה, וואָללט ער געקענט זעהן דעם פורפור רויטען וואָלקען וואס איז געלעגען אויף איהר ענגעלריינעם געזיכט.

— „אָ, דיינקט פון מיר קיין שלעכטעס, הערר גאלדמאנן!“ — האט זיא זיך אָבגערופען און איהר ווייכע שטימע האט געציטטערט — „איך וויים, אז מיין יעטצטיגער טריטט איז ניט אזוי פיין, אבער וואס קען מען מאכען ? אַמאָל איז דער שיקזאַל שטאַרקער פאר אונז און ער צווינגט אונז איבער צו טרעטען דיא גרענצען פון דער עטיקעטטע...“

— „צווישען וואהרע פריינד דארף קיין עטיקעטטע העררשען, מיין פריילליין !“ — האט איהר גאלדמאנן געענטפערט און האט איהרע הענד פעסט אין זיינע געדריקט — „דארטען וואו איין הערץ זוכט איינע צווייטע, וואו ריינע פריינדשאפט פאָרדערט איהר רעכט, דארפען מיר ניט קוקען אויף דיא געזעטצע פון דער עטיקעטטע“ —

— „אָ, וויא גליקליך בין איך, דאס מיין הערץ האט מיך ניט בעטראָגען !“ — האט זיך טהערעזא אָבגערופען און האט זיין האנד נאך אַמאָל געדריקט — „איך האב שוין לאנגע געפיהלט, דאס אין אייך, הערר גאלדמאנן, האב איך איין וואהרען אויפריכטיגען פריינד, יעצט איז געקומען דיא צייט, ווען איך מוז פון אייער פריינדשאפט אַ געברויך מאַכען“ —

— „איהר קענט אויף מיין פריינדשאפט און אויף מיינע טרייהייט פעסט בויען !“ — האט ער איהר געענטפערט —„איך בין בערייט מיין גאַנצעס לעבען פאר אייך מקריב צו זיין ; איך בין בערייט... אָבער וואס קען איך פאר אייך טאָן, אום אייך צו העלפען ? איך בין דאך אללייז אזוי אונגליקליך...“ —

טהערעזא האט איהם מיט שרעקען אָנגעקוקט. זיא האט פון זיינע פערהעלטניססע און זיין לאגע גאָר ניט געוואוסט. זיא האט נאר געוואוסט, אז ער איז איין אַרעמער ש-ודענט, וואס

פערדיענט זיין ברויט דורך זיינע אייגענע ארבייט. אָבער וועלכער שטודענט בעקלאגט זיך ראס אויף זיין לאגע? שטייהט איהם דען ניט פאָר דיא בעסטע צוקונפט נאך זיין ענדיגען דעם שטודיום?

— ,,איך מיין, העררגאָלדמאַנן" — האט זיא זיך אָבגערופען און איהר בליק האט וויא פאָרשענד אויף זיין געזיכט גערוהט — ,,איך מיין, דאס איהר האט אייך אויף אייער לאגע ניט צו בעקלאגען. דיא נאַטור האט אייך מיט פוללע הויפענס בעשאָנקען, מיט אללע איהרע רייכע מתנות. אייער צוקונפט שטייהט פאר אייך אין דיא ליכטיגסטע פארבען. מיר שיינט אז איהר דארפט צופריעדען זיין!" —

— ,,ווער ווייס, פריילין לעווענבערג!" — האט ער איהר גאנץ שטילל געענטפערט און האט זיינע אויגען צו דער ערד אַראָבגעלאָזען — ,,מיר מענשען קענען נאָר דאן מיט אונזער שיקזאל צופרידען זיין, ווען דער שיקזאל האט אונז קיין זאך ניט איבערגעלאזען וואס צו ווינשען, אבער כל זמן מיר ווינשען נאך עפעס, איז דיא מאָאס נאך ניט פולל, אונזער גליק איז ניט פאָללקאָממען און אונזער פרייד איז געשטערט." —

— ,,ענטשולדיגט מיר, העררגאלדמאנן, דאס קלינגט עגאאיסטיש!" — האט זיא איהם געענטפערט — ,,אַ מענש אין אייער אלטער, יונג, שטאַרק, געבילדעט, אונאבהענגיג, געשעטצט און געאַכטעט, דארף זיך רעכט גליקליך פיהלען. וואס פעהלט אייך נאך? געלוכט אייער הערץ נאך רייכטהום?" —

,,יאָ, מיין פריילין! — האט ער אויסגערופען גאַנץ אין דער שטילל — ,,מיין הערץ געלוסט נאך רייכטהום, אבער ניט נאך דעם גאָלד; דער רייכטהום, וועלכען איך פערלאנג, איז פון אנאַנדער גאטטונג...." —

— ,,איך פערשטייא אייך ניט, העררגאָלדמאַנן! — האט זיא זיך אבגערופען — ,,וואס איז דאס פאר אַ מין רייכטהום?" —

— ,,דאס איז — דיא ל י ע ב ע! — האט ער איהר געענטפערט און זיינע ליפפען האבען זיך קוים בעוועגט —

זיא האט זיך לייכט ערשראָקען ביי דיעזער אונערווארטעטער אַנטוואָרט. איהר הערץ האט נאך שטאַרקער אָנגעפאנגען צו קלאפפען און איהר אָטהעם איז געוואָרען שנעללער. איהר געזיכט איז נאך רויטהער געוואָרען, זיא האט אראָבגעלאָזען איהרע אויגען און האט נאַר ניט געענטפערט.

אויף יענער זייט אלעע, גראדע זייא ביידען געגענאיבער. האבען זיך דיא צווייגען פון אַ יונגען און אַ ניעדריגען קאַרשענבוים שטילל און זאכט צוטהיילט און אַ פאָר שוואַרצע, ברענענדיגע אויגען האבען מיט שטעכענדע בליקען בעטראכט טהערעזען אין גאָלדמאַנען. דאָרטען איז געשטאַנען אַ דונקעלע פיגור

וויא אנגעווארצעלט אויף איהר שטעללע, וויא פון בראָנז אויסגעגאָסען און האט יעדען איהרער ווערטער פערש־ונגען.

— „יאַ, פרייליין לעווענבערג!״ — האט זיך גאלדמאנן ווידער אָבגערופען — „דיא ליעבע, נאר דיא ליעבע איז דער רייכטהום פון לעבען, דער גרעס־טער שאטץ פון דער וועלט. זיא איז דער איינציגער קוואל, וואס פערשאפט אונז דעם גרעכטען גענוסס. וואס איז דאס לעבען אהן ליעבע? אַ שטוממער מוזיקאלישער אינסטרומענט, וועלכען עס פעהלט דיא מייכטערהאנד, פון איהם זיינע היממלישע טאָנען צו ענטלאָקקען, אַ בלום אָהן אַיין אַראָמאַט! וואס קען אונז דאס לעבען, דיא וועלט מיט אללע איהרע פריידען געבען, ווען אונזער הערץ געלוסט נאך דעם צויבערטראנק דער ליעבע?...״ —

— „אין וואס הינדערט אייך, הערר גאָלדמאנן, פון דיעזער צויבערקוועללע צו טרינקען?״ — האט זיא איהם מיט איהר גאַנצע נאאיוויטעט געפרעגט — „אָ, מיר שיינט, אז איהר דארפט נאָר אייער האַנד אויסשטרעקען, אום דיא שענסטע און בעסטע צו בעקומען! מאנ־כע רייכע און בענאבטע פרייליין ווערט זיך גליקליך שעטצען, אייער הערץ צו בעזיטצען.....״ —

— „אָבער ניט אללעס וואס עס שיינט, איז גאָלד, מיין געעהרטע פריי־ליין!״ — האט ער איהר געענטפערט — „וויא אָפט נאַררט אונז דער שיין. מיר דיינקען, אז מיר האבען אַ פרומע טויב ערוואָרבען און צום סוף איז דאס גאר אַ גיפטיגע שלאַנגע. מיר מענשען זיינען, ליידער, קורצזיכטיג!״ —

„אָ, מען דאַרף נאָר גוט אונ־טערזוכען, מיין הערר״ האט זיא זיך אָבגערופען — „מען מוז עטוואס פאָר־זיכטיג זיין מיט דיא אייגענע געפיהלען, מען דארף גוט אויסלערנען דאס הערץ, דעם כאַראקטער. ניט אללע מאָל איז דער ערשטער דער בעסטער. זוכט נאר גוט, מיין הערר, און איך גלויב, אז איהר וועט שוין געפינען וואס רעכט איז!״ —

— „אין געפינען בין איך שוין געווען גליקליך, פרייליין לעווענבערג!״ — האט ער איהר געענטפערט מיט איין אונזיכערע שטיממע -- „אָבער, צום אונגליק, קען איך פון יענע, גראַ־דע פון יענע, אויף געגענליעבע ניט האָפפען. יענע שטייהט פיעל העכער פאר מיר און איין שרעקליכער אבגרונד שיידעט אונז אויף אייביג. אָט דאס איז מיין אונגליק, פון וועלכען איך האב אייך פריהער געזאגט. אָ, מיין טהייערע פרייליין! מיר האבען דא ביידע גאָר ניט וויללענדיג איין פונקט בעריהרט, איין פונקט, וואס מאכט מיר שווערע זאָרגען. לאַנגע האב איך מיט דעם געפיהל, וואס האט אין מיין הערצען גאָר אונגעריכטערהייט איינקוואַטירט,

מלחמה געהאלטען. איך האב איהם געזוכט צו ערשטיקען, אָבער ער איז שטאַרקער אַלס איך. יעטצט בין איך געצוואונגען מיך אייך צו ערקלערען. איך לייג מיין שיקזאל, מיין לעבען, מיין צוקונפט אין אייערע הענד. פון אייער איין וואָרט היינגט אָב, מיך צו מאכען פאר דעם גליקליכסטען פון אללע שטערב-ליכע, אָדער מיין עקסיסטענץ אין גאַנ-צען צו פערניכטען. איך ליעב אייך, פרייליין לעווענבערג! איך ליעב אייך מיט דער גאַנצער גלוטה פון איין טרייעס הערץ! דיינקט ניט, אז איך בין נאָר פון אייערע קערפערליכע רייצע פער-בלענדעט, דיינקט ניט אז איך בין ניט קלאָר אין מיינע געפיהלען צו אייך, לאנגע, זייער לאנגע האב איך מיט איין רוהיגעם הערץ, מיט קאלטען בלוט נאכגעדאכט, און נאָך אלל מיין וועגען, רעכענען און טראַכטען, האב איך איינ-געזעהן, דאס נאָר מיט אייך קען איך גליקליך זיין, דאס נאר אייער ליעבע קען מיר פערבינדען מיט דאס לעבען... נון פרעג איך דיר, טהערעזאַ, מיין געליעבטע, קעננסט דוא מיך ליעבען? ווילסט דוא מיך גליקליך מאכען? קענסט דוא זיין מיינע אויף איממער און עוויג?...“ —

האססטיג, וויא איין רייסענדער שטראָם, האבען דיא ווערטער פון זיינע ליפפען געפלאָססען. ער האט אין דיזער מינוט אללעס אַרום זיך פערגעססען, ער האט נאר פאר זיך זיין געליעבטע געזעהן.

בלייך וויא דער טויט זעלבסט, מיט איין קלאפפענדעם הערץ, איז טהע-רעזאַ געזעססען אויף דער באנק פערשטיי-נערט און אונבעוועגליך וויא איין שטיי-נערנעס בילד. הייסע טהרערן זיינען אָהן אויפהער געלאפפען איבער איהרע באַ-קען. איהרע ליפפען האבען זיך בע-וועגט, זיא האט געוואללט ריידען, אבער איהר צונג איז וויא פאראליזירט געוועזען.

— „איך וויל דיך ניט צווינגען, הייססגעליעבטע טהערעזא!“ — האט ער זיך ווידער אָבגערופען — „איך וויל בייא דיר דיא ליעבע ניט אויסבעטטלען; וויא א נדבה, זאלל דיך מיין פערזאָן, מיין שיקזאַל און מיין צוקונפט ניט אינ-טערעססירען. האסט דוא אין ריינעם הערצען קיין ליעבעגעפיהל צו מיר, זא זאללסט דוא דאס מיר פרייא און אונ-געהינדערט זאגען. דוא מוזט אין דיינע געפיהלען און אין דיינע נייגונגען פרייא זיין, אונאבהענגיג און זעלבסטשטענדיג דיא ליעבע. דיא פרייהייט גאטטעס גאַ-בע, מיט וועלכע ער האט אונז מענשען בעשאָנקען. גלויב מיר, אז דיא וואונדע אין מיין הערצען, ווען דוא וועסט מיר אָבזאגען, וועט זיין פיעל קלענער, אַלס דיא וואונדע אין דיין הערצען, בייא דעם איינציגען געדאַנקען דאס דוא האסט דיך מיט איין מענשען פערבונדען אָהן ליעבע, אָהן נייגונג. איך פערלאנג פון

דיר קיין מיטלייד, קיין אָפּפער ; איך ווילל ניט אז דיינע ליפּפּען, נאר דיין ה ע ר ץ , דיין אינגערליכעס געפיהל, זאלל מיר אַנטוואָרט געבען !" —

— „איסאַאַק !... מיין טהייערער איסאַאַק !" — האט טהערעזאַ פלוצלונג אויסגערופען און איז האכטיג פון באנק אויפגעשפּרונגען. מעהר האבען איהרע ליפּפּען ניט געקענט ארויסברייגנען, איהרע שטיממע איז ערשטיקט געווארען פון איין גוואלטיגען געפיהל, זיא האט איהם שטירמיש אומארמט און האט איהר קאָפּ אויף זיין ברוסט אַנגעשפּאַרט.

— „אָ, מיין טהייערע, מיין געליעב-טע טהערעזאַ !" — האט גאָלדמאַנן אויסגערופען איהר שלאנקע געשטאללט צו זיין ברוסט צורריקענדיג — „יעטצט בין איך דער גליקליכסטער אויף דער וועלט, דען איך האב מיין העכסטען ציעל עררייכט. דוא ביזט מיינע, אויף עוויג מיינע !..." —

זייערע ליפּפּען האבען זיך בעגעגענט אין איין לאנגען און זיססען קוסס. טיעפּ-בלויא און געהיימניספאלל, וויא דער טיעפער, בלויער ים, האט זיך דער הימעל איבער זייערע קעפּ אויסגע-בּרייטעט און דיא העללע לבנה האט אויף איהם רוהיג און פריעדליך וויא א קליינע זילבערנע שיף געשוואוממען. דיא שטערן האבען דיא ליעבענדע פּאאר אויפגעמונטערט אין זייערע געפיהלען. דיא צווייגענרייכע בוימער אַרום זייא זיינען געשטאַנען שטילל, וויא איינגע-שלאפען, דער פרישער נאכטווינד האט זיין אָטהעם איינגעהאלטען, גלייך וויא ער וואללט וועלען הערן דיא ליעבעס ערקלערונג פון צווייא ריינע הערצער.

אויך אויף יענער זייט אללע, הינטער דעם ניעדעריגען קאַרשענבוים, האט איין מענשליכעס הערץ שטירמיש און געוואלדיג געקלאפּט, אָבער ניט פון גליקליכע ליעבע, נאר פון גע-קריינקטע איינענליעבע, פון האסס און פון טיעפער פעראכטונג. יעדער שמיי-כעלוואָרט האט אין איהרע אויערן וויא אַ דונערשלאג געקלונגען און יעדער קוס האט איהר הערץ וויא אַ גיפטיגע פייל פערוואונדעט. גאַנץ געבראכען און פער-ניכטעט, איז יענע פּרויענצימער גע-שטאַנען הינטער דעם קאַרשענבוים און האט זיך פון דער שטעללע ניט געקאָנט ריהרען.

אין ליעבליכער אומאַרמונג זיינען אונזערע געליעבטע אויף דער באנק גע-זעססען. זייא האבען ניט בעמערקט וויא דיא שטונדען פליהען. זייא האבען איינער דער אנדערן זייערע הערצער ענטדעקט און האבען זיך עוויגע ליעבע געשוואָרען.

דער שטאָרט זייגער האט געשלאגען דיא צווייטע שטונדע נאך האלבע נאכט. וויא ריינע זילבערטאָנען האט עס דורכ-געקלונגען דורך דער שטיללער נאכט. טהערעזאַ האט זיך האסטיג אויפגעהאפּט

פון איהר שטעללע, האט איהר גע-
ליעבטען נאך איינמאל אומארמט און
האט צו איהם געזאגט:

—אָ, מיין געליעבטער! מיר האבען
דאָ גאנצע פינף שטונדען פערטרייבט.
מען קען מיין אַבוועזענהייט בעמערקען
אין הויז און פערדעכטיגט ווערן....מיר
מוזען אונז שיידען—אַדיע!"—

„אָבער דוא האָסט מיר נאך גאר
ניט געזאגט וועגען וואס דוא האָסט מיך
אַהער גערופען!—האט זיך גאָלדמאַנן
מיט אַ פרייליכען שמייכעל אבגערופען—"

—„אָ, יעטצט איז דאס שוין אין
גאַנצען איבעריג!"—האט איהם טהערע-
זע געענטפערט—„יעטצט האב איך שוין
פאר קיין זאַך אין דער וועלט קיין מורא
ניט. עס מעג זיך יעטצט דיא גאַנצע
וועלט געגען מיך בעוואפנען—איך האב
שוין יעטצט איינע שטיצע. וואס האַרט
מיך מיין מוטטערס פּלאַנען, ווען איך
בין מיט דיר פערבונדען!"—

—„און וועלכע פּלאַנען האט דיין
מוטטער?"—האט איהר גאָלדמאַנן גע-
פרעגט—

—„זיא וויל דורכאויס, אז איך זאלל
חתונה האבען מיט זוויעראָווען, דעם
אינשוינער!'—האט זיא איהם געענט-
פערט—„זיא וויל, אז איך זאלל מיך
לאָזען טויפען און מיט איהם התונה
האבען!"—

—„אַזוי ווייט האַלט שוין דיין מיט-
טער?—האט ער זיך אָבגערופען—
„אָבער זיא ו עט דאס ניט אויספיהרען.
אויסער מיך, האָסטו נאך איינע שטיצע.
דער אַלטער מאָריטץ ריטטענבערג נעהמט
אינז ביידען אונטער זיין שוטץ. איך וויים
ניט וועלכען רעכט ער האט דערצו, נאר
דאס ווייס איך, אַז ער בעזיטצט איינע
גרויסע מאַכט איבער דיין מוטטער"—

יעטצט האט איהר גאָלדמאַנן ער-
צייהלט דיא גאַנצע געשיכטע פון זיין
מוטטער מיט דעם אַלטען ריטטענבערג.
ער האט איהר קלאָר געמאַכט, דאס דער
אַלטער ריטטענבערג וויל זיין מוטטער
מאַכען פאר זיין איינציגע ערבין.
טהערעזע האט פון דיא נאַכריכט וויא
א געלעבט און איינע הימלישע פריירע
האט אין איהרע אויגען געלויכטען.

—„אָ, יעטצט ווע ט אונזער פער-
בינדונג נאך לייכטער גיין!"—האט זיא
אין איהר פריידע אויסגערופען—„יעטצט
וועלן שוין מיינע עלטערן קיינע איינווענ-
דונגען ניט מאַכען, ווארום דוא אלס
ערבע פון דעם רייכען מאָריטץ ריטטענ-
בערג, איז דאך ווירק"יך אַ גלעצענדע
פאַרטייא פאר מיר, אפילו נאך זייערע
בעגריפפע!"—

נאך איינינע מינוטען האבען זיא
פערבראַכט און דאן האבען זיא זיך
געשיעדען.

קוים אבער זיינען זייערע טריטט אין
דער ווייטער אַללע פערקלונגען, אלס
נאַדיעשוזדאַ גריגאָריעוונא איז פון אונטער
דעם קאַרשענבוים ארויסגעגאַנגען.

שרעקליך איז געוועזען אַנצוקוקען איהר
צאָרנפלאַממענדעס געזיכט, איהרע ווילד
ברענענדיגע אויגען און איהרע פעכט
צוזאממענגעשלאָססענע ליפפען. זיא האט
מיט איהרע ציינער געקריצט און האט
אויסגערופען:

—„פערבונדען! אבער איך וועל
צוריק אָבבינדען! איהר מאַכט דיזם
רעכנונג אָהן דעם ווירטהען, מיינע
ליעבע! וויא ווערים וועל איך אייך צער-
טרעטען...נאך לעבט מאַטלע גור-
ל אַנד!...איך ווילל זעהן, ווער קען זיך
מיר שטעללען אין וועג!...זוויעראָוו,
נאָר זוויעראָוו, מוז איהר מאַן זיין!....
איך ווילל פון קיין שמוטציגען אידען ניט
וויססען!...״—

יט

## אבגעבונדען.

אויף מאָרגען אין דער פריה, איז
טהערעזא לעוווענבערג געזעססען אין
איהר צימער בייא איהר שרייב טיש
און האט געשריעבען פאָלגענדען בריעף:

„געליעבטע פריינדין, העלענע וויינ-
טרויב „איך קען מיר לייכט פארשטעלען
וואס פאַר אַ שלעכטע מיינונג דוא האָסט
אין דער לעצטער צייט פון מיר בעקומען;
איך הער במעט מיט מיינע אויערן, וויא
דוא זאגסט צו זיך זעלבסט יעדען טאג:
„ניטאָ קיין וואַהרע פריינדשאַפט אויף
דער וועלט! אללע זיינען פאַלש אונד
אללעס איז נאָר ליגן און טרוג (שקר
ב). ווער האט דאס געגלויבט, אז
מיין בעסטע פריינדין, דיא טרייע טהע-
רעזע לעווענבערג, זאלל מיך פערגעסען?
און דאך האט זיא צו מיר קיין איינציגע
זילבע ניט געשריבען ווייט זיא האט זיך
פון מיר געשיידעט אין פענסיאָן, זייט
איהרע רייכע עלטערן האבען איהר צו
זיך צוגענומען און האבען פון איהר גע-
מאַכט א גרויסע דאַמע!״ דאס זיינען
דיינע רייד יעדען טאָג און ווירקליך האָסט
דוא גענוג אורזאַכ״, מיך צו בעשול-
דיגען. אָבער, גלויב מיר, מיין טרייע
פריינדין, דאס איך האב קיין איינציגע
סעקונדע אויפגעהערט דיך צו ליעבען;
איך האב דיך קיין איינציגע מינוט פער-
געסען, און דיין טרייעס, רייצענדעס בילד
אומפלאַטטערט מיך נאך יעטצט ״יא
איין פריעדענבענגעל. נאר איך האב ד־
ביז יעטצט דיין טרייעס, ליעבענדעס הערץ
ניט געוואָללט פערוואונדען מיט אונאנ-
גענעהמע נאַכריכט פון מיין נייעם צו־
שטאַנד און פון מיין נייעם לעבען. איך
האב אלץ ערוואַרטערט וואס פריילינכעס
און אנגענעהמעס דיר אויפצושישען, נון,
גאָטט זייא דאנק, איך האב דאס דער-
לעבט און יעצט ווילל איך מיין פריידע
מיט דיר טהיילען!״

„נאָר פריהער פאַר אַלץ מוז איך
דיר שרייבען פון מיין געגענווערטיגען
צושטאַנד. איך וועל דיר איין בילד
אויפראָללען, דאמיט דוא זאללסט דייט-
ליך זעהן וויא דוא אירסט דיך, ווען
דוא מיינסט, דאס דער גליק, דער

ריכטהום, דיא אייביגע פריילּיכקייט אין מיין עלטערנס הויז און דיא גאַנצע עלעגאנטע וועלט. וואס רינגלען מיך אַרום, האט מיין דיך ליעבּענדעס הערץ אבּגעקיהלט".

„מיין פאטער איז יעטצט איין דאפּפּעלטער און פיללייכט איין דרייאפּאכער מילליאָנער וואס פאר א זיססען צויבער דיעזער וואָרט: „מילליאָנער" האט אין זיך! וויא הערר ליך דיעזעם וואָרט קלינגט! אָבּער, וויא שוואך, וויא אונפעהיג זיינען טויזענד מאָל טויזענד זעק גאָלד איהם דעם וואהרען גליק, דעם ריינעם גענוסס פון לעבען צו געבּען! מיין מוטטער איז מיט איהרע מילליאָנען פיעל עלענדער און אָרעמער, אַלס זיא איז נאך געוועזען דיא ארעמע, אונבּעדייטענדע, אונבּעאַכטעטע מאַטלע גורלאנד. דאן האבען איהרע געפיהלען אין איהר געשלאָפען, איהרע ווינשע און איהרע נייגונגען, וויא אויך איהרע תאוות זיינען געוועזען קליין און בּעשרענקט, זיא איז אין איהר אָרעמען צושטאנד געוועזען רוהיג, שטילל, פריעדליך און צו פריעדען, נון, האט זיא זיך אָנגעטרונקען מיט דיא געזאַלצענע וואססער פון דעם פערגניגונגס ים, איהר געלד און כבוד דורשט ברעננט מיט מעהר גלוטה, דיא טויזענדער זעק גאָלד האבען בּייא איהר קיין שים ווערטה ניט, אַ מילליאָן איז בּייא איהר אַ פּעניג, גלייך וויא זיא וואָללט יעדען טאָג דאַרפען פערשלינגען גאַנצע מילליאַרדען. אללע פערגניגענס האבען איהר שוין אָנגעעקעלט, זייא האבען איהר שוין ביז טויט פערמאַטטערט, זיא עסט ניט און טרינקט ניט, אדער זיך דייטליכער אויסצודריקען, עססען און טרינקען גייהט איהר ניט איין. דער לוקסוס, דער איבערנאַטירליכער קאָמפּאָרט און דיא אויסגעלאססענע עלעגאנץ, קריכען איהר שוין פון האַלז. זיא איז נאר איינע מאַשינע, וואס ארבּייט טאג און נאכט אום איהרע קראַנקהאַפטע ליידענשאַפטען (תאוות) צו בּעפריעדיגען און וואס מעהר געלד צו ערווערבּען. קורץ — זיא איז האַלב משוגע און גאנץ אונגליקליך".

„אָ, מיין טהייערע פריינדין, האָללסט דוא נאָר זעהן אונזער פירשטליכען פּאַלאַסט, וואס פאר מעבעל, דעקאָראַציאָנען און דראפּעריייען עס ציערען אונזערע צימערן, וועלכע שפּייזען און וועלכע טהייערע וויינען עס ווערען בּייא אונז אויפגעטישט, וויעפיעל דיענסטפּערטיגע הענד עס שאַפּען אַרום אונז!! אַבּער בּייא אַללעם דעם האבּ איך נאָר דעם געפיהל פון יענע אָרעמע געפאנגענע נאַכטיגאַל, וועלכע מען זעטצט אַריין אין אַ גאָלדענעם שטייג און מען פיטטערט איהר מיט צוקער און מיט מאַנדלען, דען זיא האט דערצו גאָר קיין חשק און קיין זינן ניט, זיא פיהלט זיך איינזאם און געפאנגען, זיא בּיינקט

נאך דעם שטיללען וואַלד און נאך דעם גרינעם צווייג, אויף וועלכען זיא פלעגט קענען פרייא איהרע פליגעלעך אויסברייטען און זינגען איהרע היממלישע ליעדער. מיין הערץ בלוטעט זעהענדיג וויא עס ווערן פערוואָרפען גאַנצע הויפענס גאָלד אויף אללערלייא נאַרעשקייטען, אויף מאנכערלייא קלייניגקייטען, וואס דיא נאַרישע פהאַנטאַזיע פין נאַרישע מענשען האבען ערפונדען, אום זיך מיט דיעזע נאַרישקייטען העכער צו שטעללען איבער זייערע אָרעמע מיטמענשען, וואס קענען דיעזען פיטטערגאלד און דיעזען פאלשען שיין ניט ערווערבען. עס ווערן גאַנצע טויזענדער אייגעבראכט, אום זיך דעם קליינסטען פערגניגען אויף א קורצע צייט צו פערשאפפען און דיעזע ריעזענהאפטע סומען, וויפיעל אָרעמע, עלענדע, שוואַכע, הונגעריגע און קראנקע וואללטען זייא קענען פערגרינגערן זייער שווערען עקזיסטענץ, וויפיעל טהרערן וואָללטען זייא אָבווישען! אָ, דער לוקסוס איז איינע שווערע זינדע, איין שרעקענסבילד, איינע הארטע עפידעמישע קראנקהייט, פון וועלכע היינטיגע וועלט איז שווער געפלאגט! איז עס דען ניט אַ שווערע זינדע גאַנצע אוצרות געלד אוים צו בריינגען אויף היינטיגע ניימאָדנע שפייזען און וויינען? איז עס דען ניט ריינער משוגעת צו שפייזען אויף אַ סערוויז, וואס עס קאָסט אַ גאַנצער פערמעגען, נאָר ווייל דער צווייטער קען עס ניט בעווייזען? איז ער דען ניט ווילד און אונמענשליך זיך איינצושמיעדען אין גאָלד און אין אללערלייא שטיינער, וואס קאָסטען אב גאַנצע אוצרות, אדער זיך איינוויקלען אין טולל און שפיטצען, דין וויא שפינוועב, און מורא האבען זיך צו זעטצען אָדער זיך אַנצושפארען? וואָללסט דוא נאר זעהן, מיין ליעבע העלענע, וואס פאר אַ נארישע וועלט, וואס פאר נאַרישע מענשען איך האב דאָ געפונען! איך האב דא אין ק... נאָך ווילדערע ענטדעקט אלס דער גרויסער קאָלומבוס אין אַמעריקאַ. יענע ווילדע פלעגען מיט פריידען דעם אייראָפּייער אוועקגעבען גאַנצע טעפּ גאלדקערנער און פעריל פאר איין שטיקעל שטאָהל אדער אייזען, אום דארוים נוטצליכע געצייג צו מאכען, און מיינע היעזיגע ווילדע, גיבען אַוועק גאנצע הויפענס גאָלד, ניין, זייא גיבע אַוועק האלבע יאהרען פון זייער לעבען פאר גוט פריזירטע לאָקען, פאר אַ הונד, וואס האט אַ יחוס־בריעף, פאר אַ שמייכעלע פון איינער אַקטריססע און דערגלייכען".

„מיינע עלטערן און מעהרערע פון היעזיגע אידישע אַריסטאָקראַטיע מאַטערן זיך מיט זייערע לעטצטע קרעפטען פון זיך דיא אידעשע מאַסקע אַראָפּ צו וואַרפען. וואָללסט דוא נאָר זעהן, מיין געליעבטע העלענע, וויא זייא מאַטערן

זיך, וויא זייא קנייטשען זיך, וואס פאר גרימאַסען זייא מאכען דערבייא! זייא בלאָזען זיך אָן וויא יענער פראָש אין זומפ, וואס האט געוואָלט גרויס ווערן וויא דער אָקס און זייא בלאָזען זיך אזוי לאנג מיט זייערע אללע כוחות, ביז פיעלע פון זייא ווערען צופּלאטצט. עס איז צום לאכען אָבער נאך מעהר צום וויינען זעהענדיג וויא דיעזע קליינע מענשעלעך, מיט זייערע קליינע קעפּעלעך און מיט זייער נאך קלענערן שכל קריכען פון הויט נאָר גלייך צו זיין צו יענעם סעקרעטאר פון אַקציזנעם אָפּים און נושא חן זיין בייא דעם גיבּטער; דערמאָנט מען זייא אונפּאָרזיכטיגערווייזע זייער אידעשע אבשטאמונג, אדער רופט מען זייא אָן בייא זייערע אידעשע נעמען — בעקומען זייא ספּאזמען מיט אַ סלוקערין. מיינע עלטערן זיינען נאך ווייטער פערקראָכען; זייא האבען זיך אריינגענומען אין קאָפּ מיר דורכאוים מיט אַ קריסטען חתונה צו מאכען, אָבער זייא וועללען דאס בייא מיר ניט אויספיהרען. דוא קעננסט דאך מיינע געזיננונגען, אויך קעננסט דוא זעהר גוט מיין שטאַרקען וויללען. זייא קענען מיר גיבער צוברעכען, איידער ביינגען. איך בין בערייט אללעס אין דער וועלט צו טאָן, נאָר מיין רעליגיאָן, אין, וועלכער איך בין געבאָרען, ניט אומצובייטען!"

„איך בעזון זייער אָפט דיא היעזיגע איטאַליעניש אָפּעראַ. דוא קעננסט דאָך, מיין טהייערע העלענע, מיין פּאָרליעבע צו דער דראַמאַטישער קינסט, מיין ענטהוזיאַזמוס פאר דעם טהעאַטער. אבער וואללסט דוא נאָר זעהן, וויא פאלש דיא וועלט, דיא מענשען זיינען איך דאָ אין דיעזען טעמפּעל דער קונסט! מען פוטצט דיא לאָזשען מיט גאָלד, מיט פּורפּור, מיט זייד, מיט פּערזישע דעקקען, מען שטעללט דאָרטען אוים גאַנציע בופעטען פון דיא טהייערסטע שפּייזען און געטרענקען, ווען דער קינסטלער, דער אַקטאָר, קיועלט זיך זיין גאנצען לעבען אין נויטה אונד אַרמוטה. פאר אללעס וואס עס געהערט, אדער עס געהערט ניט, צום טהעאַטער, צום איבערפליססיגען קאמפאָרט און צו דער איבעריגער בעקוועמליכקייט, האט מען אויסגעבראַכט טויזענדער, און פאַר דעם קינסטלער אליין, דער איינציגער גייסט, וואס בעלעבט דיזען טעמפּעל, זאָרגט קיין מענשליכעס הערץ, איהם צו פערזאָרגען, ער זאלל מיט פריידען, מיט מוטה אונד מיט אַ רוהיגען קאָפּ זיין קונסט נאַכהייגען אונד זיינע גייסטיגע קרעפטען מעהר ענטוויקלען קענען. מען קלייבט זיך היער אויף, אום צו בעטראַכטען דיא שיינע טואַלעטען איינער בייא דעם אַנדערן, צו שטודירען דיא פריזור אונד דיא מאָדע; דאָ איז דער פּלאַטץ, וואו מען קריטיזירט איינער

דעם אַנדערן, וואו מען וועבּט זיגרהאָפּטע ליעבּעס און ראָמאַנען אין דעם פראַנצייזישען שטיל. וואו מען קלייבּט זיך אויף, אום דעם מאגנען איבּערצולאַדען מיט אללערלייא דעליקאטעססען און דיא ביהנע בעטראכטעט נאָר איינער פון הונדערט, קיינער בעטראַכטעט ניט דעם אָרעמען קינסטלער, וואס רייסכט זיין גאַלל פאַר דעם מאָגערן ביינדיל, וואס מען וואַרפט איהם מיט פעראַכטונג צו. דיא קונסט, פאר וועלכע עס האָבּען מיט שוויים און מיט בּלוט געאַרבּייט יענע גרויסע גייכטער וויא מאָצאַרט, מייערבּער, בעטהאווען, מענדעלסאָן און הלוי, איז פאַר אונזערע „ציוויליזירטע" נאָר א פינפטער ראָד צום וואָגען".

„זייט איך בין בייא מיינע עלטערן אין הויז, האבּ איך בּוכשטעבּליך אויפגעהערט אַ לעבּעדיגער מענש צו זיין, איך בּין דאָ בּייא זייא אין הויז פאר א שטיק מעבּעל. מען פּוּטצט מיך, מען וואַשט מיך, איך טאָר מיך אלליין ניט אויכטאָן און ניט אָנטאָן, גלייך וויא איך וואָלט קיינע הענד האבען. כמעט יעדען טאג איז בּייא אונז בּאַללען און קאָנצערטען. אללע אונזערע צימּמערען זיינען פאָלל געפּאקט מיט געסט. וואָללסט דוא נאָר זעהן, מיין ליעבּע העלענע, וואס פאר א זאָרטע מענשען עס דרעהען זיך ארום מיר, וואס פאר א מאָדנע טואַלעטען, וואס פאר א לאַנגווייליגע געשפרעכען זייא פיהרען, מיט וואס מען טערטעט דיא גאָלדענע צייט! וואָללסט דוא נאָר זעהן וויא מען צייגט זיך, קנייצט זיך איינער פאר דעם אנדערן, וויפיעל חניפה און ליגען מען שיט דאָ אוים! אונד א טריטט אָן א זייט, לאַכט מען אין דיא הויפענכ, מ״ן ווינשט איינער דעם אַנדערן קיין גיטס אַונד מען בערעדט איינער דעם דעם אנדערן פון קאָפּ ביז דיא פּיס. יעדער גראבּט א גרוב פאר דעם צווייטען און יעדער זוכט זיך צו בענוטצען מיט דעם אנדערנס פעהלערן. וואָלסט דוא זעהן וואס פאר פּוסטע קאוואליערען דאָס זיינען, וויא אונגעבּילדעט, וויא אונוויסענד, וויא איבּעראייליג און פרעך זייא זיינע! זייא קאָרטשען פון זיך גרויסע אינטעלליגענטען, גיבען פון זיך א טאַן וויא געבּאָרענע פּרינצען, זייא דיינקען זיך אַ"ם גרויסע געלעהרטע און פילאָזאָפען אונד אין דער ווירקליכקייט זיינען זייא נאר אייסגעפּוטצטע אָראַנג-אוטאַנגען דרעסירטע פערד, וואס קענען טאנצען א קאַדריללל נאך דעם קלאַנג פון דער מוזיק. אָ, וויפיעל ליידעט מיין הערץ פון זייערע גראבּע קאָמפּלימענטען, פון זייערע אונגעשליפענע העפליכקייטען אונד פון זייער בעליידיגענדע עטיקעטטע! כמעט אללע פון זייא האבּען זיך מיר שוין מעהר וויא צעהן מאל אין ליעבּע ערקלעהרט, אין וואָללסטו הערען מיט וועלכע גראָבּע אויסדריקע, מיט וועלכע עקעלהאפטע פּהראַזען! וואָלסט דוא וויסען וואס פאר

ניעדעריגע מיינונגען זייא האבען איבער אונז פרויען, מיט וועלכע אויגען זייא בעטראכטען אונז!...„

„ניין, מיין ליעבע פריינדין! קיין גליק האב איך אין מיין עלטערנס הויז ניט געפונען. מיינע עלטערן האבען פון מיר געוואָללט מאכען דעמזעלביגען אויסגעפוצטען טויגעניכטס. וויא זייא זיינען אַלליין, זייא טיראניזירען מיך ביז טויט, זייא מאכען מיר מיין לעבען פינסטער און ביטטער. מיין געמיטה איז קראנק, מיין הערץ בלוטעט. אָ, וועלכע שרעקליכע סצענען זיינען שוין צווישען אונז פאָרגעקומען, נאָר וויל איך לאָז מיך ניט בייגען, ווייל איך וויל מיין ריינעם געוויססען און מיין פעסטע איבערצייגונג ניט פערקויפען פאר א פאלשען שיין! מיין מוטטער האט מיך געוואָללט פערשאַכערן צו איינעם פון יענע אויסגעפוצטע אַפפען, וועלכע איך האב דיר דא געשילדערט, נאָר איך האב וויא איינע וואַהרע העלדין געקעמפפט, אונד גאָטט זייא דאנק, איך האב מנצח געוועזען! דיעזער קאַמפף האט מיר זעהר פיעל קרעפטען געקאָסט. פיעל מאל האב איך דיר מקנא געוועזען, געליעבטע העלענע! מיט וועלכע פריידען וואָללט איך אַוועק געגעבען א העלפט פון מיין לעבען, אום נאָר דיא פרייהייט צו געניסען, וועלכע דוא געניססט, צו זיין אזויא פרייא אונד אונאַבהענגיג וויא דוא און לעבען מיט אַזעלכע איינפאכע, אַנשפרוכסלאָזע. שטילע און אָרענטליכע לייט וויא דיינע גוטע עלטערן זיינען! אַך עס שטעהט מיר נאך פאר דיא אויגען דער שטיללער האַלב פערשלאָפענער גרינער וואַלד, אין וועלכען איך האב מיט דיר פערלעבט דיא גליקליכסטע שטונדען פון מיין גאנצען לעבען, אלס איך האב דיך בעזוכט אויף מיין רייזע פ ן בערלין קיין ק..., פון וועלכען גליק האב איך דאַן געטרוימט אונד אין וועלכע שיינע פארבען האב איך מיר דאַן מיין צוקונפט אויסגעמאָלט!

„נון האט דיא גליקליכע שטונדע פאר מיר געשלאגען! איין ליכטיגער שטראהל האט זיך צו מיר אין דיעזער וויסטע אראַבגעלאָזען און האט מיר געוויעזען דעם בליהענדען און פרוכטיגען אָאַזיס (איין שטיק פרוכטבאַרעס לאנד אין מיטטען מדבר), דעם שיינעם אינזעל אויף דעם שטירמישען ים. העלענע! מיט וועלכע ווערטער זאלל איך דיר מיין גליק שילדערן? מיין פעדער איז צו שוואך דערצו. דאס גליק לאָזט זיך ניט אויסמאָלען; קיינער איז ניט אים שטאנדע איהם מיט ווערטער אדער מיט פארב איבערצוגעבען. איהם קען מען נאָר פ י ה ל ע ן און דאַן ב ע ג ר י י פ ע ן.

„אָ, העלענע לאז מיך אויף דיין האלז פאַללען, דיך צו מיין שטירמישעם, איבערגליקליכעם הערץ דריקען און מיין פרייד, מיין גליק ערצייהלען!... איך בין גליקליך, טהייערע העלענע, איבער גליקליך!... איך ליעבע... דוא הערסט, העלענע? איך ליעבע דעם

שענסטען, דעם ערעלסטען, דעם בע-
גאַבטעסטען מענשען פון דער וועלט און בין פון איהם געליעבט! ערשט נעכטען האבען מיר זיך ביידע אונזער ליעבע בעקענט, און היינט שרייב איך דיר שוין דיעזע פרייליכע נאכריכט. איך וויל ניט, אז זיא זאלל בייא מיר קאַלט ווערן; פריש און ווארעם וויא זיא איז, מוזט דוא איהר פון מיין הער-
צען בעקומען!..."

„וואָללסט דוא איהם נאָר זעהן, טהייערע העלענע, איהם, מיין שיינעם, מיין גוטען איסאאק! אָ, וויא ניעדעריג קומען מיר פאר אַללע מאנסלייט, וואס פלאַטטערן מיך אַרום וויא ביענען, אנטקעגען מיין גוטען איסאאק! וויא גליקליך וואָללט איך מיך שעטצען ווען דוא וואָללסט איהם זעהן, ווען דוא וואָללסט איהם קענען און מיר זאגען דיין מיינונג איבער איהם! וויא גרויס, וויא גרענצלאָז מיין ליעבע איז צו איהם! און דוא ווייסט, ליעבע הע-
לענע, וואס איך וועל דיר זאגען? מיר שיינט, איך ליעב איהם נאך מעהר אלס דיך!"

„דאס גליק דאכט זיך אונז מענ-
שען אזוי ווייט פון אונז, אזוי הויך און אזוי אונערדרייכבאר, און דאך איז ער אונז אָפטמאָל פיעל נעהנטער אלס מיר דיינקען. איך האב איהם, מיין גוטען איסאאק, פון ווייטען בעטראכט, האב איהם גאַנץ אין געהיים געשטודירט און האב איהם ליעב, שטארק ליעב בעקומען. אָ, וויעפיעל שלאפלאָזע נעכט האט ער מיר פערארורזאכט, וויפיעל מאל האב איך מיינע הענד צו איהם אויסגעשטרעקט און האב זייא האפפונגס-
לאז צוריק אַראָבגעלאָזען! איך האב גערעכענט אז איך בין ניט ווערטה, ניט געשאפפען צו אזא גרויסען גליק, ער שטייהט דאך הונדערט שטאפלען העכער פאר מיר, זיין גייסט איז פון איין ערלערע מאַטעריע געשאפפען און נון, טהייערע העלענע, קענסט דוא דיר מיין פרייד און מיין גליק פאָר-
שטעללען, אַלס איך האב בעמערקט, דאס ער ליעבט מיך! נעכטען איז אונ-
זער היילִיגע פערבינדונג געוועזען פאר גאַטט, נאר ער אלליין האט צוגעהערט, וויא מיר האבען אונז עוויגע ליעבע, עוויגע טרייע צוגעשוואָרען, דיא ליב-
טיגע לבנה און דיא מיללייאָרדען שטערן זיינען אונזערע עדות געוועזען!..."

„פאר דער האנד ווייס איך נאך ניט, וויא דיא זאך וועט אויספאללען, וויא אונזער בונד וועט פאר דער וועלט געשלאָססען ווערען, נאר איך האָף, אז דיעזע אללע נעבענזאכען וועלען זיך שוין איינאָרדנען. מיין איסאאק שטודירט אויף היגען אוניווערזיטעט יוריסט און לעבט היער מיט זיינע א מוטטער פון אונטערריכט און פון זיין פעדער. וויא דיא זאך וועט אויספאללען און וואס עס

זעם ווייטער זיין. וועל איך ניט פער-זאממען דיר צו שרייבען".

,,איינס נאך מאכט מיך אונרוהיג. עס שטייהט מיר נאך פאר אַ שווערע שטונדע. איך וועל נאך מוזען דעם לעטצטען קאמפף מיט מיינע עלטערן אויספעכטען. מיינע עלטערן וועללען איך קיין פאלל ניט צושטימען צו מיין בחר. א, וואס פאר אַ שרעקליכער קריעג וועט דאס זיין! און ווירקליך איז דיעזער קאמפף דער שווערסטער פאר מיר, ווייל איך האב געגען מיינע עלטערן קיינע וואפפען, אָבער מיר פעהלט ניט קיין מוטה און קיין ענערגיע. איין בליק אויף זיין ערלעם געזיכט גיט מיר דיא קראפט פון איין ריעזען!"

,,נון, לעבע וואהל, מיין טהייערע, מיין געליעבטע העלענע! שרייב מיר, מיט וואס פערברייננסט דוא דיא צייט. שרייב מיר, פיעללייכט האט אויך דיין עדלעס הערץ געפונען זיין אידעאל. גלויב מיר, אום דעם רעכטען צו גע-פינען, דאַרף מען ניט גראדע דיא גרויסע שטעדט. דאס גליק קען אונז איבעראלל טרעפען... לעבע וואהל!"

,,עס גריססעט און קיססעט דיך דיין דיך טרייע און עוויגליעבענדע פריינדין

טהערעזע לעווענבערג.

זיא האט דיא פעדער אנידער געלייגט. איהר געזיכט האט געשטראַהלט אין פריידען און אין גליק. נאָך איינמאָל האט זיא דעם בריעף איבערגעלעזען, דאַן האט זיא איהם אריינגעלייגט אין אַ אינוועלאָפּ, האט אויפגעשריבען דיא אדרעססע און האט איהם איבערגעגעבען איהר קאממער מערכען, איהם אויף דער פאָסט אוועק צו טראָגען, אלס זיא איז געבליבען אלליין, האט זיא זיך האַסטיג אנגעקליידעט און איז אוועק געגאנגען צו מאָריטץ ריטטענבערג, אום איהם, אלס איהר איינציגען פריינד, דיא פרייליכע נאכריכט פון איהר גע-היימע פערלאָבונג מיט גאָלדמאַנען צו בריינגען.

דיא נאטור האט אונז מענשען וואונ-דערבאר בעשאפפען. מאנכעס מאָל ווערדען וויר צו געצווינגען צו איין מענ-שען, וואס איז אונז ווילד פרעמד אונד מיר פיהלען צו איהם דיא גרעסטע ליעבע אונד פריינדשאַפט, אויך האססען וויר זעהר אָפט איין מענשען גאָר איין אור-זאַכע. אונזערע געלעהרטע רופען אָן אזעלכע געפיהלען מיט דעם נאָמען: „טהיר-אינסטינקט", וואהרשיינליכער איז, דאס אונזער זעעלע (נשמה) שפיעלט דערבייא דיא הויפט ראָללע. זיא פער-בינדעט זיך מיט דעם, וואס עס איז מיט איהר פערוואַנדט און זוכט דעם קערפער, אין וועלכען עס פליססט דיא זעלבינע בלוט, וואס אין איהרען. אזויא איז דאָ אויך בייא טהערעזא לע-וועגבערג דער פאלל געוועזען. פון

איהר ערשטע בעקאַנטשאַפט אָן מיט מאָריטץ ריטטענבערג, האט זיא צו איהם געפיהלט א גרויסע סימפאטהיע און האט איהם געליעבט וויא איין פאַ־טער. זיא האט נאך אפילו יענעם שרעקליכען געהיימניסס ניט געוואוסט און דאָך האט זיא איהם בעטראכט אלס איהר בעסטען פריינד אויף דער וועלט און פלעגט מיט פריידען בייא איהם פערברייגגען גאנצע שטונדען. זיא האט איהם אין אללע איהרע הערצענס גע־היימניססע איינגעווייהט און זיא פלעגט בייא איהם פרעגען עצות אין מאנכע ענינים. מאָריטץ ריטטענבערג האט מיט דעם גרעסטען פערגניגען צוגעזעהן, וויא זיין טאָכטער בינדעט זיך צו איהם צו מיט יעדען טאג אלץ שטארקער און פלעגט איהר בעהאנדלען וויא איינע טאָכטער. ער פלעגט איהר ראטהען, ליינקען און פערהיטען פון מאַנכע גע־פאהר אין איהר מוטטערס הויז. ער פלעגט איהר אויפווייזען וואס זיא זאלל לערנען, וואס זיא זאלל שטודירען און נאר ער און זיינע קלוגע רייד האבען אויף איהר געווירקט, דאס זיא זאלל זיך ניט פערוויקלען אין דעם ווילדען חאָס, וואס האט געהעררשט אין איהר מוטטערס הויז. אין זיין הויז פלעגט זיא זיך פיהלען היימיש, פרייא און רו־היג און צו איהם פלעגט זיא אנטלויפען, ווען דיא אייביגע בעללער אין איהר מוטטערס הויז פלעגען איהר פערמאַט־טערן. דאָרטען, בייא איהם אין הויז, אין יענע זיססע און פריעדליכע איינזאַמ־קייט, פלעגט זיא זיך אויסרוהען און איהרע גייסטיגע קרעפטע צוריק זאמלען.

היינט אין דער פריה, גלייך וויא זיא איז אויפגעשטאַנען, האט זיא פון איהם ערהאַלטען אַ קליינע קאַרטע, אין וועלכע ער האט זיא געבעטען, זיא זאלל איהם היינט בעזוכען, ווייל ער האט מיט איהר איבער איין וויכטיגען געגענשטאַנד צו ריידען, און זיא האט זיך געאיילט איהם אויפצוזוכען און איהם בריינגען דיא נאַכריכט פון איהר פערלאָבונג מיט גאָלדמאַנען.

אבער וויא האט זיא זיך ערשראָקען, אלס זיא איז צו איהם אריינגעגאַנגען און האט זיין טויט בלאַסעס געזיכט אונד זיינע איינגעפאַללענע אויגען בע־מערקט. דער גליקליכער שמייכעל, וואס האט געשוועבט אויף איהרע ליפ־פען איז געשווינד פערשוואונדען געוואָרען און איין פינסטערער וואָלקען פון טרויער האט איהר געזיכט בעדעקט אלס זיא האט אויס גערופען:

— „מיין גאָטט, הערר ריטטענבערג, וואס פעהלט אייך?! וויא שלעכט איהר זעהט אויס!"

זיא האט זיך איבער זיין מאָגערע און קאלטע האנד איינגעבויגען און האט איהר בעדעקט מיט הייסע קוש־סען. איהרע אויגען האבען זיך געפיללט מיט טהרערען.

— „שרעק דיך ניט, מיין קינד, זייא רוהיג!" — האט איהר מאָריטץ ריטטענבערג מיט זיין קראַנקע און הייזעריגע שטימע געענטפערט — „מיינע שמערצען וועללען באלד אויפהערען... איך בין שוין נאָהענט פון ציעל!..." —

— „אום גאטטעס וויללען, שלאָגט איהר ארויס פון זינען אַזעלכע טרויעריגע געדאנקען!" — האט זיא זיך אָבגערופען און איהרע שטיממע האט געציטטערט — „איך גלויב אז דאס איז נאָר איין פאָראיבערגייהענדע קראנקהייט און באַלד וועט איהר אייך בעססערן. איהר מוזט וואס צום גיכסטען אייער דאקטאר צו זיך בעשטעללען!" —

— „ניין, מיין קינד!" — האט ער איהר געענטפערט — „קיין קונסט אין דער וועלט קען מיר שוין ניט העלפען. דיא נאַטור פאָדערט איהר רעכט!..." —

מעהר האט זיך שוין טהערעזא ניט געקענט איינהאלטען. זיא האט ארויסגעפלאַטצט מיט א גרויס געוויין און איהרע טהרערין האבען געפלייצט וויא פון צווייא קוואַלען. אין איהר טיעפען שמערץ איז זיא געפאללען אויף איין שטוהל, האט איהר געזיכט פערדעקט מיט איהרע ביידע הענד און האט ביטטערליך געוויינט.

— „אבער איך בעט דיך טהערעזע, מיין ליעב קינד, בערוהיג דיך!" — האט איהר מאָריטץ ריטטענבערג געבעטען מיט אַ שטיממע, אין וועלכע עס האָבען געקלונגען בעהאַלטענע טרערען — „מיט וויינען און מיט טרערען וועסט דוא דיזען אונפערמיידליכען נאַטור געזעטץ ניט איבער מאכען. איך בין ניט דער ערשטער און איך וועל אויך ניט זיין דער לעצטער. איך האב שוין מיין ראָללע אויף דיזען טהעאַטער, וועלכען מיר מענשען רופען „וועלט" אויסגעשפיעלט און איך מוז דיא ביהנע אבטרעטען פאר אנדערע..." —

— „גאָטט, מיין גאָטט!" — האט טהערעזע אויסגערופען — „איז עס דען מעגליך אז איך זאלל מיין איינציגען פריינד פערליערען! אָ מיט וועמען וועל איך בלייבען אויף דער וועלט!" —

— „זייא נאָר רוהיג טהערעזע! האט זיך מאָריטץ ריטטענבערג אבגערופען איהר קאָפּ מיט זיינע הענד ארומנעהמענדיג אונד איהר שוואַרצע האָר מיט קוססען בעדעקענדיג — „איך לאָז דיך איבער אין גוטע הענד. איך האב שוין וועגען דעם לאַנג געזאָרגט. איך האב אללע מאָל געוואוסט וויא עלענד, וויא אונגליקליך דוא ביזט בייא דיינע עלטערן. איך ווייס וואס זייא וויללען פון דיר מאַכען. זייא וויללען דיך וויא אַ שטיק סחורה פערשאַכערן פאר יעדען טויגעניכטס, פאַר יעדען אויסוואורף, נאָר זייער אייגענליעבע צו בעפרידיגען. אבער איך וועל דאס ניט צו לאָזען! איך האב דיא מיטטלען אין מיינע הענד, אום דיינע עלטערן צו היג

דערן אין זייערע פּלאַנען. איך האָב פאַר דיר געפונען דעם רעכטען, וואָס וועט דיך גליקליך מאַכען. אָ טהערעזע, מיין ליעב קינד, וואָללסט דוא וויססען, וואָס פאַר איין ערהאַבענער מענש דאָס איז! אין אונזערע צייטען איז אַזאַ מענש אַ זעלטענהייט, וואָללסט דוא וויססען וויא ער ליעבט דיך!...“ —

— „ער ליעבט מיך? און ווער איז דאָס?“ — האָט איהם טהערעזע האַסטיג געפרעגט און איז פון איהר שטוהל אויפגעשטאַנען. אַללע איהר'ע גליעדער האָבען אנגעפאַנגען צו ציט־טערן. זיא האָט געגלויבט אַז דאָ האַנ־דעלט זיך ווידער וועגען יענעם פער־האַסטען זוויעראָוו —

מאָריטץ ריטטענבערג האָט איהר איינינע מינוטען מיט פאָרשענדע בליי־קען אנגעקוקט, גלייך וויא ער וואָללט וועלען לעזען אין איהר הערצען. איין שמייכעל פון גליק און פון פרייד האָט אויף זיינע ליפּפען געשוועבט.

— „און דוא וויסט גאָר ניט ווער עס ליעבט דיך, טהערעזע?“ — האָט ער איהר געפרעגט און האָט איהר נאָך טיעפער ארייננעקוקט אין איהרע אויגען — „אדער, שעמסט דוא דיך, מיר. דיין איינציגען פריינד, דיין הערצענס-גע־היימניסס צו ענטדעקען?“ —

— „אָ, מיין פריינד!“ — האָט זיך טהערעזע אבגערופען און האָט איהרע פערשעממטע אויגען צו דער ערד אראָב־געלאָזען — „עס פלאַטטערן ארום מיך זייער פיעל קאַוואַליערען. עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, אז ארום דיא טאָכ־טער פון אַ מיללייאָנער דרייהען זיך ארום הונדערטע ליעבהאָבער. יזם האָ־בען זיך מיר שוין אַ פּאָר צעהנדליג הערצען פון קריסטען און פון אידען אין ליעבע ערקלערט. אבער איך וויים וואו־הין דיעזע ערקלערונגען ציעלען. אַללע דיעזע ערקלערונגען אדרעססירען זיך צו מיין פאָטערס זעק געלד. איך אל־ליין, דאָס הייסט: מיין פּערזאָן, שפּיעלט בייא זייא דיא קלעוסטע ראָללע. זאָלל איך אזוי נאַריש זיין און זיך אוועק געבען איינעם פון דיעזע ניעדעריגע שפּעקולאַנטען, וואָס שפּעקו־לירען נאָר אויף מיין גרויסען גרן?“ —

— „רעכענסט דוא אויך איסאַאַק גאָלדמאַנן אונטער דיעזע ניעדע־ריגע שפּעקולאַנטען, מיין קינד?“ — האָט איהר מאָריטץ ריטטענבערג גע־פרעגט און האָט פון איהר געזיכט זיינע פאָרשענדע בליקען ניט אראָבגענומען. —

איין לייזער געשרייא האָט זיך פון איהר ברוסט פלוצלונג ארוים געהאַפּט. זיא איז געוואָרען באַלד בלייך וויא קאַלך אונד באַלד רויט וויא פּורפּור.

— „איסאַאַק גאָלדמאַנן!“ — האָט זיא קוים ארוים געשטאַממעלט — „וויא קוממט איהר צו דעם געדאַנקען... פון וואַנען ווייסט איהר?...“ —

— „זעטץ דיך, מיין קינד, און הער

מיך רוהיג אוים !" — האט ער איהר געענטפערט — „גראַדע װעגען דעם האב איך דיר היינט איינגעלאַדען צו מיר. איסאַאַק גאָלדמאַנן איז מיינער איין נאָהענטער פערוואַנדטער אונד זעלבסט פערשטענדליך, מיין איינציגער יורש, קיין אנדערע יורשים האב איך ניט... איך וויים, מיין קינד, אז ער ליעבט דיך מיט דעם גאַנצען פייער פון זיין טרייעם הערץ. ער האט דאס מיר איניגע טעג צוריק ענטדעקט. איך גלויב, אז דוא, מיין ליעב קינד, ביזט אייך נים גלייכגילטיג צו איהם. נון איז מיין איינציגער און מיין לעטצטער וואונש, אז איהר זאללט זיך פערבינדען מיט דעם הייליגען באַנד אויף עוויג. דוא קענסט איהם, מיין קינד, גאנץ גוט און דוא וויים, אז ער איז נים גלייך צו היינטיגע יונגע מענשען, אדער צו יענע שפעקולאַנטען, פון וועלכע דוא האסט מיר ערשט געזאָגט. ער איז דורכאוים ווערטה, אז דוא זאָללסט איהם מיט דיין האַנד, מיט דיין עוויגע ליעבע בעגליקען. מיר שיינט, אז קיין גלייכערע פאָר וויא איהר ביידע, קען אויף דער וועלט נים זיין !"—

מיט יעדען וואָרט, וואס מאָריטץ ריטטענבערג האט גערעדט, איז טהערעזעס געזיכט ליכטיגער געוואָרען. איינע הימלישע פריידע האט פאן איהרע אויגען געשטראהלט. זיא איז וויעדער האסטיג פון איהר שטוהל אויפגעשפאַנגען, האט דעם אלטען שטירמיש אומגעארמט און זיין געזיכט מיט הייססע קוססען בעדעקענד, האט זיא אויסגערופען :

— „אָ, איך גליקליכע ! אָ, מיין טרייעסטער, מיין איינציגער פריינד ! גראַדע וועגען דעם בין איך צו אייך געקומען. איך קען מיין גליק, מיין גרויסע פרייד אין מיין הערצען נים איינשליססען. מיין הערץ איז צו איינג, אזוי פיעל גליק און פרייד אין זיך איינצוהאלטען. איך מוז עס מיט מיין בעסטען פריינד טהיילען. נעכטען ביי נאכט האב איך מיך מיט מיין געליעבטען איסאַאַק פערלאָבט. פון אונזער הייליגען און טרייען בונד וויים ביז יעטצט מעהר נים וויא גאטט אַלליין ; ער, זיין מאָנד און זיינע ליכטיגע שטערען האבען אונזערע שבועית צוגעהערט !..." —

— „אזוי ?" — האט זיך מאָריטץ ריטטענבערג אָבגערופען און אין זיינע האלב אויסגעלאָשענע אויגען האט איין יוגענדליכער פייער אויפגעבליטצט — „און דעם אלטען און שוואכען ריטטענבערג האט מען גאָר ניט געפרעגט ! אָ, איך קען אייך יונגע שווערמער ! אייער ליעבע בעהאלט איהר וויא קאָנטרעבאַנד ; דער בעסטער פריינד טאָר ניט וויססען, וואס עס טהוט זיך אין אייערע הערצער. אזוי איז דאס. איך בין אַמאָל אויך אזוי געוועזען... נון, מיין קינד, פון גרונד הערצען גראַטו-

לירע איך דיר און ווינש אייך ביידען
דעם העכסטען גליק. דאס איז געוועזען
מיין איינציגער וואונש און מיין לעטצ-
טער ציעל, צו וועלכען איך האב גע-
שטרעבט. נון, קען איך שוין רוהיג
שטארבען מיט דעם גליקליכען בעוואוסט-
זיין, אז מיין בעסטער וואונש, האט
זיך נאך אין מיין לעטצטע לעבענסמי-
נוטע ערפיללט. א, דאנק דיר גאטט
דאס איך האב ניט אומזיסט געלעבט
און געליטען אויף דער וועלט!..." —

ער האט איהר וויעדער אומארמט,
אן זיין הערץ געדריקט און זיינע הייסע
טהרערין זיינען געפאללען אויף איהרע
שווארצע לאקקען.

וויא גליקליך וואלט ער געוועזען,
ווען ער וואלט איהר קענען ענטדעקען
יענעם געהיימניסס, פון וועלכען אויסער
איהם און נאדיעשודא גריגאריעווגא
האט קיינער ניט געוואוסט, ווען ער
וואלט איהר קענען זאגען, וואס ער
איז איהר און וואס זיא איז איהם!
אבער ער טאר דאס ניט טאהן, זיא
דארף ניט וויסען, אז אייף איהר גע-
בורטה ליעגט א שווארצער פלעק. דאס
וועט איהר יונגעס לעבען אין גאנצען
פערניכטען, זיא וועט דעם געדאנקען
ניט איבערטראגען, דאס זיא איז דיא
פרוכט פון איינער זינדע...

טהערעזע האט זיך אין זיינע ארעמס
געפיהלט וויא אין איינער אומארמונג
פון איין הייססגעליעבטען פאטער. הער-
צעל לעווענבערג האט זיך אללע מאל
צו איהר געוויזען קאלט און גלייכגיל-
טיג. ער האט מיט איהר ניט פער-
קעהרט מיט יענע ווארעמע הערצליכ-
קייט און ליעבע, מיט וועלכע א פאטער
בעהאנדעלט זיין איינציגעס קינד און
אזוי אויך זיא, פון איהר זייט, האט
איהם אללע מאל בעטראכט וויא איין
פרעמדען און האט צו איהם קיין אינ-
נערליכע ליעבע ניט געפיהלט. אזוי
אויך האט זיא זיך געהאלטען אין איהר
אומגאנג מיט איהר מוטטער. צו דעם
אלטען ריטטענבערג, וועלכען זיא האט
גערעכענט פאר איין יונענד פריינד פון
איהרע עלטערן, האט זיא, מערקוויר-
דיגער ווייזע, א גרויסע סימפאטהיע
געפיהלט און האט איהם געליעבט וויא
איין פאטער. מיט איהרע עלטערן פלעגט
זיא זייער ווייניג פערברייינגען, פאר
זייא האט זיא קיין ווערטער ניט געהאט
און מיט מאריטץ ריטטענבערג האט זיא
געהאט דעם גרעסטען פערגניגען צו
פערברייינגען. איהר מוטטער האט מיט
פריידען צוגעזעהן וויא דיא פריינדשאפט
צווישען איהר טאכטער און מאריטץ
ריטענבערג ווערט מיט יעדען טאג
שטארקער און אויף דיזע פריינדשאפט
האט זיא געבוים איהר פלאן וועגען דער
ירושה. זיא האט גאר ניט געצווייפעלט,
אז דער אלטער וועט קיין אנדערן זיין
גרויסען פערמעגען ניט אבזאגען, נאר
איהר אדער טהערעזען, זיא האט אבער

צום גליק ניט בעמערקט, אז דער אלטער פיהרט דער טאכטער אראפ פון יענע וועגען, אויף וועלכע זיא האט איהר ארויפגעפיהרט.

אין איינינע מינוטען שפעטער האט טהערעזע צו איהם געזאגט:

„איך האב מורא ווען מיינע עלטערן וועללען דאס ערפאהרען, וועלען זייא זוכען מיטלען אונזער גליק צו שטערן“—

— „זייא רוהיג, קינד!“ — האט ער איהר געענטפערט — קיינער איז ניט אים שטאנדע אייער פעסטען בונד צו צער־רייסען. איך האב גענוג מיטלען דיינע עלטערן צו צווינגען, זייא זאללען צו דיין בונד איינשטימען. מיין עצה איז, אז דוא זאלסט דיינע עלטערן דייטליך ארויס זאגען, אז דיין ענטשלוס איז אונפערענ־דערליך, דאס איבעריגע לאז מיך מאכען“

נאך אונגעפעהר א האלבע שטונדע האט טהערעזע פערבראכט בייא מאריטץ ריטענבערג, דאן האט זיא פון איהם אב־שייד גענומען און איז מיט א פרייליכען הערצען געגאנגען אהיים.

## כ.

טהערעזע האט נאך איהר הוט און מאנטעל ניט געהאט אויסגעטאהן, אלס נאדיעזשדא גריגאריעוונא איז צו איהר אין צימער אריינגעגאנגען. זיא איז נאך גע־וועזען אין נעגליזשע, דיא געפארבטע שווארצע און לאנגע האאר זיינען אין אונ־ארדנונג ארום קאפ געהאנגען, צוזאמענ־געהאלטען מיט איין גאלדענעם קאמ. זיא האט געטראגען א זיידענעם, ווייסען מארגענראק, אין האנד האט זיא געהאל־טען א פאפיראס פון טהייערן טערקישען טאבאק, אין דיא ערשטע סעקונדען איז איבער איהר געזיכט איבערגעפלויגען א צוג פון האס און פון טיעפסטע פעראכ־טונג, דאן האט זיך איהר געזיכט אויפ־געהעללט און איהרע מיענע איז ווידער פריינדליך געווארדן, אלס זיא האט טהע רעזען געפרעגט:

—„פיהלסטו דוא דיך שוין היינט בע־סער, מיין ליעבע קינד? וויא האסט דוא דיא נאכט צוגעבראכט? האסט דוא גוט געשלאפען?“—

אויך יעצט וויא אללע מאל האט זיך נאדיעזשדא גריגאריעוונא צו טהערעזען געווענדעט אין דער רוססישען שפראך, מיט יענעם שרעקליכען אקצענט און מיט יענע גראמאטישע פעהלערן אין דער אויס־שפראכע, פון וועלכען אללע איהרע בע־קאננטע אין אונבעקאננטע האבען גע־לאכט אין דיא הויפענס.

—„דאנק דיר ליעבע מוטטער!“ — האט איהר טהערעזע געענטפערט אין איין רוהיגען און גלייכגילטיגען טאן — „איך פיהל מיך היינט, גאטט זייא דאנק, פיעל בעססער. איך בעט דיך אלזא נאך איין מאל, דוא זאללסט מיר פערצייהען וואס איך בין נעכטען ניט געקומען צו דער געזעללשאפט!“—

—„דערפאר ווערסט דוא אונז היינט

געווים דעם פערגניגען מאכען, טהערעזע!"
— האט זיך נאַדיעזשדא גריגאָריעוונא אב-
גערופען און האַט איהר דערבייא מיט
פאָרשענדע בליקען אנגעקוקט — "היינט
אָבענד וועט בייא אונז א גרויסע גע-
זעללשאפט זיין. זוויערעוו וועט בייא אונז
אין'גארטען א גרויסע פייערווערק געבען
מיט בענגאַלישע פייער." —

— "איך קען דיר אויף געווים ניט צו-
זאגען, ליעבע מוטטער!" — האט טהערעזע
איהר געענטפערט און האט דערבייא איהר
הוט און מאנטעל אויסגעטאָהן — "איך
וואָללט וועלן היינט אויסרוהען, דען איך
פיהל מיך נאך א ביסעל אנגעגריפען..." —

מעהר איז שוין נאַדיעזשדא גריגאָר-
יעוונא ניט אים שטאנדע געוועזען דיא
מאסקע פון רוהע און פריינדליכקייט
צו טראגען. וויא גרויס איהר קונסט אין
פערשטעללונג און אין זעלבסט בעהערר-
שונג איז געוועזען, האט דאָך יעצט
איהר געדולד געפלאַצט. דיא וואונ-
דע אין איהר הערצען פון נעכטען
בייא נאכט אָן, אלס זיא האט דיא ליע-
בעס ערקלעהרונג צווישען טהערעזען און
גאָלדמאנען צוגעהערט האט איהר שטאַרק
געברענט. זיא איז פלוצלינג בלייך גע-
וואָרען וויא קאלך, איהרע אויגען האבען
אין ווילדען פייער אויפגעבליצט און איהר
שטיממע האט פון צאָרן געצ'טטערט, אלס
זיא האט אין ריין יודיש אויסגערופען:

— "אַה, דוא ביזט קראַנק, מיין האָב-
פערעהרטע פרייליין! דוא קענסט דיין צו-
מער ניט פערלאָזען, דוא פיהלסט דיך
אנגעגריפפען און קענסט קיין אַנטהייל
נעהמען אין מיינע קליינע פעכטע! נון,
וואונדערט עס מיך זעהר. וואו נעהמסט
דוא קרעפטען א גאנצע נאכט אין גאר-
טען צו זיטצען?"

— "וואס מיינסטו ליעבע מוטטער?" —
האט איהר טהערעזע צוריק געפרעגט און
האט איהר גאנץ איבערראשט און העכסט
פערוואונדערט אנגעקוקט — "איך פער-
שטעה דיך ניט!" —

— "קענט איהר דיא אונשולד?" —
האט נאַדיעזשדא גריגאריעוונא מיט ביט-
טערער איראָניע אויף אידעש געענטפערט,
"זעהט נאָר וואס פאר א פרומען פּנים'ל
זיא מאכט — אַ וואַהרע צנועה! זיא ווייס
בלומערשט ניט פון וואס צו זאגען; זיא
קען נעביך קיין צווייא ניט צייהלען!" —

— "אבער וואס ווילסטוא?!" — האט
טהערעזע ערשראָקען אויסגערופען, —
"וועגען וועמען רעדכט דוא?" —

— "גאנץ איינפאך, מיין צנועה, מיין
צדקניות!" — האט איהר דיא מוטטער
געענטפערט — "וועגען יענע אונשולדיגע
און כשר'ע פרייליין, וואס האט פון איהר
קלאַססדאַמע געלערנט, אַז מען טאָר קיין
אויסגעשניטענע קליידער ניט טראגען,
פון יענע פרייליין, וואס לאָזט צו זיך ניט
צו קיין מאנספערזאָן, וואס לעזט ניט קיין
ראָמאנען און שטראַפט אנדערע; פון יענע
פרייליין רייד איך, וואס מעלדעט זיך
קראנק און אנגעגריפפען אום א גאנצע

נאכט גאנץ אונגעשטערט מיט איהר גע־
ליעבטען צו קאָקעטטירען..."—

,,איך פערשטעה דיך ניט!"— האט
טהערעזע אין איין שמערצליכען טאָן אויס,
גערופען— ,,ערקלער דיך דייטליכער ;
איך בעט דיך מאַטער מיך ניט!"—

—,,זעה, זעה, וואס פאר פערשטאָ־
בענע א׳ יגען דאס האט, וויא דאָס מאכט
זיך ניט וויססענדיג!"— האט נאדיעזשדא
גריגאָריעווגא אויסגערופען און איהרע
אויגען האבען געשליידערט גיפט אונד
פונקען— ,,חלעבען, זיא שפיעלט איהר
ראָללע גאר ניט שלעכט, אַ שאָד וואס
זיא קומט ניט אָן אין טהעאַטער, זיא
וואָלט מאכען דעם גרעסטען פוררור,
טען וואלט איהר פערוואָרפען מיט בלו־
מען! אבער דוא האסט ניט געטראָפפען
דעם אָרט, מיין קרוינדעלע! איך בין אַ
ביסעל געשיידטער פאר דיר, פון מיר
ווערסט דוא ניכט בעהאלטען ! נעכטען
ביוא נאכט האב איך דיר נאכגעשפירט
און האב געזעהן, וויא דוא האסט דיך
מיט דעם שטיקעל שנאָררער, מיט גאָלד־
מאנען געקוויקט!..."—

וויא פון בליטץ געטראָפפען איז טהע־
רעזע געבליעבען שטיין אין מיטטען צי־
מער. זיא איז פורפור רויט געוואָרען,
אבער נאָר א קורצע ווייל'ע האט איהר
דיא פערלעגענהייט ענטוואָפנעט, דען
פלוצלונג האט זיא איהר שיינעם קאָפּ וויא
איינע שטאָלצע קעניגין אויפגעהויבען און
איהרע נאכט שוואַרצע אויגען האבען אין
א אונהיימליכען פייער אויפגעבליצט, און
זיא האט איהר מוטטער מיט ביטטערער
איראָניע געענטפערט:

—,,הא, איך גראטולירע דיר, מוט־
טער, מיט דיעזער נייע טוגענד, פון
דער מעלה, אז דוא קענסט שפּיאָנירען
האב איך גאָר ניט געוואוסט ! נאָר איינס
בעט איך דיך, ליעבע מוטטער, דוא
זאללסט מיין איבאאקען, דוא הערסט,
מ י י ן א י ס א אַ ק ע ן , און מיין גע־
גענוואָרט ניט בעליידיגען... און דעם
ווינקעל, אין וועלכען דוא האסט זיך
בעהאלטען אום אויסצושפּיאָנירען, האסט
דוא געוויס געזעהן און געהערט
אז איך ליעב איהם, אַלזאָ האסט דוא
קיין רעכט, איהם און מיין געגענוואָרט
צו בעליידיגען. זאָללסט עס מערקען !"—

יעטצט איז נאדיעשדאַ גריגאָריעווגאַ
רויט געוואָרען וויא אַ געקאָכטער ראַק
און איהרע אויגען האבען געשאָסען פונ־
קען. אייניגע מינוטען האט זיא טהערע־
זען מיט איהרע פינסטערע און שטע־
כענדע אויגען געמאָסטען פון קאָפּ ביז
דיא פיסס, דען איהר שטאָלצע אנט־
וואָרט האט איהר זייער שטאַרק איבער־
ראַשט, ווייל זיא האט איהר צאַרטע
און זאַנפטע מאָכטער אַזאַ מוטה און
שטאָלץ ניט צוגעטרויט, דאַן האט זיא
וויא אַ שטורעם ארויסגעפּלאַטצט :

— ,,וואס ? דוא האסט נאך אַ העזה
מיר צו ענטפערן ? !... דוא אונטער־
שטייהסט דיך נאך מיר אַנטקעגען צו

רײדען ? !... אױ, דוא שמיקעל װאָרעם! איך זאג דיר, טהערעזע, דוא שפּיעלסט מיט מיר אַ װײער געפעהרליכען שפּיעל... זעה נאָר צו, אז דוא זאללסט דערבײא ניט - ברעכען האלז און געניק! איך זאג דיר אײנמאָל פאַר אללע מאל דוא זאללסט אַװעקװאַרפען דײנע נאַרישע ראָמאַנסען מיט גאָלדמאַנען, װארום איך װעל מאַכען אַ פינסטערן כוף פון אײך בײדען... גוט אױסגעפיהרט, חלעבין! נאַ־דיר דיא שפּילינקע טהערעזע! זיא איז כלומרשט פרום, זיא רעדט דאכט זיך מיט גאָטט, און אין דער שטילל טהוט דאס אַב כל המעשים אין דער װעלט... אָ, דוא חצופה, דוא מרשעת! װאַרט נאָר, איך װעל דיר שױן װײזען װער עלטער איז!" —

דיא פײנע, דיא עלעגאַנטע װעלטדאַמע נאַדיעשדאַ גריגאָריעװנאַ איז װיא דורך אַ צױבער פערשװאונדען געװאָרען און אױף איהר אָרט האט זיך בעװיזען דיא אַמאָליגע מאַטלע גורלאנד, מיט איהרע גראָבע רײד פון װילנער אירעשער גאַסס.

— „איך בעט דיך נאך אײנמאָל, מוטטער" — האט זיך טהערעזע אבגערופען און דיא פריהערדיגע רוהע און קאלטבלוטיגקײט האט זיך צו איהר װיעדערגעקעהרט — „דוא זאללסט דיזען בעלײדיגענדען טאָן און דיזע מאַרקװײבערשפּראַכע אַװעקװאַרפען! דוא זאללסט מיר מיט קײן אײנציגעס װאָרט מײן הײסגעליעבטען איסאַאַקען בעלײדיגען. דוא זאללסט ניט מײנען, אַז איך בין אבהענגיג פון דיר. דוא האסט אין דעם אַ גרױסען טעות. איך בין פון קײנעם ניט אבהענגיג. װיא לאנג איך בין געזונד און שטארק, איך בין רײך און פיעללײכט נאך רײכער פון דיר, מוטטער, װארום מײן רײכטהום קען מען פון מיר ניט אװעקנעהמען; מײן רײכטהום איז דיא װיססענשאפט. איך קען אָהן מײנע עלטערן אױך עקסעסטירען. איך װעל האבען איבעראלל פון װאָנען צו לעבען. קײן סאַלאָנען, קײן זײד, קײן זאַמעט, קײן עקיפּאַזשען און קײנע גאַללאָנירטע לאַקײען, װיא דוא, דאַרף איך ניט און אם ענדע איז מײן איסאַאַק נאך אים שטאנדע פיר מיך צו זאָרגען!..." —

— „חאַ! חאַ! חאַ!" — האט נאדיעשדאַ גריגאָריעװנאַ אױסגעשאכען מיט אַ װילדען געלעכטער — „א י ה ר א י ס אַ א ק! און דוא גלױבסט װירקליך אז ער איז שױן דײנער?" —

— „זאָ װאהר, װיא עס גאָטט אין הימעל לעבט!" — האט איהר טהערעזע געענטפערט און איהרע אױגען האבען אין פרומע בעגײסטערונג אױפגעגלאַנצט —

— „און איך זאָג דיר, טהערעזא" — האט זיך נאדיעשדא גריגאָריעװנא אָבגערופען — אז דוא װעסט עס ניט

איינפיהרען! כל זמן איך לעב אויף דער וועלט, וועל איך ניט צולאזען, אז דוא זאללסט חתונה האבען מיט א אידען, מעגסט דיך איהם ליעבען אדער ניט. וואס גייט מיך אהן דיינע נארישע געפיהלען און דיינע פהאנטאזיעס?! איך וועל ניט צולאזען, אז אונזער נאמען. אונזער עהרע, אונזער שטאנד אין דער וועלט, אויף וועלכע מיר האבען אונז אזוי פיעל יאהרען געמאטערט, זאלל דורך דיין נארישע פהאנטאזיע צו גרונד גיין. דוא מוזט נאר מיט זוויעראווען חתינה האבען, דאס פארדערט אונזער לאגע. נאך דער חתונה מיט איהם, מעגסט דוא דיך האבען לייבעס אין ראמאנסען מעהר וויעפיעל דוא האסט האר אויף דיין קאפ און איך וועל דיר קיין איינציגעסווארט זאגען!" —

— „און איך זאג דיר, מוטער" — האט איהר טהערעזע קאלט געענטפערט — „אז אומזיסט איז דיין מיה; ווען איך וואללט אפילו גאלדמאנען נישט ליעבען, וואלט איך אויך מיט זוויעראווען ניט חתינה האבען. איך בין איין אידעש קינד און אזעלכע וועל איך בלייבען, מען מעג מיר אפילו צושניידען אויף שטיקער און בראטען אויף איין גליהענדען פייער, גאלדמאן געהערט מיר און איך איהם, קיינער קען איבער אונזערע הייליגע געפיהלען הערשען!" —

— „א, דערצו וועל איך שאן געפינען א מיטטעל!" — האט זיך נאדיעשוזדא גריגאריעוונא אבגערופען און האט איהר פאפיראס אנגעצונדען — „איין ווארט וועט גענוג זיין, מען זאלל איהם פון או-ניווערזיטעט אויסשליסען. וואס וועסט דוא דאמאלס טהאן?" —

— „דאס וועט דיר אויך גאנץ ווענינ העלפען!" — האט איהר טהערעזע גע-ענטפערט — „ער וועט איבערגעהן אין איין אנדער אוניווערזיטעט אונד וואו ער וועט זיין, וועל איך אויך זיין. איך זאג דיר נאך א מאל, ליעבע מוטטער, אז קיין זאך אין דער וועלט וועט מיך פון איהם ניט שיידען!" —

איינינע מינוט איז נאדיעושדא גרי-גאריעוונא אומגעגאנגען אין צוממער אהין און צוריק און האט געשוויגען. אין איהר ברוסט האט געקאכט און גע-זאטען וויא אין א טאפ אויף דעם פייער. זיא האט מלחמה געהאלטען מיט איין געדאנקען און ענדליך האט איהר דער געדאנקען גובר נעוועזען. זיא איז גע-בליבען שטיין און האט זיך אבגערופען:

— „נון מוז איך צום לעטצטען מיט-טעל גרייפען!... א לאנגע רייהע פון יאהרען האב איך יענעם געהיימנים גע-האלטען פערבארגען, מיין הערץ איז זיין שטוממער קבר געוועזען... יעטצט מוזט דוא ערפאהרען דאס, וואס קיינער אויף דער וועלט ווייס ניט און וואס איך האב גערעכענט מיט צו נעהמען מיט מיר אין קבר... זייא וויססען, טהערעזע, אז הערצעל לעווענבערג איז ניט דיין

אייגענטליכער פאטער... דיין פאטער איז איין אַ נ ד ע ר ע ר... יעטצט קלייב דיר אוים איינס פון דיא צוויא : אָדער צו בלייבען הערצעל לעווענבערגס טאכ-טער און זיין איינציגע רייכע ערבין, אדער חתנה צו האבען מיט גאלדמא-נען און בלייבען אויף אייביג איינע ארעמע און פעראכטעטע פרויא, פון וועלכע דיא גאנצע וועלט וועט זיך מיט פעראכטונג אבווענדען !" —

ויא פון אַ שרעקליכען דונער גע-טראָפען איז טהערעזא געבליבען שטיין אויף איהר אָרט און איין ווילדער גע-שרייא האט זיך פון איהר ברוסט אַרויס-געריסען. בלייך וויא דער טויט ועלבסט און מיט ווייט אויפגעריססענע אויגען האט זיא אויף איהר שרעקליכע, אונ-מענשליכע מוטטער געקוקט און האט אַ לאנגע צייט דיא שפראך ניט געפונען. ענדליך האט זיא אַרויסגעשטאַממעלט :

— „אזוי ? בין איך אַ מַמזר ?... איין קינד, וואס איז געבאָרען געוואָרען דורך איינע זינדע ?... אָ, איך מעג עס גלוי-בען !... איך גלויב דאס !... ווארום מיין איינענע מוטטער זאגט דאס מיר... נון, וועסט דוא מיר פיללייכט זאגען, ווער איז מיין פאטער, מיין נאַטירליכער פאטער ?" —

— „דיין נאַטירליכער פאטער איז — מ אָ ר י ט ץ ר י ט ט ע נ ב ע ר ג !" — האט איהר נאַדיעשזדאַ גריגאָריעוונאַ קאַלט און געלאסען געענטפערט —

— „מאָריטץ ריטטענבערג ?" — האט טהערעזע אויסגערופען און גאר דאס בלוט פון איהר גאַנצען קערפער איז איהר אריין אין געזיכט — „אָ, וואונדער גאָט-טעס ! איך האב איהם אללע מאָל גע-ליעבט וויא איין פאטער; ווייס דען מיין ריכטיגער פאטער אז איך בין זיין טאָכ-טער ?" —

— „געוויס ווייס ער !" — האט איהר נאַדיעשזדאַ גריגאָריעוונא געענטפערט — „אבער יעטצט זאָג מיר, טהערעזע, וואס קלייבסט דוא אוים ? ווילסט דוא בליי-בען הערצעל לעווענבערגס טאכטער מיט אַ גליקליכע צוקונפט, אדער בעקאננט צו ווערען אויף דער גאַנצער וועלט פאר אַ ממזר..." —

— „און דוא וועסט זיך גאר ניט שעמען צו ענטדעקען דיין יוגענדזינדע ?" — האט איהר טהערעזע געפרעגט און וואס וועט דיין מאנן דער צו זאגען ?" —

— „אך, וואס קימערט מיך דיא וועלט און מיין מאנן !" — האט איהר נאַדיעזשדא גריגאָריעוונאַ געענטפערט מיט אַ גרימאססע פון פעראכטונג — „אין דיא אַריסטאָקראַטישע ספהערען איז דאס גאָר קיין נייעס ניט. בייא א ו נ ז אריסטאָקראטען שעמט מען זיך מיט דעם גאָר ניט. נאָר איך וועל דאס גע-ווים קיינעם ניט ענטדעקען, אויב דוא וועסט איינוויללינגען מיט זוויעראָווען חתונה צו האבען. יעטצט קענסט דוא שוין איינזעהן, אז דוא ביזט ניט קיין

מיוחסת און האסט ניט מיט וואס צו שטאָלצירען.. גאלדמאנן וועט אויך ניט וועלען חתונה האבען מיט דיר, ווען ער וועט זיך דער פון דערוויסען...“ —

— „גענוג, גענוג, מוטטער, האב מיטלייד מיט מיר!“ — האט טהערעזע אויסגעשריען און איז געפאללען וויא איין אונטערגעהאקטער בוים אויף אַ שטוהל — „מעהר האב איך שוין קיין קרעפטען ניט... א, א, מיין גאטט, וויא עלענד, וויא אונגליקליך איך בין!...—

זיא האט איהר געזיכט צוגעדעקט מיט ביידע הענד און אַ ים הייסע טהרערין האבען זיך ארויסגעגאסען פון איהרע אויגען.

— „איך גייא טהערעזע“ — האט זיך נאדיעשזדא גריגאריעוונא אבגערופען — „און איך בין זיכער, אַז דוא וועסט דיך בעדיינקען און אויסקלייבען דעם בעסטען פאלל. מארגען וועלען מיר איבער דעם ווייטער ריידען און מאכען איין ענדע!“ —

טהערעזע איז געבליבען אלליין.

איהר איז געוועזען צו מוטה, אזו וויא יענעם פערארורטהיילטען צום טויט, ווען ער וואַכט אויף פון שלאף איין נאכט פאר דער הינריכטונג פון איין זיססען חלום: ער האט געטרוימט פון גליק און פריידען און פלוטצלונג דערזעהט ער דעם תליון, דיא תליה און דיא שטריק פאר דיא אויגען. זיא האט זיך אפילו קיינמאל ניט גערעכענט פאר גליקליך בייא איהרע עלטערן אין הויז, צווישען איהר און זייא איז געלעגען אַ טיפער אבגרונד, איינע קאלטע ענטפרעמדונג, אָבער זיא האט דאך געוואוסט, אז זיא האט אַ געוויסען נאמען און אַ געוויסען שטאנד אין דער געזעללשאפט, אונד יעטצט האט זיא מיט איינמאל אללעס פערלאָרען. יעטצט האט זיא שוין זייער גוט פערשטאַנען דיא אורזאכע וואָרום זיא האט קיינמאל ניט געפיהלט קיין סימפאטהיע און קיין נייגונג צו איהר פאטער. אין איהרע אָדערן פליסט ניט זיין בלוט און איהר מוטטער האט איהר געבאָרען דורך אַ ניעדעריגע זינדע. א, וויא גליקליך קען זיך שעטצען יעדע אָרעמע דינסטמיידעל! יענע וויים, ווער איהרע עלטערן זיינען, זיא ווייס אז זיא איז אַיין כשרה קינד, זיא קען יעדען מענשען גלייך אין דיא אויגען קוקען און דארף ניט רויט ווערען פון דעם איינציגען געדאנקען אלליין, דאס זיא איז אויף דער וועלט געקומען דורך זינדהאפטע, פערברעכערישע ליעבע... דיזע געדאנקען האבען איהר אלאַנגע צייט געמאַטטערט. וויא איין שטיינערנער בילד איז זיא געזעסען אויף איהר שטוהל שטומם און אונבעוועגליך. טויזענדע געדאנקען, איינער טרויעריגער פון אנדערן האבען אין איהר דורך געצויגען און זיא האט נאך אלס קיין געוויססען אַנהאַלטספונקט, קיין זיכערן מיטטעל צו איהר פערצווייפעלטער לאגע ניט געפונען.

— „וואס פאַנג איך יעטצט אן צו
ן?“ — האט זיא צו זיך זעלבסט
גט וויא פון איין שווערען שלאָף
וואַכענדיג — „בלייבען בייא מיין
איינטליכען פאטער, בייא הערצעל
ננבערג אין הויז, איז דאך מיר
עגליך, נאכדעם וויא איך וויים,
ר איז מיר אַווילד פרעמדער. גיין
ין נאַטירליכען פאטער, צו מאָריטץ
וענבערג און איהם אנצייגען מיינע
זע אלס טאָכטער? אָ, דאס איז
גאך שווערער! וויא זאלל איך
קוקען גלייך אין דיא אויגען. איך
איהם דאך ניט זאגען אז איך בין
אַ טאָכטער און מיט דעם איהם
ן צו פערשטיין אז איך מאך פרע-
אָנגען אויף זיין ירושה. אָ, איך
יא אונגליקליכסטע אויף דער וועלט!
רע מוטטערס דערשטיקען זייערע
היכע קינדער אדער ווארפען זייא
אין טייך; דאמיט בעפרייען זייא
אונגליקליכע נפשות פון אייביגע
ע, מיין מוטטער, דיא טיראנין,
מיר אויך דיזע פרייהייט ניט פער-
און האט מיך ערצויגען אויף
נע שאנד און פיין...“ —
„זאלל איך מיך צו נאַרמאנען
ען? אבער וועלכען רעכט האב
יעטצט, פון איהם פריינדשאפט און
ע צו פאָדערן? ווער בין איך

און ווער איז ע ר? איך בין אַ ממזר, אַ קינד פון דער זינדע און ער — איין ריינע אונשולדיגע זעעלע; איך מוז מיינע אויגען אַראָפּלאָזען פאר דעם ניעדריגסטען מענשען און ער קען דיא וועלט מיט שטאָלצע בליקען בעטראכטען און פערלאנגען, מען זאלל איהם צאהלען מיט אַכטונג און מיט עהרע. איהם קען קיין איינציגער מענש ניט בעליידיגען, כל־זמן ער פיהרט זיך אויף אָרענטליך מיט מענשען און אויף מיך קען יעדער ווארפען אַ שטיין און בעליידיגען, ווען איך זאלל אפילו זיין גוט און פרום וויא אַ מלאך. זאלל איך איהם נאַרען און ניט אויסזאָגען ווער איך בין און מיט איהם חתונה האבען? ניין, צו אַזאַ ניעדערטרעכטיגקייט בין איך ניט פעהיג! בעסער דערשטיקען דעם הייליגען פייער פון מיין ליעבע צו איהם אין מיין הערצען, בעסער מיך אָבזאגען פון דעם גליק יון פערשמאכטען אין עלענד, אלס אויף איהם ארוף צו וואַרפען אַזאַ שאנדפלעק, פון וועלכען ער וועט זיך זיין גאנצען לעבען ניט קענען רייניגען!...“ —

זיא איז האכטיג אויפגעשטאַנען פון איהר שטוהל און איז צוגעגאנגען צו איהר שרייבטיש. זיא האט גענומען פאַפּיער און האסטיג אויפגעשריעבען פאלגענדע צייל֫ען:

„האָכגעעהרטער הערר גאָלדמאַנן!

יחבת און האסט ניט מיט
...ם איין איינציגען פונק
מענשענליעבע אין אייער הערצען, בעט איך אייך איהר זאללט מיר פערצייהען און מיין ווארט וואס איך האב אייך געגעבען צוריק געבען. איך בין איינע העכסט אונגליקליכע און עלענדע מערכען און בין ניט ווערטה, בעגליקט צו ווערען מיט דיא ריינע ליעבע פון איינעם העכסט ארענטליכען מענשען וויא איהר זייט. איך בעט אייך, איהר זאללט בייא מיר קיינע ערקלערונג פערלאנגען און מיר אויסווייכען וויא איין אונווירדיגע. איהר זאללט מיר ניט זוכען, ווארום איך בין פאר אייך אויף אייביג פערלארען...

טהערעזע לעווענבערג".

זיא האט דעם בריף נאך איינמאל איבערגעלעזען, איין שמערצליכער געשרייא האט זיך פון איהר פערקלעממטע ברוסט ארויסגעריסען, דאן האט זיא דעם בריף פערזיגעלט, האט אנגעקלונגען צו איהר קאממערמעדכען און האט איהר געהייסען דעם בריף בעזארגען.

אלס זיא איז ווידער געבליבען אלליין, איז זיא אומגעגאנגען א לאנגע צייט אין צימער אויף און אב. פלוצלונג האט אין איהר איין געדאנקען אויפגעבליטצט, זיא איז געבליבען שטיין און האט אויסגערופען:

— „איך וויל קיינעם צו לאסט ניט פאלען. איך וועל זוכען מיין ברויט דורך אייגענע קראפט צו פערדיענען. פאר דער ערשטער צייט וועל איך בייא מיין פריינדין קלארא דאנציגער וואוינען, ביז איך וועל מיר אויסזוכען א שטעללע אלס גאווערנאנטין אין איין ריי-כע אידעשע הויז. מיר וועט דיעזע שטעללע ניט שווער זיין. יעדער מענש מוז פאר זיך זעלבסט ארבייטען און זוכען זיין גליק און פריעדען פיר זיך זעלבסט, איך וועל זוכען דעם זיסען ליעבעסטרוים צו פערגעסען, גיב נאר גאט, אז ער זאלל איהם אויך גיך פערגעסען און זוכען זיין גליק אויף אנדערע וועגען. אך מיין גאטט, וויא שרעקליך איז דער געדאנקען! נעכטען פערבונדען און היינט אבגעבונדען... וויא קורץ איז דאס מענשליכע גליק!"—

זיא האט אויפגעשריבען א קורצען בריעף צו איהר מוטטער און האט איהם געלאזט ליעגען אויף דעם טיש. דאן האט זיא האסטיג צוזאממענגעפאקט עטוואס פון איהרע קליידער און וועשצייג, האט מיטגענוממען איהרע ציערונג און אביסעל בארעם געלד וואס איז געלעגען בייא איהר אין שרייב-טיש און האט גאנץ אונבעמערקט פערלאזען איהר עלטערנס הויז...

---

ענדע דעם ערשטען טהיילעס.

